דר. א. קאַראַלניק

# דאָס בוך פון בלעטער

צווייטער טייל

פאַרלאג „אחיספר"
ביי געז. „צענטראל"
ווארשע נאוואליפקי 7.

# אינהאַלט:

# שעקספיר.

איך זע אַ סטאַטוע, די ווענוס אין דעם וואַטיקאַן, וואָס שטייט אין רוים אָדער דעם פאַרנעזישן הערקולעס, וואָס שטייט אין נעאַפּאָל. איך זע אַ בילד — מענטשלעכע געשטאַלטן, אויפגעפּאַסט און פאָרגע־שטעלט אַזוי ניי, אַזוי טיף. איך זע פאַרבן אַזוי אָריגינעל און באַ־צויבערנדיק צוזאַמענגעשטעלט—און איך פריי זיך. וואָס איז מיר דער חילוק, ווער דער קינסטלער איז, וואָס איז מיר די נפקא־מינה, צי האָט ער געטראָגן דעם נאָמען אָדער אַן אַנדערן, אין אַ וואָסער צייט ער האָט געלעבט, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. מאַכט עס מיך רייכער, טיפער, פאַרשטיי איך בעסער דאָס קונסטווערק? ווי אַ באַרג, ווי אַ בלאָק פון מירמלשטיין, ווי אַ בוים שטייט דאָס קונסטווערק אַליין, איינזאַם, ווי אַלצדינג אין דער וועלט, ווי יעדעס באַשעפעניש. דעם טיפסטן סוד טראָגט עס אין זיך אַליין. און נאָר פון מענטש צו מענטש, פון נשמה צו נשמה קען מען עס פילן. וואָרים דער העכסטער וועג פון קומען צו קונסט איז דאָס דערפילן זי. ווי דער העכסטער און איינציקער וועג צום לעבעדיקן מענטשן, צו יעדן „ניכט־איך". נאָר לעבן דעם גרויסן און שמאָלן וועג זענען פאַראַן ברייטערע, קלענערע וועגן און סטעזשקעס, דורך וועלכע מיר קומען צו קונסט. און איינער פון זיי — דאָס פאַרשטיין פון די אויסערע סיבות, וואָס האָבן באַגלייט דעם שאַפונספּראָצעס פון דעם דיכטער, דעם קאָלאָריט פון זיין צייט, די אויסערע געשיכטע פון זיין סביבה. אָפט מוז מען די קלענערע, ברייטערע וועגן דורכוואַנדערן, איידער מען קומט צום סוד פון דעם איינציקן וועג...

שעקספּיר, דער רייכסטער און ברייטסטער דיכטער פון אַלע צייטן, שטייט אייגנטלעך אויסער יעדער סביבה. איז האַמלעט אָדער אָטעלאָ אָדער קאָרדעליאַ אָדער קאַליבאַן — זענען אַלע גרויסע, אייביק-מענטשלעכע, נשמה-סימבאָלן אָפּהענגיק פון אַ צייט אָדער פון אַ באַשטימטן פּלאַץ? לעגענדן, וואָס זענען די עלטער אַליין, גרייז-גרוי, ווי דער מענטש, און יונג, ווי ער. זיי זענען נישט געבונדן אין אַ צייט. היינט אַזוי פריש און הייס, ווי פאַר דריי הונדערט יאָר און מאָרגן מן-הסתם ווייטער יונג און פריש, ווי היינט. ווי אַלע גרויסע פּראָבלעמען און דערשיינונגען פון דעם יסודותדיקן מענטשלעכן לעבן: ליבע, האַס, קנאה, שנאה, קלוגהייט און נאַרישקייט, אינטעלעקט און געפיל. אַז איר לעזט די גרויסע אַלט-גריכישע דראַמאַטיקער — עסכיל, סאָפאָקל, עווריפּיד—מוזט איר, נישט ווילנדיק, תמיד געדענקען אָן דער צייט, אין וועלכער זיי זענען באַשאַפן געוואָרן, ווייל זיי זענען געגרינדעט אויף אַ געוויסן קרייז פון אידעען און לעבנס-באַגריפן וואָס זענען אונז פרעמד. פרעמדע אמונות, ווייטע פאָרשטעלונגען איבער דעם לעבן. אַפילו די אַלגעמיין-מענטשלעכסטע פון די אַנטיקן-דראַמען — די „אַנטיגאָנע" — איז אויך צונויפגעבונדן מיט אַ באַשטימטער אַלט-רעליגיעזער אידעע.

ביי שעקספּירן איז נישטאָ קיין איין אידעע, ס'איז אַ ים, ס'איז דאָס לעבן אַליין מיט אַלע זיינע ווידערשפּרוכן, מיט אַלע זיינע יאָ און ניין, מיט זיין קינדישן לאַכן און אַלט-קלוגן שמייכל. אַלצדינג געפינט מען דאָרט. ס'איז אַ ים. און האָט אַ ים אַ היסטאָריע?

שעקספּירס לעבן מיט זיין גאַנצער רעטענישדיקייט איז שוין אַליין אַ סימבאָל, אַ מין שליסל צו שעקספּירס קונסט. ווער איז ער געווען? וואָס ווייסן מיר פון אים, דעם נשמה-רייכסטן פון אַלע מענטשן? מיר ווייסן כמעט גאָרנישט. און דאָס ביסעלע, וואָס איז אונז איבערגעגעבן געוואָרן, פּאַסט אַזוי ווייניק מיט דעם שעקספּיר, וואָס מיר קענען. אַן אומגעבילדעטער, אַ געוויינלעכער שוישפּילער, אַ געלט-ליבהאָבער, כמעט אַ קמצן, שוין אין די מיטעלערע יאָרן צוריקגעצויגן זיך פון דעם „געשעפט", געקויפט זיך אַ נחלה אין זיין שטעטל, געוואָרן אַ קליין באַלעבעסל, געלאָדן זיך מיט אַ שכן איבער אַ פּאָר שילינגס, איבערגעלאָזט אַ חוצפּהדיקע, כמעט עם-הארצדיקע צוואה — דאָס איז ווילי‍אַם שעקספּיר דער מענטש, דאָס ווייסן מיר פון אים. איז דען אַ וואונדער, אַז אַ סך מענטשן זענען

מסופק, צי איז טאַקע אָט דער וויליאַם שעקספּיר אונזער שעקספּיר, דער דיכטער פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר אַלע צייטן, דער גרויסער דיאַלעקטיקער פון דער מענטשן-נשמה? איז דען אַ חידוש, וואָס געלערנטע חוקרים זוכן נאָך דעם „ריכטיקן" שעקספּיר, טרעפן אויף דעם אָדער אויף יענעם פון זיינע בני-דור, אויף פראַנסיס בעקאָן, דעם פילאָזאָף, אויף לאָרד רוטלאַנד, אויף אַנטאָני בעקאָן און נאָך אַנדערע?

שעקספּיר איז אַ רעטעניש, זיין שאַפן איז אַ רעטעניש. דורכ-דרינגען ביז זיין טיפן סוד וועלן מיר קיינמאָל נישט קענען. מיר קענען אים נאָר אונז פאָרשטעלן, מער צי ווייניקער, אין שפּיגל פון זיין טויט.

ס'איז געווען די שטאַרקסטע און אינטערעסאַנטסטע צייט פון דעם ענגלישן לעבן—דער ענגלישער רענעסאַנס. דער איז אַהינצו גע-קומען שפּעטער, ווי קיין דרום-אייראָפּע. דאָס פופצעטע און זעכצעטע יאָרהונדערט איז פאַר אייראָפּע געווען דער גרויסער פרילינג. ער האָט זיך אָנגעהייבן אין איטאַליע, אַריבערגעוואָרפן זיך קיין פראַנק-רייך, קיין שפּאַניע — ביז ער איז געקומען קיין ענגלאַנד. אין איטלעכן לאַנד האָט ער אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. אין איטאַליע האָט דער מיט זיך געבראַכט דעם אויפשוואונג פון בילדערקונסט, מאַ-לעריי, סקולפּטור און וויסנשאַפט. אין ענגלאַנד האָט דער אָנגענומען אַ רעליגיעז-פּאָליטישע פאָרם.

אין איטאַליע איז דאָס געווען אַ „רענעסאַנס", ד. ה. אַ ווידער-געבוירן ווערן, אַ תחית-המתים פון אַן אַלטער, פאַרגראָבענער, אָפּגע-שטאָרבענער קולטור. אין ענגלאַנד איז דאָס געווען אַ „רעפאָרמאַציע", אַן אומגעשטאַלטונג, אַן אומגיסונג פון די לעבנספאָרמען, וואָס זענען ביז אַהינצו געווען. דער ענגלענדער איז בטבע נישט קיין צעשטערער. ער האָט פיינט פלעצלעכע ענדערונגען. ווי די ענגלישע ליכט-עפעקטן זענען נישט שאַרף, האָבן נישט קיין פלעצלעכע איבערגעענג, נאָר באַ-האַלטן אַפילו אין ליכט אַ ביסל פון טונקל, און דאָס טונקל זאָל נישט זיין פעך-שוואַרץ, אַזוי איז דער ענגלישער טעמפּעראַמענט, די ענגלישע קולטור בכלל. אַ פאָלק פון מערקווירדיקע היפּוכים, — מיט דער שטאַרקסטער פאַנטאַזיע און פאַרחלומטקייט, מיט דעם שטאַרקסטן ליריזם און מיט אַזאַ געזונטן, פאַרביסענעם, טרוקן-פּראַקטישן זין. אַ פאָלק אָן אַ טיפן אינטעלעקט, אָבער מיט געוואַלדיק שטאַרקע איב-

סטינקטן. דערפֿאַר איז זייער פֿילאָזאָפֿיע אָרעם, אָבער זייער פּאָעזיע אַזוי רייך און אמת...

די צייט פֿון שעקספּירן, די צייט פֿון קעניגין עליזאַבעט, ווי מען רופֿט אָן געוויינלעך די שעקספּיר־עפּאָכע, דאָס זעכצעטע יאָרהונדערט, איז געווען אַן איבערגאַנג־צייט. דעמאָלט האָט זיך אייגנטלעך געענדיקט דער גרויסער פּראָצעס פֿון דער נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע, דאָס צוזאַמענוואַקסן פֿון די דריי גרונט־עלעמענטן אין ענגלישן פֿאָלק — דעם קעלטישן, דעם גערמאַנישן (דעם סאַקסאָנישן) און דעם פֿראַנצויזיש־נאָרמאַנישן. דריי קולטורן, דריי פּסיכישע ראַסן. עס האָט געדויערט לאַנג — אַ סך הונדערטער יאָרן ביז די דריי פֿלאַסטן האָבן זיך אויף שטענדיק פֿאַרהעפֿט און געבילדעט איין פֿונדאַמענט. אַ פּאָר הונדערט יאָר פֿאַר דער עליזאַבעטינישער צייט, אין דעם פֿערצעטן יאָרהונדערט האָט דער געבילדעטער, דער רייכער קלאַס אין ענגלאַנד גערעדט פֿראַנצויזיש און געשריבן לאַטייניש. דער גרויסער מיטל־אַלטערלעכער דיכטער פֿון ענגלאַנד, טשאָוסער, זאָגט אין איינעם פֿון זיינע סאָנעטן איבער אַ דאַמע: „זי האָט גערעדט פֿראַנצויזיש, ווי מען האָט עס געלערנט אין די שולן פֿון סטראַטפֿאָרד, דאָס פּאַריזער אָבער האָט זי נישט פֿאַרשטאַנען". די פֿראַנצויזישע קולטור אין פֿראַנקרייך און די פֿראַנצויזישע קולטור אין ענגלאַנד האָבן קיין שום שייכות נישט געהאַט, זענען געגאַנגען אין פֿאַרשידענע וועגן. אָבער דער פֿראַנצויזישער אַריסטאָקראַטישער איינפֿלוס האָט אַ לאַנגע צייט אויפֿגעהאַלטן און פֿאַרהאַמפּערט דאָס אויסשפּרייטן זיך פֿון דער אייגן־ענגלישער אינדיווידואַליטעט מיט אַלע אירע חסרונות און מעלות. מיט טשאָוסער און זיינע „קענטעבערי לידער" האָט זיך אָנגעהייבן די אייגענע ענגלישע קונסט. טשאָוסער איז געווען, ווי אַן ענגלישער דיכטער פֿון 17־טן יאָרהונדערט האָט אים אָנגערופֿן, „דער טאָג־ברענגער". ער שטייט ביים זונאויפֿגאַנג פֿון דער ענגלישער קולטור. און זי איז געוואַקסן און ברייטער, קרעפֿטיקער געוואָרן. ענגלאַנד, אַלס פּאָליטישער אָרגאַניזם, האָט באַקומען אַלץ מער כּוח, איז געוואָרן רייכער, און דער אינדיווידועלער ענגלענדער האָט געוווּנען רחבת־ידים, ברייטקייט, גבירישקייט, לעבנסלוסט. דער ענגלענדער פֿון דעם מיטלאַלטער, ווי דער מיטלאַלטערלעכער אייראָפּעער בכלל, איז געווען אָדער הער, דער פֿעאָדאַלער באַראָן, אָדער „סעדריק דער קנעכט" מיט דער קו־גלאָק אויפֿן האַלדז, ווי קאַרלייל האָט עס אַמאָל מיט ביטערער און גליענדיקער

סאַטירע באַשריבן. צווישן די קלאַסן איז געווען אַ תהום. די פּאָליטישע קערפּערשאַפט האָט זיך נאָך נישט אַנטוויקלט צו אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער. די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון ענגלאַנד האָט מיט זיך געבראַכט פריער, ווי אין דעם איבעריקן אייראָפּע אַ צוזאַמענשטויס פון די קלאַסן, אַ באַפרייונג פון דעם אינדיווידואום. בשעת אין פראַנקרייך און אין דעם איבעריקן אייראָפּע, — אַ חוץ איטאַליע — האָט געהערשט דער שטאַרקער פעאָדאַליזם, האָט אין ענגלאַנד שוין אָנגעהייבן צו שפּילן די גרויסע ראָלע דער מיטעלערער קלאַס, די בורזשואַזיע, דער קליינאַדל („דזשענטרא״), האָט זיך אָנגעהייבן אַן ענדערונג אין דער סאָציאַלער סטרוקטור. ראָמאַנען און גערמאַנען און קעלטן, אַדעליקע און בירגערלעכע — אַלע אינאיינעם האָבן געבילדעט איין גאַנצן, זעלבסטבאַוווסטן נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם. ענגלאַנד איז דעמאָלט אַרייַנגעטראָטן אין דער ערשטער צייט פון איר וועלטהערשאַפט. אין 1588 האָט פיליפּ דער קאַטוילישער, פון אראגאָן און קאַסטיליע, דער בלוטיקער קעניג פון שפּאַניע, געוואָלט גובר זיין ענגלאַנד, גובר זיין דעם פּראָטעסטאַנטישן געדאַנק אין דער קריסטלעכער וועלט. ענגלאַנד איז דעמאָלט געשטאַנען אויף דער וואָגשאָל. אַלע שאַנסן זענען געווען פאַר שפּאַניע און קעגן ענגלאַנד. שפּאַניע איז געווען גרעסער, רייכער, האָט געהאַט דעם גרעסטן פלאָט. ענגלאַנד איז ניצול געוואָרן דורך אַ שטורעם אויף דעם ים, כמעט אָן אייגענע כוחות. עס קלינגט, ווי אַ לעגענדע, דאָס האָט אָבער באַשטימט דאָס גאַנצע ווייטערע לעבן פון דער ענגלישער נאַציע. אַ שטאַרקייט, אַ גוואַלדיקער מוט איז געקומען איבער דעם ענגלענדער, אַ לוסט צו אַוואַנטורעס, צו געוואַגטע רייזן, צו פרעמדע לענדער, שפּראַכן, קולטורן. אין דער גאַנצער וועלט האָט מען דעמאָלט געזען ענגלישע סוחרים, ענגלישע רייזנדער, ענגלישע שיפער: אין ווענעדיק און אין מאַדריד, אין פּאַריז און אין קעלן, אין מאָסקווע ביי איוואַן דעם שרעקלעכן און אין די ווייטע סטעפּן פון פּערסיע. און די ענגלענדער סער וואָלטער ראַלעי און פרענסיס דרעיק האָבן זיך אויך אין דער נייער וועלט געלאָזט. אַלע האָבן זיי מיטגעבראַכט אַהיים, קיין לאָנדאָן, נייע מנהגים, נייע מאָדעס, נייע ווערטער און — געלט, געלט. אין דער גאַנצער וועלטגעשיכטע איז כמעט נישטאָ אַזאַ צייט, וואָס זאָל זיין אַזוי שטאַרק, רייך און פריילעך, ווי דער קורצער פּעריאָד צווישן דער ענגלישער רעפאָרמאַציע און דער ענגלישער רעוואָלוציע, אַדער גענויער געזאָגט — צווישן דער עליזאַבעטינישער און דער

קראָמוועלישער צייט. אין איטאַליע האָט דער קאַטאָליציזם אָפּט געהינדערט די פרייע אַנטוויקלונג פון דעם מענטשן. אין ענגלאַנד האָט אין דער שעקספּיר-צייט די רעליגיע קיין ראָלע נישט געשפּילט. דער קאַטאָליציזם איז באַזיגט געוואָרן, אָבער דער פּוריטאַניזם — ענגלאַנדס גרעסטער אומגליק — האָט נישט באַקומען די שליטה איבער ענגלאַנד. מען איז אין לאָנדאָן נאָך געווען פריי אין יענער צייט און דערפאַר איז דער אידעאַל פון יענער צייט געווען — נישט דער קריסטלעכער, דער מאָראַליש-אַסקעטישער מענטש, נאָר דער פריי און אַלזייטיק אַנטוויקלטער, נאַטירלעכער מענטש, דער „אדם השלום".

דער בעסטער — פאַר שעקספּירישער — דיכטער פון דער צייט, עדמונד ספּענסער, האט אין זיין שיינער אַלעגאָרישער פּאָעמע „פעערי קווין" (די פייען-קעניגין) אויסגעמאָלט דעם אידעאַלן טיפּ פון דעם צייט-מענטש. סער גלעד, דער באַליבטער אַלט-ענגלישער לעגענדן-העלד, פאַרלירט זיין קריסטלעכע קליינקייט, ווערט „דזשענטל", איידל, גוט, „נוה על הבריות", צוגלייך אָבער אַ מענטש, נישט קיין שאָטן פון אַ אידעע.

פון איין זייט ספּענסער מיט זיין לערע פון „דזשענטלעס", פון דער אַנדערער זייט אָבער קריסטאָף מאַרלאָו, דער געניאַלער וואַגאַבונד, דער אמתער רענעסאַנס-מענטש אויפן ענגלישן באָדן, ליידנשאַפטלעך-ווילד אין זיין באַגערן און גרענצלאָז אין זיין ווילן. אַ לייקענער פון אַלע טראַדיציעס, פול לעבנסלוסט, פול מיט אַ שטאַרקער הילכיקער מעלאָדיע, אַ ווילנסמענטש, אַ תאווה-מענטש, אַ מענטש פון שטאַרקע עפעקטן, פון רייכע פאַרבן, גלייך ווי ער וואָלט געשטאַנען אין אַ הייסן זומערטאָג אין דער גליענדיקער זון צו מיטאָגצייט און וואָלט געווען פאַרשיכורט פון דער זון.

עס איז געווען ענגלאַנדס הייסע מיטאָג-שעה, און דאָס בלוט פון יענע מענטשן איז געווען הייס און רויט. קונסט לעשט ליידנשאַפטן, אָבער שכל רעגולירט זיי. ענגלאַנד האָט נישט געהאַט דעמאָלט קיין קינסטלערישן טעמפּעראַמענט, אָבער אַ פּראַקטישן שכל, אַ שטאַרקן ניכטערן פאַרשטאַנד.

לאָרד ביקאָן איז געווען ענגלאַנדס מוח; ספּענסער, מארלאו, ביקאן — איך רוף אָן נאָר דריי רעפּרעזענטאַטיווע, סימבאָלישע נעמען — דאָס זענען געווען די דריי עלעמענטן פון שעקספּירס שאַפן. אָדער, בעסער געזאָגט, די דריי וועגן, אויף וועלכע שעקספּירס דור איז צו-

געטרעטן צו זיין גרויסן טורעם. און אויך מיר קענען ברייטער אויפ־פאַסן, ווען מיר קומען צו אים צו פון היסטאָרישן וועג.

איך ווייס נישט, צי פאַרשטייען מיר אים דעמאָלט בעסער. עמערסאָן האָט ריכטיק געזאָגט: „די געשיכטע, וועלכע שעקספיר מאָלט, איז געווען אין דער ווירקלעכקייט אָרעמער, איידער ער האָט זי געזען". די ווירקלעכע עליזאַבעט אָדער דזשיימס אָדער לואיס זענען געווען געמאָלטע שטעקלעך פאַר דעם מכשף.

די צייט פון שעקספיר דערקלערט אונז נישט די נשמה פון שעקספיר. אָבער דער שפיגל, וואָס שעקספיר האָט אונז געלאָזט, האָט זיין צייט געמאַכט רייך און פרעכטיק און גראַנדיעז. די גרעסטע דאַנקבאַרקייט פון אַ מענטש צו זיין דור — מאַכן נישט נאָר זיך, נאָר זיין גאַנצע צייט פאַר אַ שיינער, אייביק־יונגער לעגענדע.

# העגריק איבסען.

## 1

„דער גרעסטער אמת פון דער זאַך איז: די היינטיקע איירא־פעישע ליטעראַטור און מוזיק בילדן אַ ביבל פאַר זיך אַליין, וואָס האָט פאַר אונדז אַ גרעסערע באַדייטונג, ווי די אַלטע העברעיִשע ביבל... איך גלויב, אַז איבסען האָט באוויזן דאָס רעכט פון דער דראַמע אויף דעם ראַנג פון הייליקע שריפטן – און זיין אייגן רעכט אויף איינעם פון די גרויסע נביאים פון דער מאָדערנער ביבל".

עס זענען ווערטער, וואָס קלינגען, ווי שווערע זילבערגלאָקן – ווערטער, ווי אויף שילערס „גלאָק": „וויוואָס וואָקאָ, מאָרטואָס פּלאַנגאָ"– די לעבעדיקע רוף איך, די טויטע באַוויין איך.

בערנאַרד שאָו – נישט קיין קלענערער ענטוזיאַסט – האָט זיי געזאָגט אין זיין „קווינטעסענץ פון איבסעניזם" מיט 50 יאָר צוריק. און פינף און דרייסיק יאָר שפּעטער – אין 1913 – האָט ער זיי געלאָזט שטיין, די ווערטער פון זיין יונגן ענטוזיאַזם, זיין קולטור און אי־דעאַל־שטורמען.

פופצן יאָר – די טראַגישסטע יאָרן פון דער מאָדערנער געשיכטע – זענען פאַרגאַנגען. אַנדערע זאָרגן האָבן פּאַרוואָלקנט די מענטשן־שטערנס. אַנדערע שטורעמס – און אויך אַנדערע אידעען. און אין די פופצן יאָר האָט מען פאַרגעסן אָן איבסענען – ווי מען האָט פאַרגעסן אָן אַ סך אַנדערע זאַכן.

מען האָט זיך דערמאָנט אָן אים – אַזוי צו זאָגן.–קאַלענדאַריש, צו הונדערט יאָר זינט ער איז געבוירן געוואָרן – אין זיין קליינער

שטאָט, סקיען נאָרוועגען, זיין פאָטערלאַנד. גאַנץ סקאַנדינאַוויע איז יום־טובדיק געשטימט. געווען אַ שטאַטס־יובילײ. אַ פאָלקס־יום־טוב, אַ רעגירונגס־צערעמאָניע. אָסלאָ, — אָדער ווי עס האָט אין איבסענס צייטן געהייסן — קריסטיאַנאַ, — שיין אילומינירט, רעדעס ווערן געהאַלטן, — פּראָפעסאָרן אין שוואַרצע טאַלאַכן זאָגן שבחים, דעלע־גאַציעס קומען פון אַלע לענדער, אַפילו פון אַמעריקע, פון דעם לאַנד, וווּ — ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן איבסענען — „די מענטשן זענען נישט גוט". גוטע מענטשן קומען. פיינע מענטשן, מענטשן, וואָס דינען געטריי דעם שטאַט און די פאַרשידענע געזעלשאַפטן—פון קאַפּיטאַל און פון אידעאַל, — עס איז דאָך דאָס אייגענע, — מיט איין וואָרט, „די זיילן פון דער געזעלשאַפט". און זיי רעדן אַלע, און זיי לויבן אלע דעם, וואָס האָט פון זיי אַלע חוזק געמאַכט ביים לעבן, זייער ערגסטן שונא — הענריק איבסען. די געזעלשאַפט האָט גענומען נקמה אָן איר קעגנער — זי האָט אַריינגעשטעלט זיין ארון אין אַ פּאַנטעאָן.

אַזוי איז שוין דער מנהג פון די, וואָס קאָנען זיך נישט ווערן. מען שניידט אים די האָר, שמשונען—און מען מאַכט אים אַזוי שוואַך ווי מעגלעך. און דערנאָך ברענט מען אים אויס די אויגן — כדי ער זאָל נישט זען מער, ווי די אַנדערע, כדי ער זאָל ווערן פונקט אַזוי בלינד, ווי אַלע. דער היסטאָרישער פּראָצעס איז אַזוי: קומט צווישן בלינדע אַן איין־אויגיקער — שטורמען זיי אַנטקעגן אים, שלאָגן אים מיט זייערע שטעקנס — און דווקא אין זיין זעענדיקן אויג. און ווען זיי פילן, אַז ער איז שוין אויך בלינד — דעמאָלט קרוינען זיי אים פאַר דעם קעניג: ער איז דאָך אַ יחסן—ער האָט דאָך אַ מאָל געזען.

און רעדט מען אויפן מאַרק, אין דער גאַס פון „נביאים" — וואָס פאַר נביאים עס זאָלן נישט זיין—ווייסט, אַז מען האָט זיי פאַר־געסן. און ליגט מען צעשפּרייט אויף זייערע קברים — הייסט עס, אַז זיי, די נביאים, זענען ווידעראַמאָל געשטאָרבן — אָן „השארת הנפש".

איז איבסען שוין אויך אַזוי טויט? נאָך אַ פאָר יאָר, נאָך אַ קורצן שפּאַן — פאַרגעסן און פאַרשוואונדן?

איך האָב מורא, אַז עס איז אַזוי. קיינער קעמפט נישט מער אַנטקעגן אים, קיינער האָט אים נישט מער פיינט. איז עס דערפאַר, וואָס ער זאָגט שוין נישט קיינעם גאָרנישט?

מיט צוואַנציק־דרייסיק יאָר צוריק: אַ לעבעדיקע קראַפט. דע־מאָלט איז עס נאָך מעגלעך געווען, אַז אַן איבסען־פאַרשטעלונג זאָל

זיין אַ „שלאַכטפעלד״—מאַראַליסטן קריצן מיט די ציין, יונגע, מוטיקע מענטשן ווערן באַגייסטערט. טוגענד-פאַרקערפערונגען.—עס מאַכט נישט אויס, צי זיי טראָגן פראַקן אָדער אַרבעטער-בלוזעס,—קרימען די נעז: אַזויגערופענע רעוואָלוציאָנערן ווערן נאָך רויטער און פאַרפלאָמטער.

נאָראַ! אַ סימבאָל פון פרויען-עמאַנציפּאַציע. העדאַ גאַבלער — אַ סימבאָל פון, — איך ווייס אַליין נישט וואָס, — לאָמיר זאָגן, פון דער פרוי, וואָס וויל „מאַכט״ און די „פרוי פון ים״, די זיסע, פיינע עלידאַ—דער סימבאָל פון דער פרוי, וואָס גאַרט נאָך פרייהייט, נאָך זעלבסטבאַשטימונג א. אַז. וו.

אין יעדער דראַמע — אַ פּראָבלעם. און פאַר יעדן פּראָבלעם האָט מען געקעמפט, אויסגעקעמפט. אַזוי וויט — אַז דאָס גאַנצע פּראָבלעם ווייזט זיך אונז אויס נישט בלויז פאַרעלטערט, נאָר גאָר נישט פאַראַן. עמאַנציפּאַציע פון פרויען? פונקט ווי מען זאָל רעדן וועגן „פרייהייט פון גלויבן״, מהיכי-תיתי — גלויבט אייך אין וואָס איר ווילט, ווע מען אַרט עס? די פראַגע איז נאָר: גלויבט איר דען בכלל איצט, ווען איר האָט די פרייהייט? עמאַנציפּאַציע? עס איז שוין נישט נאָר נישט מער קיין פּראָבלעם, עס איז אַ פאַקט, וואָס האָט אין זיך אַ ניי פּראָבלעם. עמאַנציפּאַציע? אָבער וואָס זאָל די פרוי טאָן מיט איר עמאַנציפּאַציע און מיט איר פרייהייט, איר ווילן און איר זעלבסטבאַשטימונג? און פאַרוואָס די פרוי אַליין? וואָס טוען מענער, וואָס טוט דער מענטש בכלל מיט זיין פרייהייט?

מען רעדט פון איבסענס „טעכניק״, פון זיין נייער דראַמאַטישער פאָרם. איז ווידעראַמאָל פרעגט דער היינטיקער מענטש: איז דאָס ניי? איז דאָס די פאָרם, וואָס מיר זוכן? די פאָרם, וואָס זאָל קאָנען אַריינגעמען אין זיך די גאַנצע אַטאָמישע ווירקלעכקייט, אויפלייזן — און אויסלייזן — די ווידערשפּרוכן, שאַפן די אילוזיע פון עפּעס אַ מין איינהייט אין דער צעריסענער וועלט.

פראַגעס אויף פראַגעס — און דווקא ביי די, צו וועמען הענריק איבסען האָט גערעדט, די, וואָס ער האָט געמיינט, וואָס ער האָט אין זין געהאַט. די פּראָפעסאָרן און די צעפרידענע, די פאַרגליווערטע און די שטיין געבליבענע „פייערן״ אים. פער גינט ווערט געקרוינט פון די „טראָלס״, די קאַרליקעס אין די בערג און ער איז צעפרידן? און ער לויפט נישט אַוועק אַ דערשראָקענער, אַ פאַרצווייפלטער?

יאָ? ניין? איך ווייס נישט.

און דאָ איז אפשר דער גרונט-אונטערשיד צווישן די אַלטע נביאים און די מאָדערנע, ווי בערנאַרד שאו וויל אַריינשטעלן איבּ-סענען. די אַלטע זענען אַנטלאָפן, די נייע בלייבן. די אַלטע האָבן אָפּגעזאָגט זייערס—און נישט דערזאָגט. און ווייל נישט אויסגעשעפּט—זיך באַהאַלטן, און קיינער ווייסט נישט ווו זייער קבר איז. זייער קבר — פון דעם גייסט, פון דעם קוואַל. נענטער צו אונז? עס קאָן זיין. אָבער ווייל נענטער — אויך קלענער. נענטער די האָריזאָנטן — און די פּערספּעקטיווע פעלט.

וואָס איז עס, וואָס מאַכט מענטשן גרויס? נישט דאָס, וואָס זיי טוען — נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט. דאָס נישט דערזאָרגטע, דאָס בלויז פאַרטראַכטע, דער רמז. און דערמיט איז אַ קינסטלער — דער אמתער, דער באַשאָנקענער — אַזוי ווערטפול, וואָס ער וויל מער, ווי ער קאָן. און ווייל זיין קאָנען איז אַזוי טורעם-הויך איבער דעם, וואָס מיר, אַנדערע, רופן אָן קאָנען — ווערט זייער ווען אַ ווייטער באַרגשפּיץ — שניי אויף די אַלפּן. אַ סכנה צו אים צוקומען, אָבער אַן אייביקע בענקשאַפט.

דער קינסטלער איז אויפריכטיק, און דערפאַר איז ער אָן אַ סיסטעם אין דענקען, ווי אין לעבן. און ניצשע האָט באַוויזן זיין קינסטלערשאַפט, ווען ער האָט געזאָגט: „דער ווילן צום סיסטעם איז אַ סימן פון נישט אויפריכטיקייט און דענקען". און אַ סיסטעם אין לעבן — צי דאָס איז מאָראַל אָדער סאָציאַלע פאָרם — איז אויך אומאויפריכטיקייט. און וואָס איז אויפריכטיקייט? מוט, נישט מורא האָבן פאַר קאָנסעקווענצן, נישט שרעקן זיך פאַר תהומען און פאַר ליידן און פאַר יאוש. ריכטיקער — די לייקענונג פון דעם יאוש. נאָר דער קען זיך מתיאש זיין, וואָס גלויבט אין עפּעס אַ פאַרטיקייט. דער מוטיקער ווייסט, אַז אילוזיע איז ווירקלעכקייט און ווירקלעכקייט איז אילוזיע, אַז האָפן און זיין איז דאָס אייגענע — מען דאַרף נאָר נישט שטעלן קיין גרענעצן.

אַנדערש: מען דאַרף נישט האָבן קיין אידעאַלן.

מען האָט עס שוין געזאָגט — בערנאַרד שאו און געאָרג בראַנ-דעס און די אומצייליקע איבסען-קריטיקער: איבסענס גרויסער, עפּאָכע-מאַכנדיקער פאַרדינסט איז זיין קאַמף אַקעגן די אידעאַלן. דראַמע נאָך דראַמע — אייננאַיינציקער קאַמפּפראָנט. וואָס זענען געווען די אידעאַלן פון זיין צייט, פון זיין סביבה, פון דער קולטור,

וואָס האָט אים אויפגעצויגן? ער איז אַ נאָרוועגער — און אַ זון פון אַ דייטשער מוטער. אַן עכטער „צפון-מענטש", אַ „גערמאַנע". נאָר-וועגער—אַזוי נאָענט צו די ענגלענדער—נישט נאָר געאָגראַפיש, נישט בלויז היסטאָריש, נאָר אויך גייסטיק, אין כאַראַקטער. די אייגענע ליבע צום ים, צו אַוואַנטורעס, צו שווער-בלוטיקע, זייער פיזישע פאַר-געניגנס, צוגעווירצט מיט דעם מערקווירדיקן „גערמאַנישן" עלעמענט: חרטה, אַ לעבן געטיילט אין צוויי טיילן. פון איין זייט: ברוטאַלי-טעט, ווילדע, עלעמענטאַרישע קראַפט. ווי דער ים, ווי דער שטיין, ווי דער אינסטינקט. קומט דערנאָך דער „פּראָטעסט" פון דעם „גע-וויסן" און נאָגט דעם אויסגעניכטערטן. און דער „פּראָטעסט" טוט זיך אָן אין דעם שוואַרצן ראָק פון דעם „הערן פּאַסטאָר", און דער פּראָטעסטאַנטישער „נשמה-זאָרגער" זאָגט מוסר און רופט צוריק דעם „זינדיקן" אויף דעם דרך הישר.

אָבער דער פּאַסטאָר ווייסט: אָפּגעטאָן—איז פאַרפאַלן, און ער איז מילד. און ער מאַכט קאָמפּראָמיסן — און שאַפט אַ צוויי-רייִקע מלוכה: די וועלט באַזונדער, די צווייטע, די גייסטיקע, די מאָראַ-לישע פאַר זיך. און אַמאָל געראָט עס אים אײַנגאַנצן צו זיגן, דאָרט, ווו דער אינסטינקט איז אָפּגעשוואַכט, דאָרט, ווו דער ווילן צום לעבן איז שוין נישט מער, ווי אַ גאַנץ קליין טייכעלע, אַ האָלענדישער קאַנאַל שטייענדיק וואַסער, איינגעצוימט צווישן שטיינער און ברע-טער און באַדעקט מיט גרינעם שימל. דעמאָלט איז דער „גייסט" גובר. אָבער וואָס האָט ער דערפון? און ווער דאַרף האָבן אַזאַ גייסט?

די פּראָטעסטאַנטיש-גערמאַנישע וועלט האָט אויפגעבויט אַ „מלוכה פון אידעאַלן", אַ „מלוכה פון צוועקן". פון לוטער ביז קאַנט און ווייטער—דער אייגענער נוסח. אַ געשפּאָלטענע וועלט. איז דאָס אויף די העכסטע שפּיצן פון דער קריסטלעך-גערמאַנישער קולטור — ווי איז עס שוין געווען אויף דער פלאַך? ווי? פלאַך! איינער, ווי דער צווייטער. נישט אין עצם—אָבער אין דעם אויסדרוק. דער „אי-דעאַל" איז געוואָרן אַ חוב. דער פאַרטיקער, דער פאָרגעשריבענער. און ווייל יעדער האָט געוווּסט פון דעם סוד—געוווּסט, אפילו ער האָט עס נישט פאַרשטאַנען צו זאָגן, נישט געהאַט דעם מוט זיך אין דעם מודה צו זיין — איז דאָס לעבן געוואָרן פאַרשימלט און פאַרטריקנט. עס איז געוואָרן „היפּאָקריטיש", אַ וואָרט, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ

גרויסן אומזאַץ—און איז היינט כמעט פאַרגעסן און שיעור־שיעור נישט נישט לעכערלעך, אָבער עס איז אַ היסטאָרישער קולטור-סימבאָל. היפאָקריטיש זיין—הייסט באַלאַנגען צו צוויי „מלוכות: צו אַ ווירקלע־כער און אַ פאָרגעשטעלטער, צו דער שטאָט פון שטיין און אייזן — און צו דער „שטאָט פון גאָט". אפשר איז די היינטיקע צייט ווייני־קער היפאָקריטיש—ווייל מען האָט שוין כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן פון דער „שטאָט פון גאָט".

אָבער דעמאָלט — מיט אַכציק-הונדערט יאָר צוריק — איז דאָס געווען נאָך אַ טרייבנדיקע, אַ ממשותדיקע קראַפט—אָט דאָס, וואָס מיר רופן אָן „אידעאַל". אין אמתן זענען דאָס טאַקע געווען אידעאַלן: זיך דערהייבן, זיין קינדער פון גאָט—דערגרייכן הויכן פון באַוווסט־זיניקייט, הייליקייט, חוב א. אַז. וו. אָבער מען האָט זיי אַזוי אָפט, אַזוי אומזיסט איבערגעקייט, אַז זיי זענען געוואָרן — ווי שטרוי אין דעם מויל פון אַן אָקס.

די אָקסן — אָדער די אָקסנטרייבער — זענען געווען צעפרידן, אָבער די מענטשן נישט. און פון צייט צו צייט איז געקומען אין דער צעפרידענער וועלט אַן אומצופרידענער, אַן אומוואַרפנדיקער, און האָט פּראָטעסטירט, און האָט געפּאָדערט. אויס אידעאַלן — גענוג רויך. גיט קלאָרקייט, גיט אַטמאָספערע, גיט אידעען! און עס איז גע־געווען אַ קאַמף צווישן דעם אידעאַל און דער אידעע. אַ טיפער, פונדאַמענטאַלער אונטערשייד. דער אידעאַל זאָגט: אָט דאָס בין איך,— די אידעע רופט: אָט אַזוי ווער איך. דער אידעאַל באַרויִקט.

קומט די אידעע און ענטפערט: „זאָג תמיד ניין צו אַלעמען, וואָס איז, צעשטער דאָס אָנגענומענע, דענק אַליין, אַרבעט אַליין פאַר זיך אויס דיין לעבן". דער אידעאַל איז אַ קייט, וואָס אַנדערע האָבן געשמידט פאַר אונדז. די אידעע איז—דאָס שמידן פון אַ נייער קייט; אויב אַ קייט מוז שוין זיין — ווייל איך אַליין זיין איר שמיד, אַ. יין דער האַמער און דאָס אייזן אויך — און לאָזן פונקען פליען, שפריצן, לעבעדיקע, ברענענדיקע, גלאַנצנדיקע פונקען!

אָט פאַרוואָס איבסען איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי גרויס, אַ צענטראַלפיגור. און אָט פאַרוואָס זיין ערשטער און שטאַרקסטער פאַרטיידיקער איז געווען געאָרג בראַנדעס, דער מענטש פון אידעען.

אייראָפּע האָט דערפילט: געקומען אַ מענטש, וואָס צעשטערט

אידעאַלן און שטעלט אויף זייער אָרט אַוועק אידעען. דאָ איז געקו־מען אַ קינסטלער, וואָס האָט צעבראָכן די אַלטע פאָרמען און בויט אויפסניי פון דעם רוי־מאַטעריאַל, וואָס דאָס לעבן האָט אים געגעבן. דאָ איז געקומען אַ דיכטער, אַ גרויסער פּאָעט.

ער האָט עס געוויזן מיט זיינע ערשטע דראַמעס. איינע נאָך דער צווייטער זענען זיי געקומען און האָבן געצונדן. איך נעם די ערשטע פון די גרויסע דראַמעס: „די קרוין־פּרעטענדענטען", גע־שריבן אין 1864. אַ היסטאָרישע דראַמע פון דער אַלט־נאָרוועגישער געשיכטע: דער קאַמף צווישן צוויי מענטשן—קעניג האָקאָן און יאַרל סקולע — פאַר דעם טראָן פון נאָרוועגן, אַ צייט פון ווילדע איינ־סטינקטן און פון געוואַלדיקן לעבנסדראַנג. צוויי פיגורן—דער קעניג האָקאָן—דער „געבוירענער" קעניג, מיט דעם „קעניגלעכן" געדאַנק — און דער פּרעטענדענט סקולע, דער, וואָס האָט געשטרעבט צו דעם, וואָס ער האָט אין זיך נישט געהאַט. אַ ביטערער, אַ גרויזאַמער קאַמף. צווישן די צוויי עלעמענטאַר־כּוחות שטייט די קירך, אין איר גאַנצער שוואַכקייט, אין איר צעשפּאָלטנקייט. ווו זי איז נאַטירלעך, איז זי פאַרקערפּערט אין דעם בישאָף ניקאָלאַוס, אַן ערגייציקער, אַ כיטרער, אַ הערשערנאַטור אָן הערשערקראַפט. דאָרט, ווו זי איז מילד — איז זי „זיס" און „ווייכוויכיק" און ווייבעריש.

דער קעניג און דער פּרעטענדענט קעמפן, און דער קעניג זיגט. ווייל ער איז דער „געבוירענער" — ווייל ער האָט אין זיך דעם „קעניגלעכן געדאַנק"—און יאַרל סקולע געפינט אין זיך, אַז ער אַליין האָט אים נישט, אַז ער איז נישט קיין „געבוירענער". און אין דעם מאָמענט, ווו ער דערקענט זיין גרענעץ, גיט ער זיך אונטער—און שטאַרבט. „דער גרויסער קעניג־געדאַנק! יאָ, דאָס איז דאָס, וואָס האָט פאַרסמט זיין יונגע ליבנדיקע נשמה" — זאָגט זיגריד, די שוועסטער, — דאָס געוויסן פון דעם קעמפנדיקן „יאַרל" צו איר ברודער. פאַרסמט — ווייל ער איז געווען אַ פרעמדער קערפּער אין אים. „סקולע באָרדסאָן (אַזוי האָט געהייסן דער פּרעטענדענט) איז געווען גאָטס אַ שטיפקינד. דאָס איז געווען זיין רעטעניש", — מיט די ווערטער פון דעם „געבוירענעם" און דערפאַר זיגנדיקן קעניג האָקאָן ענדיקט איבסען זיין ערשטע גרויסע דראַמע.

גאָטס אַ שטיפקינד — און גאָטס קינד! אַ צעטיילונג — נישט

נאָך דער עטישער ליניע, נאָר נאָך אַ טיפערער. אַן אכזריותדיקער און אַן אמתערער — דער ליניע פון נאַטור-נויטווענדיקייט.

די ערשטע אידעע, וואָס איבסען האָט אַריינגעבראַכט אין זיין קונסט. און זי האָט געטראָפן, זי האָט געפלאַמט.

און ווייטער, און ברייטער פארמעסט זיך איבסען. ער גייט פון דעם קעניגלעכן געדאַנק—צו דעם געטלעכן, פון סקולע באָרדסאָן צו פּאַסטאָר בראַנד.

## 2

איך האָב אַמאָל געטראָפן אין כריסטיאַניאַ אַ דאַמע, אַ נאָר־וועגישע שרייבערין, וואָס האָט געקענט איבסענען פערזענלעך, גע־דענקט אים, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד, אויבן אין איינעם פון די באַרגדערפער אַרום די פיאָרדן. איר פאָטער — אַ פּאַסטאָר— איז געווען איבסענס אַ יוגנטפריינט — און, ווי זי האָט דערציילט— דער אור-בראַנד. דער טיפּ, וואָס איבסען האָט געמאָלט אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע. איך האָב זיך איינגעהערט אין אירע דערציי־לונגען און באַשרייבונגען — און זיך געוואונדערט: איבער דער וווּנ־דערבאַרער, אַלכעמישער קונסט פון אַן אמתן, אַ גרויסן פּאָעט. אַ גאַנץ געוויינלעכער פּאַסטאָר, אַ סצענע אין אַ באַרגדאָרף און אַן אַלטע פאַלקסלעגענדע פון אַ משוגענעם גלח, וואָס האָט געוואָלט בויען אַ קירך פון אייז אויף דעם שפּיץ פון אַ באַרג. קומט אַ פּאָעט און שמעלצט צונויף אַלע דריי עלעמענטן: דעם רעאַליסטישן, דעם מאַלערישן און דעם לעגענדאַרן און שאַפט — איינע פון די גרעסטע דראַמעס פון גלויבן: די דראַמע פון מענטש און גאָט.

וואָס איז גלויבן?—פרעגט איבסען, און קוקט אויף זיין פריינט, דעם פּאַסטאָר. און דער פריינט ענטפערט אים, ווי אַלע מענטשן, וואָס האָבן געמאַכט פון גלויבן אַ פאַך, אַ באַרוף, און ווי אַלע מענטשן, וואָס מיינען, אַז זיי גלויבן, ווען זיי האָבן מורא, — דער גלויבנס-ספּעציאַליסט ענטפערט אים, ווי דער „פּראָפּסט" אין „בראַנד":

„דער שטאַט זעט אין דער רעליגיע די מאַכט, וואָס איידלט אויס דעם טאָן, דעם שוץ פאַר זיין זיכערקייט, מיט איין וואָרט, דעם קו־הישר פון דער מאָראַל. איר פאַרשטייט, דער שטאַט איז נישט זייער רייך. ער וויל וואָליוטע פאַר זיין מעטאַל. אַ גוטער קריסט, זאָגט מען — אַ גוטער בירגער. איר גלויבט, דער שטאַט וועט אויסגעבן געלט פאַר גוטע מענטשן און פאַר גאָט, כדי זיך אַליין אָנצומאַכן זאָרגן? ניין. דער שטאַט, ברודער, איז נישט משוגע. און יעדער וואָלט באַלד געהאַלטן זייער שמאָל, ווען דער שטאַט זאָל נישט אַכטונג געבן אויף זיין לעבן. אָבער, פריינט, די אויפגאַבע פון דעם שטאַט קאָן דערגרייכט ווערן בלויז דורך זיינע באַאַמטע — און דאָס מיינט דורך זיינע גייסטלעכע".

צוויי דורות און מער זענען פאַרגאַנגען זינט איבסען האָט אַריינגעלייגט אין דעם מויל פון זיין „גלח" דידאַזיקע פאַרניכטנדיקע ווערטער. זיי קלינגען אַלט — פון אַ צייט, וואָס איז פאַרגאַנגען, פון יאָרן, וואָס האָבן נאָך געזען דעם קאַמף פאַר „באַפרייונג". אָבער עס איז בלויז אַן אילוזיע. די „פראָפּסטן" פון היינט — אין אַלע זייערע פאָרמען און געשטאַלטן, און ווען זיי זאָלן נישט דינען, דעם שטאַט אָדער דער „געמיינדע", „גייסטלעכע" פון רעליגיעס אָדער פון סאָציאַלע באַוועגונגען — אַלע האָבן זיי איין מאָטיוו: גוטער גלויביקער, גוטער בירגער, גלויבן איז וואָליוטע!

די מלחמה האָט עס באַוויזן. אַלע גייסטלעכע און אַלע „גייסטיקע" מענטשן—מיט דער אויסנאַם פון עטלעכע „משוגעים", פון ווייניקע „בראַנדס", האָבן געררופן: שטיצט דעם שטאַט. די דייטשן האָבן זיך געגרויסט מיט דעם „דייטשן גאָט", און עס איז געווען אַ רוסישער און אַן אַנגלאָ־זאַקסישער גאָט. אפשר די איינציקע, וואָס האָבן נישט פאַראַדירט מיט גאָט, דעם מלחמה־פירער, זענען געווען די פראַנצויזן. און דערפאַר טאַקע האָבן זיי די ענגלענדער נישט ליב געהאַט.

אין היינט, ווי אין 1866, קלינגט אין דער וועלט דאָס שטורמישע וואָרט פון בראַנד: „אַ ל צ ד י נ ג אָ ד ע ר ג אָ ר נ י ש ט"—דאָס איז גלויבן, דער גלויבן אין זיינע תהומות, אין זיין איינציקער מעגלעכקייט. אָדער גאָט איז אַלצדינג—דער איינציקער ציגל, דער ברענענדיקער, דער נישט־צו־לעשנדיקער פאַרלאַנג — אָדער דער גלויבן איז קיין גלויבן נישט און גאָט שטייט אינדרויסן.

זיי זענען געדעכט, די נביאים, די איינציקע, וואָס האָבן געהאַט גלויבנס-שטורעם אין זיך: גאָט איז אַ פייער, אַ פלאַם. און ווען זיי האָבן געפרעגט: וואָס וויל גאָט פון דעם מענטשן? האָבן זיי געענטפערט: אַזוי ווייניק — נאָר דיך אַליין, דיין האַרץ, דיין ווילן, דאָס, וואָס דו ב י ז ט און נישט דאָס, וואָס דו האָסט.

סערען קירקעגאַר, דער גרויסער דענישער פרעגער, דער אמת-זוכער, האָט נאָך פאַר איבסענען אויפגעשטעלט די פאָרמולע: „אַלצדינג אָדער גאָרנישט" — און פאַרענדיקט זיין צערייסנדיקע קריטיק פון דער אָפיציעלער רעליגיע: „דאָס פייגעלע אויף דער צווייג, די ליליע אויף דעם פעלד, דער הירש אין דעם וואַלד — אַלע רופן: גאָט איז ליבע. און זיי ענטפערט אַ כאָר פון ליידנדיקע, פון קרבנות — ענטפערט מן המעמקים: „גאָט איז ליבע" („קירקעגאָרס זשורנאַל", 1852).

דאָס, וואָס קירקעגאָר האָט געזאָגט אין זיין פּאָעטיש-פילאָזאָפישער שפּראַך, האָט איבסען פּיקסירט אין זיין לייריש-דראַמאַטישער פאָרם. בראַנד וויל אַ גאַנץ לעבן זוכן דעם „אַלצדינג אָדער גאָרנישט". אָבער ווען ער קומט צום שפּיץ באַרג — און פאַלט און ווערט דערקוועטשט פון אַ לאַווינע, רופט ער אויס אין זיין טויט-שעה: גאָט — וואָס איז דער סוף — ווו איז גענוג? און אַ קול ענטפערט: „גאָט איז ליבע".

קירקעגאָר האָט נישט פאַרענטפערט די פראַגע פילאָזאָפיש — איבסען נאָך ווייניקער פּאָעטיש. פאַרוואָס איז גאָט ליבע? און וואָס איז ליבע?

ליב האָבן גאָט — הייסט זיין איינס מיט אים, הייסט זיין „אויסער זיך" — אָבער וואָס הייסט „גאָט איז ליבע"? דאָס קריסטנטום האָט אויפגעשטעלט אַ פאָרמולע — און האָט זי קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען — און נישט געפאָלגט, — ווייל נישט פאַרשטאַנען און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט איר. אַ שטרויכלשטיין. און אַפילו איבסען איז אויך געשטרויכלט געוואָרן.

אָבער נישט אויף לאַנג. ער האָט זיך נישט באַרויקט. וואָס איז דאָס „אַלץ אָדער גאָרנישט" — און וואָס מיינט דאָס „ליבע"? — פרעגט ער ווייטער — און שרייבט אָן אַן ענטפער — די שענסטע פּאָעטישסטע דראַמע פון דער וועלטליטעראַטור: „פּער גינט".

ווידער אַן אַלטע פאָלקסלעגענדע. אַ מעשה פון אַ ליגנער און אַ וואַנדערער. „האַלב-שד, האַלב-מענטש".

און עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר איבסענס טיף-איראָנישער באַציונג צו מענטש און וועלט—וואָס ער האָט אויסגעקליבן גראָד פערן פאַר דעם סימבאָל פון ד ע ם מענטשן, דעם מענטשן, וואָס שאַפט אַ וועלט פאַר זיך.

פער איז דער פרייער מענטש. „צום טייוול אַלצדינג, וואָס דערמאנט, צום טייוול אַלע פרויען”. ווייל פרוי בינדט, ווייל פרוי איז דער המשך, די בריק פון דער וועלט.

פער איז דער „איך”, דער ווילן צו הערשן. וויל ווערן „קייזער”. און ווערט—צוערשט ביי די שדים, אין די בערג פון נאָרוועגן, און דערנאָך ביי די משוגעים אין אַ דולהויז, אין קאַירָאָ. „וואָס איז דער מענטש—וואָס זאָל ער זיין?”—פרעגט פער זיך זיין גאַנץ לעבן. און דער קעניג פון די שדים זאָגט אים: „דאָס איז דער אונטערשייד — דער מענטש וויל: זיין ער אַליין — דער שד: זיין גענוג פאַר זיך”.

„גענוג”—דאָס איז דער שיידפונקט, דער שבולת צווישן דעם אמתן מענטשן און דעם נאָך-נישט-מענטשן. צעפרידן מיט זיך — וואָס הייסט עס? גענוג פאַר מיר—וואָס מיינט עס? באַגרענעצן די וועלט, פאַרשפאַרן זיך אין אַ קעסטעלע—נישט וועלן מער, ווי מען קען. זאָגט דער מענטש אָבער: איך קען מער, איך קען אַלץ—נישטאָ קיין גרענעצן פאַר מיר! איך וויל וויסן, וואָס איך בין — הערשן איבער זיך. מען קומט מיט פאַרטיקייטן—און מען זאָגט: דאָס טאָר מען נישט, דאָס אַנדערע מעג מען. אָבער פער פרעגט: נו, און ווען איך וויל? צי איך טו עס אָדער נישט—איז דען דאָס וויכטיק? איך וויל דאָך? און אויב עס איז אַ זינד—פאַרוואָס וויל איך זי? און אויב זי לעבט אין מיר—פאַרוואָס איז דאָס אַ זינד?

אַרויף און אַראָפּ גייט פער גינטס וועג. ער מאַכט דורך אין אַ לעבנסצייט די געשיכטע פון דער וועלט, געווינט און פאַרלירט, פאַרלירט און געווינט. גרויזאַם און איידל, רייך און באַלד ווידער אָרעם—און תמיד זוכנדיק זיך. אַן אַלטער, אַ מידער קומט ער אַהיים—און דער „קנעפּלמאַכער” באַגעגנט אים, דער, וואָס זאַמלט אַלטע, אָפּגעניצעוועטע קנעפּלעך און שמעלצט זיי איבער אויפסניי. ער וויל פערס קנעפּלעך—פער מוז גיין צוריק אין דעם גרויסן שמעלצאויוון. אָבער פער וויל נישט גיין מיט אים—ער האָט נאָך נישט געפונען קיין ענטפער אויף זיין רעטעניש: ווו בין איך געווען, וואָס האָב

איך אויפגעטאָן אויף דער ערד? ביז ער קומט צו דער, וואָס געדענקט, צו דער, וואָס וואַרט און ליבט, צו דער „פרוי" פון דעם מענטשנזון—סאָלוויי. און ער פרעגט זי—דער זקן פער—די זקנה סאָלוויי, לייגט איר אויפן שויס זיין קאָפּ און פרעגט: „ווו בין איך געווען — מיט גאָטס חותם אויף מיין שטערן?"

און סאָלוויי — סאָלוויי, דער „זונוועג"—ענטפערט: „אין מיין גלויבן, אין מיין האָפענונג און אין מיין ליבע". זאָגט און זינגט אים אַ ליד דאָס לעצטע, פאַרוויגנדיקע ליד: „שלאָף דו, טייערסטער מיינס, איך וועל וויגן דיך, איך וועל וואַכן". ער שלאָפט איין—דעם אייביקן שלאָף. און זי זינגט אים נאָך: איך וועל וויגן דיך, איך וועל וואַכן, שלאָף און חלום צו, יינגעלע מיינס".

די אייביקע „אמהות", די „מוטערס" אין געטעס „פאַוסט" — אַ נאָכקלאַנג פון דער אַלטער, גרייז-גרויער סימבאָליק—אָדער אַ סימבאָל פון דעם „געדענקענדיקן"? אַ פאַרזוך נאָכאַמאָל צוצוקומען צו דעם פּראָבלעם: וואָס איז ליבע? און ווידער די שווער-טאָניקע, די בענקעניש-פולע, די האַרץ-צעברעכנדיקע תשובה: ליבע און טויט, — ליבע איז אַ רעטעניש, ליבע קען אין לעבן נישט דערגרייכט ווערן, און מער — דער וועג צו זיך איז פאַרשלאָסן.

איז נישטאָ קיין אויסוועג, נישטאָ קיין האָפענונג? איבסען וויל זיך טרייסטן. יאָ—עס איז דאָ. און ער שאַפט דאָס בילד פון יוליאַן דעם אַפּאָסטאַט, דעם טראַגישן קייזער פון ביזאַנץ, וואָס האָט געוואָלט צוריקגעבן דער וועלט די שיינקייט און ראַטעווען זי פון דעם „מאַן פון גליל". ער שרייבט די דראַמע „קייזער און גאַלילייער". יוליאַן — פער גינט און בראַנד אינאיינעם. וויל אַלץ אָדער גאָרנישט. נישט קיין צעטיילונג צווישן ערד און הימל, צווישן „מאַכט" און „גלויבן", און אַ פער גינט איז ער — וואָס זוכט דאָס רעטעניש פון זיך. ער גייט אונטער. און זיין פריינט, זיין לערער — מאַקסימאָס — ווייזט אים דעם שיין פון אַ האָפענונג: „אַמאָל, באַחרית הימים, וועט קומען „דאָס דריטע רייך", די דריטע מלוכה. געפאַלן איז די „מלוכה פון דעם חומר", אָבער אויך די „מלוכה פון דעם גייסט" וועט פאַלן, אַ דריטע מלוכה וועט קומען—און ביידע, גייסט און מאַטעריע, וועלן הערשן אין איר. די יידן האָבן פאַר איר אַ נאָמען, זיי רופן זי אָן—משיחס צייט — און וואַרטן אויף איר", אָדער ווי מאַקסימאָס זאָגט

עס נאָכאַמאָל—„לאָגאָס אין פאַן—פאַן אין לאָגאָס" — דאָס „וואָרט", די „מימרא", דער וועלט-שכל און די וועלט—איינס.

פער גינט האָט שוין געזאָגט פון זיך: „איך האָב זיך אויסגעלערנט ביי די יידן: וואַרטן". איבסען פרעדיקט נאָכאַמאָל דעם געדאַנק: „וואַרט — עס מוז קומען — משיח, די גאולה דאַרף ערשט קומען אַמאָל — באחרית הימים".

און מיט דעמדאָזיקן „באחרית הימים" — דעם לעצטן רעזולטאַט פון יעדן, וואָס פרעגט, פון יעדן, וואָס וויל זיך נישט צופרידנשטעלן מיט דעם, וואָס איז געווען, מיט דעם, וואָס אַנדערע האָבן פאַר אונדז איבערגעלאָזט — מיט דעמדאָזיקן ביטער-שווערן לעבנסאינהאַלט טרעט איבסען צו צו דער וועלט פון ווירקלעכקייטן. ער האָט אַ פונדאַמענט, ער האָט אַ קריטישן פרינציפ — ער ווענדט אים אָן.

און איינע נאָך דער צווייטער קומען די דראַמעס. ביטערע, ווי דער אמת, און שאַרפע, ווי די דערנער. און ער זאָגט צו דער וועלט: האָט נישט קיין אידעאַלן — האָט אידעען. חלומות — וואָס זענען זיי ווערט? נעמט דעם אַרכיטעקט סאָלנעס, נעמט פאַסטאָר ראָזמערס, זעט גרעגערס ווערלע — אין דער „ווילדער קאַטשקע — אַלץ מענטשן, וואָס האָבן אידעאַלן. איינער וויל בויען, דער צווייטער וויל „פאַראיידעלן די מענטשן", דער דריטער האָט פאָדערונגען צו דעם מאָראַלישן מענטשן, און אַלע דראַמעס ענדיקן זיך מיט אַ טראַגעדיע, אָדער ריכטיקער, אַ טראַגי-קאָמעדיע. גערעדט, געוואָלט, געחלומט — און גאָרנישט דערגרייכט, גאָרנישט. דער אַרכיטעקט סאָלנעס פאַלט אַראָפ פון דעם טורעם, וואָס ער האָט געבויט — ווייל ער האָט זיין גאַנץ לעבן געוואָלט בויען דאָס, וואָס ער האָט נישט געקאָנט — געוואָלט בויען הויכע טורעמס, ער, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר הויכקייטן. ראָזמער — וויל מאַכן מענטשן איידעלער — און דערטרינקט זיך אינאיינעם מיט דער שטאַרקערער, טיפערער פרוי רעבעקאַ וועסט, ווייל דער לעצטער אַקט פון זיין לעבן איז געווען דער אויפריכטיקסטער. ער האָט נישט געקאָנט לעבן, ווי ער האָט געוואָלט — האָט ער ווייניקסטנס דעם טויט זיך אויסגעקליבן נאָך זיין ווילן.

גרעגערס, דער מאָראַליסט, לאָזט זיך זאָגן פון דעם רעאַליסט און אידעען-מענטשן רעלינג: דאָס לעבן וואָלט געווען צו דערליידן, ווען מען וואָלט געקאָנט פטור ווערן פון די טפשים, וואָס קומען צו אָרעמע מענטשן און דערלאַנגען זיי די „אידעאַלע פאָדערונג". און

גרעגערס ווערלע ענטפערט: „אויב עס איז אַזוי — בין איך צעפרידן מיט מיין גורל". — „און וואָס איז אייער גורל?" — „צו זיין דער דרייצעטער ביים טיש". דער דרייצעטער—דאָס הייסט דער איבעריקער. ווערלע—דער אידעאַליסט — איז אַן איבעריקער, ווייל דאָס לעבן האָט אַנדערע געזעצן, ווי מענטשן מיינען. עס איז קליגער פון דעם מענטשן.

נאָר איין אידעאַל איז דאָ. דאַרף זיין: „זיי טריי צו זיך — זיי פריי". ווי ניצשע האָט עס אויסגעדריקט: „און דאָס לעבן זאָגט: פאָלג נישט מיך, נאָר דיך, נאָר דיך". אָט דאָס איז, וואָס איבסען חזרט איבער כמעט אין יעדער פון זיינע דראַמעס. נאָראַס „נס", וואָס קומט, ווען אַלצדינג איז שוין פאַרביי—איז: זי ווערט פריי, זי געפינט דעם מוט אַוועקצוגיין פון מאַן און קינד. אין דער „פרוי פון ים" שטאַרבט אַ ליבע, און אַ ליבע ווערט ווידער געבוירן, ווען די זיסע און מילדע פרוי עלידאַ, די פרוי פון דר. וואַנגעל — דערפילט אין זיך די פרייהייט, דעם ווילן אַוועקצוגיין אָדער צו בלייבן מיט איר מאַן. און ווייל זי איז פריי — בלייבט זי.

פרייהייט—נישט נאָר פון אַנדערע, נאָר פון זיך אַליין, ווי אין דער שענסטער דראַמע אין פראָזע, וואָס איבסען האָט געשריבן, אין דעם „קליינעם איי-אָלף".

אַ ליבע ווערט צעבראָכן — אַ ליבע ווערט ווידער גאַנץ, ווייל די פרוי איז פריי געוואָרן פון דעם ווילן צו זיין „פרוי", ווייל זי האָט געפונען אַ נייעם זין אין דעם לעבן—דעם זין פון די „גרויסע אויגן", פון דעם גרויסן שווייגן, פון דער ווייטער, טיפער, רעטע-נישדיקער וועלט.

פון זיך אַרויס שאַפן, בויען! „דער קעניגלעכער געדאַנק"!

און דאָך—בויען? אַלע ווילן זיי בויען אין איבסענס דראַמעס—און אַלע בנינים ווערן צעשטערט. סאָלנעס וויל בויען, דזשאָן גאַבריעל באָרקמאַן וויל בויען — און ווי אַ קאָרטנשפּיל פאַלט דער בנין — צי דאָס איז אַ געביי פון אייזן און שטיין, צי אַ סאָציאַלער, ווי אין „דער פאַלקספיינט" אָדער „די שטיצן פון דער געזעלשאַפט"— צי די קונסט — ווי אין דעם לעצטן „ווידוי" פון איבסען, דער דראַמע „ווען מיר, טויטע, וואַכן אויף".

פראָפעסאָר רובעק — דער סקולפּטאָר — האָט באַגאַנגען אַ זינד. ער האָט מאָדעלירט אַ פרוי — אירענע. זי האָט געזאָלט זיין ד אָ ס

ווייב, דער אידעאַל. זי האָט אים ליב געהאַט — ער האָט זי נישט באַמערקט. ווייל—ער האָט נאָר זיך געזען. ווייל ער האָט געוואָלט „שאַפן", בילדן, בויען. ער האָט מקריב געווען דעם לעבעדיקן מענטשן פאַר דעם ווערק.

און די שטראָף איז געקומען: דאָס ווערק האָט באַלד פאַר־לוירן זיין אמתן זין. ער האָט געוואָלט בויען — און האָט אין דעם ערשטן ריינעם, שיינעם, פרישן און טיפן געדאַנק אַריינגעבויט אַנדערע סימבאָלן, — און אַלץ אַרום זיך, אַרום זיין „איך", — ביז ער איז געוואָרן דער צענטער פון דעם קונסטווערק. און ער האָט אַלצ־דינג פאַרלוירן: אירענען, די קונסט און דעם זין פון דעם לעבן. און רובעק שטאַרבט טראַגיש, ווי אַלע די בויער, ווי אַלע די מייסטער, וואָס האָבן — ווי פער גינט — פאַרלוירן דעם וועג פון דעם איינציקן, אייביקן און פאַרבאָרגענעם „איך".

ווייל —

„לעבן איז פינסטערע כוחות באַהערשן אין זיך!
דיכטן — איז געריכט האַלטן איבער דעם אייגענעם איך".

איבסען האָט עס געזאָגט אין איינעם פון זיינע קליינע לידער. און דער פּאָעט איבסען האָט געפירט די האַנט פון דעם דראַמאַטורג.

## 3

אַ דייטשער פעליעטאָניסט האָט אַמאָל באַשריבן אַ באַגעגעניש מיט איבסען אין ווין. מען האָט דעמאָלט געשפּילט אין דעם „בורג־טעאַטער" זיין „העדאַ גאַבלער" — און איבסען איז געקומען ספּעציעל קיין ווין אַלס גאַסט פון דעם טעאַטער. די גאַנצע ליטעראַרישע ווינער געזעלשאַפט האָט זיך פאַרזאַמלט אויף אַ באַנקעט פאַר דעם גרויסן קינסטלער. פראַנץ קאַפקא—איינער פון די פיינסטע עסטרייכישע שרייבער—האָט געהאַלטן די רעדע. ציטערנדיק, האָט דער יונגערמאַן אָנגעהייבן: „פאַרערטער מייסטער". אָבער איבסען האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — געבעטן וואַרטן. דער עולם וואַרט געשפּאַנט.

דער אַלטער איבסען — ער איז געווען איבער זיבעציק — שטייט אויף, נעמט אַרויס אַ קעמעלע פון דער וועסט-קעשענע, שטעלט פאַר זיך אוועק דעם צילינדער, ווו עס איז געווען אַ שפּיגעלע, צעקעמט זיך די באָרד און די האָר — כדי זיי זאָלן אויסזען אַקוראַט ווי אויף זיין בילד — אַ וואַלד מיט האָר און אַ צעשפּרייטע באָרד — לייגט דערנאָך אַריין איין האַנט אין דעם לאַץ פון זיין שוואַרצן ראָק — און זאָגט: „איצט קאָן מען אָנהייבן".

אַ קוריאָז, אָבער אַ טיף כאַראַקטעריסטיש בילד. אַ מענטש, וואָס האָט געוואָלט זיין פאַר זיך און פאַר אַנדערע אַ סימבאָל — אַ פּאָעט, וואָס האָט זיך אַליין געמאַכט פאַר אַ קונסטווערק.

קינדיש — און נאַיוו. פּאָזע — און אַ מין פּשטות פון גלויבן אין זיך. פער גינט. פּאָעט.

דראַמאַטורג? דראַמאַטישע טעכניק? אפשר יאָ, אפשר נישט. אָרעם זיינע סוזשעטן און מאָגער דער אינהאַלט. און די פאָרם — אָפּט געקינצלט. צו בולט די סימבאָליק, צו געוואָלט דער אויפבוי. נישט תמיד איז אין זיינע דראַמעס קלאָר דער געדאַנק — נאָך ווייניקער די נויטווענדיקייט פון דער סצענישער פאַרבונדנקייט. מענטשן קומען, מענטשן גייען — און זיי זענען אָפּט נישט מער, ווי רעדנדיקע שאָטנס.

אַ קורצע צייט פאַרגאַנגען — און זיין פאָרם, ד. ה. זיין טעכ-ניק, איז שוין פאַרעלטערט.

אָבער איינס קען נישט פאַרעלטערט ווערן. איינס לעבט: זיין פּאָעזיע. און ווען מען לייענט איבסענס דראַמען, מוז מען געדענקען: דאָס זענען לידער אין דיאַלאָגן.

און מען מוז געדענקען: איבסען איז געווען דער פּאָעט פון דער אייראָפּעישער קולטור, וואָס האָט צו איר געזונגען דאָס ליד פון סאָלווייג: „איך וועל וויגן דיך — איך וועל וואַכן".

דער וואַכנדיקער — און דער וויגנדיקער.

# טאָמאַס האַרדי.

## 1

הללויה. הללויה! זיי האַלטן אין איין זינגען שירה, זיי ווערן נישט מיד זינגענדיק, לויבנדיק, חנפענדיק. מענטשן אויף דער ערד און — ווי די לעגענדע, די יידישע לעגענדע, וויל אונדז איינרעדן — די מלאכים, די מלאכי השרת אויפן הימל. טאָג און נאַכט. פאַרוואָס? אַזויפיל לויב און דאַנק און חניפה — פאַר וואָסערע חסדים? פאַר דעם לעבן, וואָס האָט קיין פרייז נישט, און פאַר דעם טויט, וואָס שרעקט, פאַר דעם אייביקן ראָד, וואָס דרייט זיך?

מען טענהט: אָפּטימיזם. יאָ, צו דער וועלט. גלייך ווי עמעצער פרעגט ביי אונדז, — גלייך ווי פון אונדזער יאָ אָדער אונדזער ניין וואָלט עפּעס אָפּגעהאַנגען.

מען זאָגט אָפּטימיזם. ווער זאָגט? אָט אַלע די, וואָס שטייען אַרום — מיט פאַרטיקע ענטפערס, מיט אָנגעזעטיקטע בייכלעך, אַלע די קליינינקע, די נישטיקע, די משרתים פון אַן אידעע, וואָס איז שוין לאַנג פאַרגליווערט געוואָרן אין אַן אינסטיטוציע, משרתים פון מענטשן, וואָס האָבן צופעליק מאַכט.

אָפּטימיזם! דאָס פּלאַכסטע, וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט, דאָס פלאַטשיקסטע און דאָס ליגנערישסטע. עס זאָגט אַ ליגן דער, וואָס רעדט פון „זין" און פון „תכלית". עס זאָגט אַ ליגן — און אַ טאָפּלטן — דער, וואָס שמייכלט אונטער און פּאַטשט מיט די הענט: „גוט, אוי, ווי גוט די וועלט איז, גוט—און קלוג און פול מיט שכל".

געטעס פּראָמעטעוס האָט געזאָגט דעם אמת. „איך דיר דאַנקען, פֿאַרוואָס?" און ער רעכנט אויס „אים" — דעם פֿאַרדעקטן, דעם אין סודות פֿאַרנעפּלטן, דעם קיינמאָל נישט צו דערקענענדיקן — וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אויף דער וועלט, פֿאַר דער וועלט, שטעלט אים צו די רעכענונג — די נישט באַצאָלטע.

פּעסימיזם? אפשר אויך נאָך בלויז אַ וואָרט. זאָגן ניין איז פּונקט אַזוי פֿלאַך און זינלאָז, ווי יאָ. און שאָפּענהויערס פּעסימיזם איז געווען נישט ווייניקער אויבערפֿלעכלעך און אָן אמתער פֿאַרגרונטעוועטקייט, ווי לייבניצעס אָדער העגעלס „יאָ".

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ צוגאַנג צו דער וועלט, אפשר דער איינציקער. ער האָט גאָרנישט קיין נאָמען און לאָזט זיך נישט אַריינשפּאַרן אין אַ סיסטעם. אַ צוגאַנג, וואָס קאָן נישט דערגרייכט ווערן סיידן דורך מי און נויט און פּיין, סיידן נאָך אַ שווערן קאַמף מיט זיך אַליין און דעם אינערן צוואַנג צו זען די וועלט, ווי מען וויל זי זען — מיט אַ סדר, מיט אַ תּכלית, אַ גוטע, אַ גלאַטע, אַ באַלעבאַטישע.

עס איז דער צוגאַנג פֿון — כּוונות. די אַלטע יידישע מיסטיקער האָבן שוין אויך נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן דעם אָפּיציעלן, פֿלאַכן, יידישן אָפּטימיזם. זיי האָבן געקוקט טיפֿער און נישט פֿאַרשטאַנען: וואָס איז אַזוי די שמחה אויף זיי, אויף אָט די הלל-זינגער? „די ווערק פֿון מיינע הענט ווערן דערטרונקען אין ים — און איר זינגט שירה?"—זיי האָבן עס געפֿילט, די דענקער פֿון אַמאָל, די, וואָס האָבן אונדז דערציילט אין דעם וווּנדערבאַרן בילד — דעם מדרש וועגן „יציאת מצרים" — די טראַגעדיע פֿון דער וועלט. ווער עס זאָל נישט זיין — מצריים אָדער די „געליבטע קינדער", גוטע אָדער שלעכטע, צדיקים אָדער רשעים — אַלע זענען דאָך „ווערק פֿון זיינע הענט". און זיי גייען אונטער, ווערן דערטרונקען, ליידן, שרייען פֿון דער טיפֿעניש פֿון זייער געפּייניקטער איינזאַמקייט, פֿרעגן: וואָס איז דער זין?

און דער ענטפֿער איז געווען: קיין זאַך איז נישט וואָס האָט געזאָלט זיין, עס איז נישטאָ קיין אויסגעפּירטקייט, קיין פֿאַרטיקייט — בלויז אַ פֿאַרטראַכטונג, אַ מאָטיוו, אַ דראַנג, אַ פֿאַרנעם, אַ כּוונה.

כּוונות זענען די אותיות אין די ספֿרים, פֿול מיט „רמזים", אָנצוהערעניש, וווּנקען אויף אַ סוד, וואָס איז פֿאַרבאָרגן אין זיי.

און פאַרבאָרגן איז: פאַרשטעלן, אויסדריקן אין אַ נישט צוגעפּאַסטער פאָרם, אויף אַ פרעמדן שטייגער דאָס, וואָס איז אין דעם געדאַנק. אַ רמז, אַ כּוונה איז דער מענטש, אַן אָנווייז אויף עפּעס. אַ וועקסל, אַ צוזאָג. אָבער נישט מער.

אַ כּוונה איז די גאַנצע וועלט מיט איר פאַרשידנגעשטאַלטיקייט.

אָבער אַ כּוונה, וואָס איז נישט דערפילט, אַ מאָטיוו נישט קיין אויסגעפירטער.

„פּעסימיזם" רופט איר דאָס? אויב דאָס וואָרט איז אייך ניחא — גוט. אָבער בלויז אַ וואָרט, אַ מין כּישוף-פאָרמולע צו פאַרטרייבן „נישט גוטע", אָפּצוהיטן זיך פון אומעט, פאַרשפּאָרן זיך דעם וועג צו קלאָר זען און פאַרשטיין. אַ וואָרט פאַר די גלאַטינקע און אויבערפלעכלעכע, אָט פאַר די „רייכע", וואָס „באַנוגענען זיך מיט זייער חלק" — מיט דעם קנאַפּן, קבצנישן חלק — וואָס מען וואַרפט זיי צו, דעם חלק פון כּלומרשט שכלדיקן „דערקענען" און נישט וועלן פאַרשטיין.

איך ווייס נישט, צי עס איז דאָ אַ שליסל, וואָס זאָל עפענען די טויערן. איך גלויב נישט. אפשר זענען זיי גאָרנישט פאַרמאַכט. נישטאָ קיין טיר און נישטאָ קיין טויער. בלויז אַ זייל פון וואָלקן שטייט צווישן אונדז — און דעם גרויסן, פון וואָס מיר זענען אַ טייל — און מיר קאָנען נישט דורכברעכן דעם וואָלקן — ווייל אַליין אין אים. אָבער אויב אַ מעטאָדע צו פאַרשטיין געשיכטע, נאָכצופאָלגן אַ מענטשלעך לעבן — און ווייטער און טיפער צו דערגרונטעווען וואָס די וועלט אַרום אונדז, די אויסער-מענטשלעכע, וויל און מיינט — אויב דער רמז אויף אַזאַ מעטאָדע איז מעגלעך — איז דאָס נישט קיין אַנדערער: די געשיכטע פון די כּוונות.

יעדער האָט עפּעס געמיינט — און עפּעס אַנדערש דערגרייכט. צי דאָס איז אַ לופט-כוואַליע, וואָס גייט זיך איר וועג, מיינענדיק, וועלנדיק זיך טרעפן מיט אַן אַנדער לופט-כוואַליע — און ווערט אויפן וועג געשטערט און שטויסט זיך צונויף מיט אַ לופט-כוואַליע, וואָס גייט אַ פאַרקערטן וועג — און עס ווערט אַ ציקלאָן, אַן אוראַגאַן — צי דאָס איז אַ נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט געמיינט „פאַרענדיקן די רעוואָלוציע" און געשאַפן אַן אימפּעריע, אָדער אַ קינד, וואָס וויל גלאַט טאַנצן אויף אַ בערגעלע און צעשטערט טויזנטער מוראַשקעס מיט

ווייער טרהההדיקער אַרבעט — אומעטום דער אייגענער מאָטיוו: כּוונות, וואָס זענען נישט דערפילט געוואָרן. און נישט אומזיסט איז געווען אַזוי גרויס די שנאה פון שאָפּענהויער צו זיין צייט-חבר העגעל. ער — דער טיפערער — האָט נישט געקאָנט פאַרצייען זיין קאָלעגע די צופרידנקייט. ווייל העגעל האָט געזאָגט „אמן” צו אַלעמען אין דער וועלט, ווייל ער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז אַלע כּוונות זענען אויסגעפירט געוואָרן.

ווי וואָלט שאָפּענהויער געווען געלאַכט, ווען ער וואָלט געזען דעם רעזולטאַט פון העגעלס „אָפּטימיזם”. העגעל האָט געבוירן מאַרקסן — מאַרקס לענינען — און פון העגעלס יאָ צו דער אָרדענונג איז אַרויסגעקומען אַ געוואַלדיקער, אַ וועלט-היסטאָרישער ניין.

2

ווער דאַרף זיין נענטער צו אַזאַ וועלטצוגאַנג, ווי אַ קינסטלער? ווער, מער ווי ער, דער, וואָס זעט טיפער, וואָס זאַפּט אין זיך אַריין די וועלט מיט אַלע איינע חושים? ווער, אויב נישט ער, דאַרף זען די גרויסע, אייביקע טראַגעדיע פון דער וועלט? אָבער זעלטן, זייער זעלטן שעפּט דער קינסטלער אַזוי טיף. ער אויך — בלייבט ביי דעם דעקל פון דעם ברונעם. ער אויך האָט מורא אַריינצוקוקן אין דעם שוואַרצן תהום. עס איז דאָך גרינגער צו שטיין מיטן כאָר און זינגען הללויה — ווי שטיין אַליין און טראַכטן און ווייטיקן.

און קומט אַזאַ קינסטלער—איז ער „ווייט פון דעם צעטומלדיקן המון”—איז ער איינזאַם, אַפילו ווען ער איז אנערקענט און געשעצט און געלייענט, אַפילו ווען ער ווערט ביים לעבן—אַ פירנדיקע פיגור אין דער ליטעראַטור פון זיין פאָלק און זיין צייט און ווערט נאָכן טויט באַגראָבן אין „וועסטמינסטער עבי” — צווישן די „גרויסע”. אַזוי ווי טאָמאַס האַרדי, דער דיכטער פון די „נישט דערפילטע כּוונות”.

זעקס און אַכציק יאָר אָפּגעלעבט — און כמעט אַלע יאָרן אין

אַ קליין שטעטעלע אין ענגלאַנד, אין אַ סביבה, וואָס די קולטור האָט ווייניק באַרירט, אין דער בריטער ענגלישער סטעפּ, באַדעקט מיט גראָז, טונקל-גרין אין זומער, ברוין צום הערבסט. דאָרט האָט דער ווינט אַ פריי שפּיל. דאָרט איז הימל און ערד אַ גאַנצקייט. און די מענטשן אויך — גאַנץ, שטאַרק און פּשוט — און דערפאַר אויך אַזוי אַלמענטשלעך טיף-טראַגיש.

פינף און פופציק יאָר האָט האַרדי געשריבן. נאָוועלן, ראָמאַנען, לידער און אויך אַ דראַמע (די „דינאַסטן״), וואָס איז אויך אַ ליד.

פינף און פופציק יאָר ליטעראַרישע אַרבעט — שטיל און אומ-געשטערט. און ווען מען פאַרגלייכט די „כמות״, די צאָל פון די ווערק, וואָס זענען געזאַמלט אין די אַזויגערופענע „וועסעקס נאָוועלס״ (וועסעקס האָט ער אָנגערופן זיין היימישן ווינקל, דעם קוואַל פון זיין שאַפונג) — איז דאָס אַ קנאַפּער, כמעט אַ מאָגערער רעזולטאַט, אַן ערך פון פופצן ביז אַכצן ביכער. און וואָס איז דאָס אין פאַרגלייך צו דער צאָל פון ביכער, וואָס אַנדערע האָבן אַרויס-געוואָרפן אויפן מאַרק אין אַ פיל קירצערער צייט?

און דערצו — איין לאַנדשאַפט געמאָלט דאָס גאַנצע לעבן, איין קלאַס מענטשן, איך וואָלט כמעט געזאָגט: איינאיינציקן מענטשן. רופט אים איינמאָל „דזשוד דער פאַרבאָרגענער״ אָדער „טעס ד'אור-בערווייל״ אָדער יאָבראַיט (אין דעם ראָמאַן „דאָס אַהיימקומען פון דעם איינגעבוירענעם״). אָדער גאַבריעל אָק אָדער גאַר עלפריד סוואַנסקאָורט (אין דעם ראָמאַן „אַ פּאָר בלויע אויגן״) — אַזאַ נאָמען אָדער אַן אַנדערער, איין רעמל פאַר דעם בילד אָדער אַ צווייט — דער מאָטיוו איז כמעט תמיד דער אייגענער.

דער מאָטיוו? „זיי זענען געגאַנגען מיט שטילע טריט איבער געפּינטלטן מאָך, דורך בלעטער, איבער בוי-קלעצער... דאָ, ווי אוי-מעטום, די נישט דערפילטע כוונה, וואָס מאַכט דאָס לעבן צו דאָס, וואָס עס איז. דאָס בלאַט פאַרקריפּלט, די קרומע ליניע אונ-טערגעבראָכן, דער שפּיץ נישט דערוואַקסן — און די גרינע הבטחה פון לעבן לאַנגזאַם דערשטיקט״ („די וואַלד-מענטשן״). „דאָ, ווי אוי-מעטום״ — דאָס איז דער מאָטיוו. אין וואַלד — ווו די נאַטור איז אָן קונצן, און אין שטאָט צווישן מענטשן, ווו דאָס לעבן ווערט צוגע-פּראַוועט און געפּאָרעמט כלומרשט דורך אונדזער ווילן — אָדער דורך „זיין״ ווילן.

און ער ביטערט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט (אין דעם ראָמאַן „טעס ד׳אורבערוויל״): עס וואָלט געווען כדאַי צו וויסן, פונוואַנען האָט עס דער פּאָעט, וועמענס פילאָזאָפיע ווערט היינט געשעצט פאַר טיף און צופאַרלעסיק, ווי זיין ליד איז ריין און פריש — פונוואַנען האָט ער עס גענומען, אַז עס איז דאָ „אַ הייליקער פּלאַן פון דער נאַטור?״

דער פּאָעט מעג הייסן לאָרד אַלפרעד טעניסאָן אָדער וויליאַם וואָדסוואָרט, אָדער גאָר דאַרווין אָדער ספּענסער (ווייל פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפט זענען דאָך אין דעם לעצטן גרונט אויך פּאָעזיע, און דאַרווין זוכט אויך צו פאַרענטפערן דעם „הייליקן פּלאַן פון דער נאַטור״)—די פראַגע בלייבט שאַרף און ביטער, ווי זי איז אַוועק־געשטעלט — און נישט צו פאַרענטפערן.

וואָס דאַרף מען אויך שטענדיק פאַרטיידיקן און פאַרענטפערן? פאַרוואָס קאָן מען זיך נישט באַנוגענען מיט פרעגן און קאָנסטאַטירן, מיט גראָבן טיף און טיפער, אַריינגראָבן זיך מיט די נעגל אין דער ערד—אָדער אויך אין אייגענעם פלייש — ווי עס זאָל נישט ווייטאָן? פאַרוואָס נישט ליידן אין דעם דענקען — ווי מען ליידט אין דערווירקלעכקייט?

דאָסטאָיעווסקי האָט געפרעגט: „וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט־סיסטעם, ווען קליינע קינדער ליידן״, — וואָס איז דער זין און דער שכל פון דער „אָרדענונג״, ווען מען שפּילט מיט אונדזער לעבן ווען זינד איז נישט פאַרשולדיקט און גערעכטיקייט נישט פאַרדינט?״ אָבער דאָסטאָיעווסקי איז געווען אומגעדולדיק, ליידנשאַפטלעך. ער האָט געמיינט—מען מוז געפינען אַן ענטפער, מען מוז פאַרענטפערן. דאָסטאָיעווסקי — דער קראַנקער קריסט! האַרדי איז געווען רויקער. אויף אַלטער ערד — מיט אַן אַלטער, פאַרוואָרצלטער קולטור. ער האָט געשעפּט אין פאַרצייטיקע, שוין כמעט פאַרשאָטענע ברונעמס, אין אַ וועלט, וואָס האָט געהאַט אַ קולטור, — אַ „נויטווענדיקייט״ (אַנאַנקע פון די גריכן), וואָס האָט אויסגעשטעלט דעם באַגריף „פאַטום״, גורל, מזל. עפּעס טוט זיך, עפּעס וועבט זיך. נישט אונדז מיינט מען, נישט מיר זענען דער צוועק — בלויז פעדעם אין דעם געשפּין, בלויז אָפּ־שניצלעך אין דעם אייביקן געשניץ.

און איבער אַלעמען איז פאַרשפּרייט דער שלייער פון איראָניע.

אַלע „העלדן״ פון האַרדיס נאָוועלן „זינדיקן״. יעדער אויף זיין אופן. זינדיקן—דאָס מיינט—פאַרשפּינען זיך אין קאָנפליקטן, צעטרעטן זייער לעבן און אַנדערע לעבנס, ליידן און מאַכן ליידן. און אַלע אָן שולד.

אין זיין ראָמאַן „דאָס אַהיימקומען פון דעם איינגעבוירענעם״ איז דאָ אַן עפּיזאָד, וואָס איז אַליין גענוג פאַר אַ דראַמע. קומט צו פאָרן אַהיים, אין זיין קליינעם דאָרף אין „עגדאָן-היט״, אַ יונ-גערמאַן קלים מאָבראַיט—געבוירן אין דעם דאָרף און אויסגעוואָרצלט. קומט צו פאָרן פון פאַריז מיט כוונות: ער וויל ווערן אַ לערער פון דעם פאָלק. פאַרליבט זיך אין אַ מיידל — ראָמאַנטיש, ליידנשאַפטלעך, מיט באַרבאַרישע חושים. ער — דער אינטעלעקט, זי—דער אינסטינקט. זי—רוסטאַשאַ וואַי—איז דער היפוך פון איר מאַן. און זיין טראַגעדיע. באַלד ווערט פון זיינע כוונות אַ טייך. ער קאָן זיי נישט אויספירן. ער ווערט האַלב-בלינד. מוז גיין אַרבעטן אויפן פעלד, ווי אַ פויער. זיין פאַנטאַסטישע פרוי רעוואָלטירט. זי וויל לעבן, זי וויל רעש, זי וויל—פאַריז. און זוכט אַנדערע ליבשאַפטן. די מוטער פון קלים צע-גייט זיך מיטן זון. איר פרויען-אינסטינקט פילט די סכנה פון דער אַנדערער פרוי. אָבער אָט — אין אַ הייסן זומערטאָג — ווען עס קומט איבער איר אַ בענקשאַפט, גייט זי צום זון—דעם קראַנקן און האַלב-בלינדן — זיך איבערבעטן מיט אים, שלום מאַכן מיט זיין ווייב. זי קומט צום הויז און קלאַפּט אָן. און אָט וואָס פּאַסירט. דער זון איז מיד פון דער אַרבעט און שלאָפט. די פרוי האָט באַזוך, אַ גאַסט. זי פאַרקניפּט אַ ליבשאַפט. דערווייל נאָך גאָר אין אָנהייב, נאָך גאָר אומשולדיק. אָבער פאָרט — אַן אָנהייב. דער אַנדערער איז ביי איר אין הויז. זי דערהערט דעם קלאַפּ פון דער שוויגער — דערזעט זי דורכן פענסטער און אַנטשליסט זיך נישט צו עפענען. זי האָט מורא, די שוויגער וועט פאַלש אויסטייטשן דעם באַזוך פון דעם „אַנדערן״. זי לאָזט דעם גאַסט אַרויס דורך דער הינטערטיר. עס פאַרגייען דער-ווייל אַ פינף מינוט. זי קומט עפענען—די שוויגער איז מער נישטאָ. די אַלטע האָט געמיינט, אַז דער זון וויל זי נישט אַריינלאָזן אין שטוב אַריין, און איז אַ געבראָכענע, אַ פאַרצווייפלטע אַוועקגעגאַנ-גען—און געפאַלן אויפן וועג פאַר צער און ליידן. דער זון ווערט עס געוויר דורך אַ קינד, וואָס האָט צופעליק געזען די מוטער פאַלן — און פאַרלאָזט פאַר כעס, פאַר ווייטיק די פרוי. ער שטאַרבט, זיין

פרוי ווערט דערטרונקען. אַ טראַגישער סוף. — אַלע שולדיק — און קיינער איז נישט שולדיק.

אַלע — קרבנות. פון וואָס? ווער ווייסט?

„פון וואָס?" — פרעגט האַרדי נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אין זיין מערקווירדיקער „דראַמע", דער פילאָזאָפישער פּאָעמע און דיאַלאָג: „די דינאַסטן" — דער דראַמע אַרום נאַפּאָלעאָן און זיין מלחמה מיט ענגלאַנד.

„איט" — „עס" — אָט דאָס, וואָס מיר רופן „ער" אָדער „גאָט", אָדער „געשיכטע", אָדער „געזעץ" — וואָס איז דאָס? און פאַרוואָס מוז נאַפּאָלעאָן קומען — אויב זיין סוף מוז זיין, ווי ער איז געווען?

„פאַרוואָס טוט עס אַזוי און אייביק אַזוי' —
דער נישט זעענדיקער, אָן שטימיקער דרייער פון דער ראָד?" —

פרעגן אין דער „דראַמע" די „גייסטער פון רחמנות". די פראַגע בלייבט אָן אַן ענטפער. און עס גייט פאַרביי—פאַר אונדזערע אויגן— דער שיקזאַל פון נאַפּאָלעאָן, די קליינקייט פון דעם גרויסן, די זינלאָזיקייט פון די פאַרמעסטונגען, דער כוח פון דעם טעמפּן ווידערשטאַנד פון טונקעלע כוחות.

די דראַמע גייט פאַרביי. קרבנות אומזיסט, בלוט פאַרגאָסן אָן אַ צוועק — אַלצדינג צו גאָרנישט.

און האַרדי שליסט מיט אַ לעצטער האָפענונג, מיט דער לעצטער ראַפּסאָדיע פון דעם וועלטכאָר: „עס וועט קומען אַ סוף צו דעם שטורעמען פון די צייטן, אַ באַפרייונג פון אַלע פיילן — און דאָס „עס" וועט פורעמען אַלצדינג גוט".

עס וועט — און דאָס איז האַרדיס ווונטש, האַרדיס לעצטע האָפענונג, האַרדיס נביאות — קומען אַ צייט, ווען די כוונת וועלן דערפילט ווערן.

דער אַלטער מאָטיוו „והיה באחרית הימים" — דער מעטאַלענער קלאַנג פון דער גרויסער גלאָק—די גלאָק אויף דערגרייכבאַרע הויכן.

אָבער דערוויילע — אַ וועלט פון נישט דערפילטע כוונות, פון רמזים, אַ וועלט, ווו קיינער איז נישט שולדיק און קיינער נישט גערעכט.

אַ דיכטער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו אַזאַ טיף-ברונעמקייט און דערפאַר פון די גרעסטע איינער.

# דזשעראָם ק. דזשעראָם.

אַטאָס, פּאָרטאָס, ד׳אַרטאַניאַן: די דריי מושקעטירן פון פראַנקרייך.
דזשאָרדזש, העריו מאָנטמאָרענסי — די דריי פון ענגלאַנד.
בלויז מיט דעם אונטערשייד, וואָס אַלעקסאַנדער דיומאַ האָט זיינע מושקעטירן געוואָלט אויסמאָלן פּאַטעטיש, דראַמאַטיש, און זיי זענען אַרויסגעקומען הומאָריסטיש. דזשעראָם ק. דזשעראָם, דער ענגלישער הומאָריסט, דער פּראָפעסיאָנעלער שפּאַס-מאַכער, האָט געהאַט די כוונה צו שאַפן אַ שפּאַסיקע דריי-געשטאַלט — און אַרויסגעקומען איז אַ „האָפנונגסלאָזער, אַ נישט-צו-ראַטעווענדיקער אמת”. אַזוי זאָגט אונדז דער הומאָריסט אַליין אין זיין איינלייטונג צו די „דריי מענטשן אין אַ שיפל” (1889).

עס איז אַ מערקווירדיקע זאַך מיט הומאָר. ער איז ווי די פּרוי—לויט דעם קלוגן אַראַבישן ווערטל; ער איז ווי אַ שאָטן: אַנטלויפט, ווען מען יאָגט אים נאָך, גייט נאָך געטריי, ווען מען קוקט זיך גאָרנישט אום אויף אים. די גרעסטע הומאָריסטן זענען דאָך גאָרנישט געווען די, וואָס האָבן געוואָלט „מאַכן שפּאַס”, מאַכן פרייליך. די שפּאַס-מאַכער זענען אין בעסטן פאַל ק ל אָ ו נ ע ס. פרייליך קאָן מען מאַכן מענטשן בלויז מיט דעם, וואָס ער פאַרשטייט, וואָס אים איז נאָענט. און דערפאַר זענען די הומאָריסטן פון איין צייט אָפט אַזוי לאַנגווייליק, אַזוי אומפאַרשטענדלעך פאַר די מענטשן פון אַן אַנדער צייט. לייענט די פּאָרסן און קאָמעדיעס פון אַמאָל — און איר קאָנט כמעט נישט שמייכלען אַפילו. עס איז לאַנגווייליק. דער ווינער קאָמעדיען-שרייבער נעסטראָי, וואָס האָט געשטורעמט ווין און דעם גאַנצן דייטשן טעאַטער מיט זיבעציק-אַכציק יאָר

צוריק, איז היינט נישט מער צו שפּילן. זיינע וויצן זענען פלאַך — און פאַלן פלאַך. אַזוי אויך דער באַרימטער וויצלינג סאַפּיר, וואָס האָט אַמאָל געדינט כּמעט פאַר אַ מאָדעל פאַר אַלע דייטשע הומאָ־ריסטן.

אָבער היינע לעבט — און מאַכט נאָך היינט פריילעך. און אַרי־סטאָפאַן און מאָליער—און דיקענס—און גאָגאָל—זיי אַלע האַלטן אונדז אין זייער מאַכט, טוען מיט אונדז, וואָס זיי ווילן, צווינגען אונדז צו לאַכן, צווינגען אונדז צו וויינען.

אָבער זיי זענען דאָך גאָרנישט געווען קיין הומאָריסטן, האָבן עס נישט געוואָלט זיין. זיי האָבן געוואָלט זיין—און זיי זענען געווען—טיף, ערנסט, ביטער, סאַרקאַסטיש, אַזוי ערנסט, אַזוי גרויס־פאַרנעמיק, אַז אַלצדינג, וואָס זיי האָבן אויסגעמאָלט, דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן, געזען מיט זייערע אויגן, קומט פאַר אַזוי קליינוווקסיק און נעבעכדיק, אַזוי ליידיק און פּרעטענציעז.

זיי—די גרויסע לאַכער — האָבן נישט געוואָלט מאַכן קיין וויצן. די וועלט פון זייער פאָרשטעלונג איז געווען אַזוי גרויס, אין פאַר־גלייך מיט דער וועלט פון זייער ממשות, אַז זי ווייזט זיך אונדז — ווי אַ וויץ.

איז דען גאָגאָל, צ. ב., געווען אַ הומאָריסט? ער איז געווען אַלצדינג, וואָס איר ווילט, אַ פּאָעט פון פינסטערע וויזיעס, אַ פּעסי־מיסט, אַ מעטאַפיזיקער, אַ מיסטיקער—נאָר נישט קיין גרינגער, שפּאַ־סיקער דערציילער. ער האָט גאָרנישט דערציילט קיין פריילעכע עפּי־זאָדן. ער האָט בלויז אַוועקגעשטעלט אַ קרומען שפּיגל, און יעדער, וואָס גייט פאַרביי, זעט זיך און די אַנדערע אין אַזאַ מערקווירדיק פאַרדרייטער, פאַרקרימטער געשטאַלט, אַז ער מוז לאַכן—און אין דעם געלעכטער ליגט אויך אַ שרעק.

איז מאָליער געווען—וויציק? דאָרט, ווו ער וויל עס זיין—אין זיין קאָמעדיע פון פּורסאָניאַק אָדער ענלעכע — איז ער גראָטעסק, איז ער כּמעט לאַנגווייליק. אָבער דאָרט, ווו ער מאָלט אויס אַ קרומע ווירק־לעכקייט—דאָרט, ווו ער האָט אַן ערנסטן ציל—דאָרט הילכט זיין לאַכן נאָך ביז אין די שפּעטע דורות און ווייטע לענדער.

און דאָס איז אפשר דער גרעסטער פּאַראַדאָקס פון דער ענג־לישער ליטעראַטור. זי איז כּמעט דורך און דורך הומאָריסטיש — און קיינמאָל נישט ווירקלעך קאָמיש. יעדער ענגלישער שרייבער באַמיט

זיך—און אָפּט קומט עס פון זיך אַליין, ווייל עס איז אין דעם גייסט פון דער שפּראַך, דעם כאַראַקטער פון דעם פאָלק — צו האָבן דעם הומאָריסטישן טאָן; אָבער זעלטן, זעלטן, ווען עס געראָט אַן ענגלישן הומאָריסט צו דערגרייכן זיין ציל, צו האַלטן די לאַך-מוסקולן אין שפּאַנונג, צו שאַפן די אילוזיע פון אַ קרומער וועלט.

דער איינציקער איז געווען — אַ חוץ סוויפטן, און דער איז אַ סימבאָליסט, נישט קיין סאַטיריקער — דיקענס. און אויך דערפאַר, וואָס ער האָט געשאַפן טיפן אין פולן ערנסט, דערפאַר, וואָס ער האָט גאָרנישט געמיינט צו זיין איראָניש. סעם וועלער און די פּיקוויקיאַנער, מר. מייקאָבער און די איבעריקע באַרימטע געשטאַלטן פון דיקענס זענען נישט סאַטיריש געמיינט. זיי זענען בלויז קאָפּיעס פון לעבן. זיי זענען לעבנס-טריי. זיין קונסט איז געווען צו שאַפן די נייטיקע סיטואַציע פאַר די נאַטירלעכע מענטשן, און די סיטואַציע איז קאָמיש.

עס קאָן זיין, אַז די ענגלישע שפּראַך האָט געהאַט איינאיינ-ציקן הומאָריסט פון דעם אַריסטאָקראַטישן פאַרנעם: דעם אַמעריקאַנער מאַרק טווען. און ער איז געווען אַ ביטערער, נישט קיין פריילעכער, אַ בייסנדיקער, נישט קיין גלעטנדיקער. ער האָט געשאַפן אַ וועלט פאַר זיך, אַ קוריאָזע, אַ פאַנטאַסטישע און דערפאַר אַן אַלמענטשלעכע און אייגן-געזעצלעכע.

דזשעראָם ק. דזשעראָם האָט אָבער געוואָלט שאַפן בלויז — הומאָר. נישט מער. ער האָט געוואָלט אָפּמאָלן מענטשן, געוויינלעכע, אַבסאָלוט אַלטעגלעכע אין זייער נאָרמאַלער אַטמאָספערע. ער האָט געוואָלט דערציילן דעם „אמת" וועגן מענטשן. און עס איז אים נישט געראָטן. ווייל דעם „אמת" קען מען נישט דערציילן, סיידן מען שאַפט אַ פאַנטאַסטיש רעמל פאַר אים. דער אמת מוז זיין איינגע-וויקלט אין דעם דיכטערישן ליגן.

איך קען אייגנטלעך נישט פאַרשטיין, מיט וואָס דזשעראָם ק. דזשעראָם האָט גענומען אין שטורעם די לעזער פון זיין צייט. איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס האָט מען געלאַכט?

איך לייען זיינע פוסטע געדאַנקען פון „דריי מענטשן אין אַ שיפל", די מעשה ווי דריי — אָדער פיר — מענטשן, דזשאָרדזש, הערי און מאָנטמאָרענסי און דער מחבר אַליין זענען אַוועקגעפאָרן אויף אַ „וואַקאַציע" און וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט. אומאינטערעסאַנט דער אויסגאַנג, לאַנגווייליק די מעשה אַליין, און אַזוי האַרט ביי-

דער־ערדיק די דעטאַלן און די עפּיזאָדן, וואָס ווערן געשפּונען אַרום דער דערציילונג.

איך לייען זיינע פּוסטע געדאַנקען פון אַ „ליידיקגייער" — און עס רירט מיך נישט. נאָך איין קאַפּיטל—און די טעכניק ווערט קלאָר און צוגעגעסן. אַ גאַנץ פּשוטע מעטאָדע. לאָמיר זאָגן אַ קאַפּיטל וועגן „קעץ און הינט". עס הייבט זיך אָן מיט אַ נאַיִוון אָנשטעל — „וואָס איך האָב געליטן פון זיי היינטיקן מאָרגן, קען קיין צונג נישט איבערדערציילן. עס האָט זיך אָנגעהייבן מיט גוסטאַוויוס אַדאָלפוס — זיי רופן אים אונטן אויף קורץ „גאָסטי"...

איר מיינט, אַז גאָסטי איז גאָט ווייסט ווער—קאָזט זיך אויס — אַז עס איז גאָר אַ הינטל. און דאָס „אויסשטיין" איז אויך גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. דאָס הינטל אָדער דאָס קעצל האָט איבערגעקערט אַ בענקל, האָט איבערגעשראָקן דאָס דינסטמיידל און נאָך אַזעלכע גע־וואַלטיקע זאַכן. פון הינט און קעץ קומט ער אויף ראַצן — און פּאַר־פּירט אַ שמועס איבער זייער נוצלעכקייט, דערמאָנט אָן אַן אַלטער באַלאַדע וועגן דעם בישאָף האַטאָ, וואָס איז באַשטראָפט געוואָרן — ד. ה. אויפגעגעסן געוואָרן לעבעדיקערהייט פון די ראַצן, דערפאַר וואָס ער איז געווען קאַרג און שלעכט צו מענטשן. און אַזוי ווייטער ציט עס זיך אָן אַ שמייכל, אָן אַ ציל, אָן אַ נויטווענדיקייט. מען וואָלט געקענט ציען דעם פאָדעם ווייטער, אָדער אָפּשניידן פריער — עס וואָלט גאָר קיין חילוק נישט געווען. עס זענען נישט בלויז „פּוסטע געדאַנקען", דאָס זענען גאָר קיין געדאַנקען נישט, אַפילו נישט קיין איינפאַלן. עס איז ענגלישער מאָראַליזם אַ ביסל פּאַרצו־קערט מיט שפּראַך־הומאָר.

ווי וויניק עס דאַרף, הפּנים, אַן ענגלענדער אויף צו לאַכן! און ווי שווער עס קומט אים אָן צו פאַרשטיין אַן אמתן, ד. ה. אַ ליגנערישן וויץ! דער ענגלענדער איז דאָך סוף כּל סוף דער נאַיִוו־סטער מענטש פון דער וועלט. ער גלויבט אַלצדינג, וואָס מען זאָגט אים. דערציילט אים אַלעקסאַנדער דיומאַ מיט אַן ערנסט פּנים, אַז זיינע דריי מושקעטירן זענען ראָמאַנטישע פיגורן — גלויבט ער און פאַלט אַריין אין התפּעלות. און דערציילט אים דזשעראָם ק. דזשע־ראָם, אַז זיינע דריי „מושקעטירן" זענען הומאָריסטיש, גלויבט ער אים אויפן וואָרט און לאַכט. דער נאַיִווער רעאַליזם ליגט זיי אין בלוט. זיי מיינען טאַקע באמת, אַז דאָס, וואָס איז, איז, און אַז מען קען עס אויסמאָלן.

זיי ווייסן גאָרנישט, אַז דאָס ווירקלעכסטע, דאָס ממשותדיקסטע איז דאָס, וואָס האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט. זיי ווייסן גאָרנישט, אַז ד'אָרטאַינאַן איז ווירקלעכער, אמתער, ווי דזשאָרדזש אָדער העריס אָדער די אַנדערע „רעאַליסטישע" געשטאַלטן פון דזשעראָם ק. דזשעראָם. זיי זענען אַזוי נאַיִוו, אַז זיי גלויבן אַפילו שאָון און מיינען, אַז ער איז אַ ציניש ער רעאַליסט, און מיינען, אַז וועלס איז אַ ראָמאַנטיקער, ווייל שאָו דערציילט „פון דעם לעבן" און וועלס — פון אוטאָפּיעס.

אַזעלכע נאָענטע שכנים—ענגלענדער און פראַנצויזן — און דאָך אַזוי פרעמד. זיי האָבן זיך געקענט אויסלערנען אין פּאַריז די חכמה פון פאַרשטיין דאָס פאַנטאַסטישע אין דעם אמת און דעם אמת אין דער פאַנטאַזיע—אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט און נישט געקענט.

און האָבן פאַרביטן אַלע ליטעראַרישע ווערטן—און אפשר אויך די לעבנסווערטן; זיי נעמען זיך טויט-ערנסט און מיינען, אַז זיי האָבן הומאָר. און דאָס קוריאָזסטע-די וועלט גלויבט זיי. דאָס אַליין איז אַפשר דער גרעסטער וויץ.

# וויסענטע בלאַסקאָ-איבאַניעס.

וואַלענסיאַ—צווישן מאַראַנצן. זון. בלויער ים, רויזן-ריח, מזרח. איינע פון די מזרחדיקסטע שטעט פון שפּאַניע. ווו דו גייסט, און ווו דו שטייסט — סעמיטישער אָריענט. גייען אַרבעטער אויף דער גאַס. קוקסט זיך איין אין זייערע פּנימער — און דו זעסט אַראַבער. טו זיי אָן מיט אַ „בורנוס" און אַ טורבאַן—און זיי פּאַסן זיך אַריין קיין קאַירע אָדער ירושלים. עס גייען אויף דער גאַס שפּאַנישע מיידלעך — מיט די שפּיצן-שאַלעכלעך, מיט די הויכע קעמלען אין די בלוי-שוואַרצע האָר — ווו האָסטו נאָך געזען אַזעלכע פּנימער? דאַכט זיך, אין דעם יידישן קוואַרטאַל אין סאַלאָניקי, אין אַלט-אַמסטערדאַם, אין מאַראָקאָ. שפּאַניש-יידישע מיידלעך, מיט דעם מאַטעווען קאָליר פון דעם פּנים, מיט די שווערע מאַנדל-אויגן, אויגן מיט אַזאַ זיידן-גלאַנץ, שוואַרץ און מיט אַ מין פונק, ווי פון אַן אַמעטיסט. און בפרט די „הידאַלגאָס", אָט די אויסגעפּוצטע, שטאָלצע „דאָנס", וואָס שפּאַצירן אויף דער „קאַליע", אויף דער שמאָלער גאַס: געבויגענע יידישע נעז, שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, סעמיטישע ליפּן.

דאָן כיל, דאָן פּערנאַן, דאָן כאַימע, קאַוואַלעראָ—איינער גריסט דעם צווייטן מיט אַזאַ צערעמאָניאַלן, אומאייראָפּעישן גרוס, און עס ווייזט זיך אויס, אַז עס איז אַ טעאַטער-שפּיל: אָט-אָט וואַרפן זיי אַראָפּ זייערע פראַקן און זייערע צלמים, וואָס הענגען אַזוי קאָקעטיש אויף דעם קראַוואַט—און עס שפּרינגט אַרויס: ר' חיים, ר' שאלתיאל, אָדער אַן אַבו-האַסאַן, אָדער מאַכמעד-אַב-דאַלאַ.

פון אַ שענקל דערהערסטו אַ ליד. קאַסטאַניעטן קלאַפּן אין טאַקט. און עס ווייזט זיך דיר אויס, דו ביזט אין אַפריקע אָדער

אין ארץ-ישראל, און אַראַבער זינגען פאַר זייערע הייזער דאָס ליד פון דער מזרח-נאַכט.

מזרח. פאַרטריבן די „אומגלויביקע", פאַרברענט די יידן, אַרויס-געוואָרפן די מאָורן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דער מזרח איז געוועזן שטאַרקער פון דער אינקוויזיציע, און וואַלענסיאַ איז געבליבן סעמיטיש, יידיש, אַראַביש, אונטער דעם מאַנטל פון דער קאַטוילי-שער רעליגיע און דער שפּאַנישער שפּראַך.

דאָס איז אייגנטלעך דער היסטאָרישער קאַמף, די היסטאָרישע טראַגעדיע פון שפּאַניע. אַ לאַנד פון מזרח, וואָס האָט געוואָלט זיין מערב. אַפריקע, וואָס צווינגט זיך צו זיין אייראָפּע.

וואָס האָבן אַנדאַלוזיע, אַראַגאָן, אַלט-קאַסטיליע און ליאָן — אָט די הויפּט-פּראָווינצן פון שפּאַניע — וואָס האָבן זיי צו טאָן מיט איי-ראָפּע? איר פאָרט איבער דעם פלאַך פון אַראַגאָן, אויף יעדן טריט: אַראַביע. אַראַביש די חורבות, אַראַביש די נעמען פון די שטעט, אַראַביש די מענטשן. אָדער אַנדאַלוזיע, קאָרדאָוואַ, סעווויליאַ, גראַנאַ-דאַ? יידיש, אַראַביש, נאָר נישט לאַטייניש, נאָר נישט גאָטיש, נאָר נישט שפּאַניש. און הייבט מען אָן זיך צו גריבלען אין דער שפּאַ-נישער געשיכטע, אין די ביאָגראַפיעס פון זייערע גדולים — ווער זענען זיי? אַ שפּאַנישער נאָמען, שטאָלץ און קלינגענדיק, ווי נאָר שפּאַניער פאַרשטייען עס, אָבער הינטער דעם נאָמען אַ—מאַראַן.

אַ שפּאַנישער בישאָף פון דעם זעכצעטן יאָרהונדערט האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז דער גאַנצער שפּאַנישער אַדעל קומט אַרויס פון יידן און פון אַראַבער. און עס איז נישט ווייט פון אמת. ווען מען וואָלט זיי געוועזן געלאָזט צורו, די שפּאַניער, ווען מען וואָלט נישט געוועזן אונטערגעבראָכן מיט געוואַלט די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון דעם לאַנד, וואָלט זיך זיכער געוועזן אויסגעאַרבעט אַן אייגנאַר-טיקע לאַטייניש-אָריענטאַלישע קולטור, אַ צוזאַמענוואַקסן פון קריסט-לעכע, יידישע און מאַכמעדאַנישע עלעמענטן. אָבער רוים האָט גע-וואָלט הערשן, און שפּאַניע איז געוואָרן אַ טראַגיש לאַנד.

פאַרשווונדן די פרייגלעכקייט, די גרינגקייט פון דעם אַמאָליקן לעבן. דער שאָטן פון דער אינקוויזיציע האָט פאַרטונקלט די כמעט-אַפריקאַנישע זון. דער שפּאַנישער קולטור-מענטש געפינט זיך תמיד אין אַ מין צושטאַנד פון גייסטיקער קאָנוולסיע. עס ציטערט אין אים אַן אונטערגעדריקטע ליידנשאַפט, אַ פאַרבאָרגענע שנאה, אַ געהיי-

מע בענקשאַפט. און אָפט ווייסט ער אַליין נישט מער, וואָס דאָס איז. ער ווייסט נישט, אַז דאָס איז דאָס בלוט פון זיינע עלטער-עלטערזיידעס, די אַנוסים, די קרבנות פון דער אינקוויזיציע, וואָס קאָכט אין אים; עס איז זייער צער, וואָס עגבערט אין אים.

און זיי זוכן דעם וועג זיך צו באַפרייען. נישט אומזיסט איז די גאַנצע שפּאַנישע געשיכטע פון דעם אכצעטן און ניינצעטן יאָר-הונדערט פול מיט מערקווירדיקע שפּאַנונג. כמעט אַ יאָרהונדערט האָט געדויערט דער אַזויגערופענער „קאַרליסטישער" קאַמף—אַן אויפשטאַנד פון די קלעריקאַלן, פון די פויערים, פון די „אַלטמאָדישע" קעגן דער „נייער" דינאַסטיע. פון דער צווייטער זייט איז אין שפּאַניע אויסגעוואַקסן די שטאַרקסטע, די פאַרצווייפלטסטע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג. ביידע פּראָטעסטן קעגן דער באַשטייענדיקער אָרדנונג. אַן אינערע אומרו, אַן אומצופרידנקייט, אַ רעוואָלט.

אַזוי איז שפּאַניע נאָך היינט. אַזוי, און נאָך בולטער, איז זי געווען מיט זעכציק יאָר צוריק, ווען עס איז געבוירן געוואָרן אין וואַלענסיאַ דער באַרימטער שריפטשטעלער פון שפּאַניע, וויסענטע בלאַסקאָ-איבאַניעס.

דער פאָטער—בלאַסקאָ—אַ וואַלענסיאַנער; די מוטער—איבאַניעס—פון דער אַלט-אַראַבישער שטאָט אין אַראַגאָן, קאַטאַלאַיוד, אָט דער מערקווירדיקער מאַורעטאַנישער שטאָט, וואָס שטייט אויף אַ באַרג, ווי אַן אַלטע פעסטונג; אַ שטאָט, וווּ כמעט יעדער צווייטער איז אַ מאַראַן.

דער יונגער בלאַסקאָ וואַקסט אויף אין אַ שטורמישער צייט. עס זענען געווען די יאָרן פון דעם שפּאַנישן אויפברויז. די אַלטע אָרדענונג האָט זיך אָנגעהייבן צו וואַקלען. עס האָבן זיך געפונען פירער פון דעם פרייען, ליבעראַלן געדאַנק. סאַגאַסטאַ, קאַסטעליאַר, מאָרעט — די פירער פון די ליבעראַלן, און פי-אי-מאַרגאַל, דער פירער פון די רעפּובליקאַנער, זענען געוואָרן די אָפּגעטער פון דער שפּאַנישער יוגנט. פּאָליטיק ווערט מאָדע אין שפּאַניע. פּאָליטיק, ווי די דרום-פעלקער פאַרשטייען זי, ד. ה. אַן ענטוזיאַסטישע, אָראַטאָרישע און צום לעצטן שפּיץ — אומפּרוכטבאַרע רעאַגירונג אויף דער סביבה. דער יונגער וויסענטע, קוים וואָס ער דערענדיקט דעם אוניווערזיטעט, איז געוואָרן אַן „אַדוואָקאַט"—און כמעט יעדער אינטעליגענט אין שפּאַניע איז אַן אַדוואָקאַט. עס איז דאָ אַפילו אַזאַ שפּאַניש

ווערטל: „יעדער שפּאַניער איז אַן אַדוואָקאַט, ביז ער באַווייזט נישט, אַז ער איז עס נישט." קוים וואָס וויסענטע בלאַסקאָ גייט אַרויס פון די קינדעריאָרן, וואַרפט ער זיך אַריין אין פּאָליטיק און אין זשורנאַליזם. ער ווערט אַ רעפּובליקאַנער און הייבט אָן צו שרייבן, און דערנאָך צו רעדאַגירן — אַ צייטונג „על פּועבלאָ", דאָס פאָלק.

און באַלד דערפילט ער דעם טעם פון פּאָליטישן זשורנאַליזם אין אַזאַ אָפּגעשטאַנען לאַנד.

אָט וואָס ער דערציילט אַליין וועגן זיין לעבן — אין אַ בריוו צו דעם פּראָפעסאָר פון אַ „געשיכטע פון דער שפּאַנישער ליטעראַטור", דעם גלח כוליא סעכאַדאָר, אין דעם יאָר 1918: „איך בין אַ מענטש פון טאַט, און מיין לעבן איז אָנגעפילט געווען מיט אַ סך אַנדערע זאַכן, אַ חוץ שרייבן ביכער; איך בין געווען אַ פּאָליטישער אַגיטאַטאָר; איך האָב פאַרבראַכט אַ טייל פון מיין יוגנט אין טורמע. איך בין געווען אַ פאַרשיקטער. איך בין געווען שווער פאַרוווּנדעט אין שאַרפע דועלן. איך האָב געליטן די שווערסטע נויט, געליטן הונגער. איך בין געווען זיבן יאָר נאָכאַנאַנד אַ דעפּוטאַט אין דעם פּאַרלאַמענט; איך האָב זיך געקענט מיט די פירער פון די פּאַרטייען, מיט די הערשער פון דעם לאַנד; איך בין געווען אַ געשעפטסמאַן; מיליאָנען זענען געגאַנגען דורך מיינע הענט; איך האָב געגרינדעט דערפער אין אַרגענטינע", א. אַז. וו.

דער בריוו איז אַ לאַנגער און איך וויל אים נישט ציטירן אינגאַנצן. ער איז אויך אַ ביסל אַ באַרימערישער.

אָבער אַזוי איז ער געווען, דער מערקווירדיקער וואַלענסיער בלאַסקאָ, וואָס האָט זיך צוגעלייגט דער מוטערס נאָמען איבאַניעס, בדי זיך צו אונטערשיידן פון די עטלעכע בלאַסקאָס, וואָס האָבן אין דער אייגענער צייט, ווי ער, געשפּילט אַ ראָלע אין דער שפּאַנישער ליטעראַטור.

פּאָליטיקער, דעפּוטאַט, קעמפער, רעדאַקטאָר, אונטערנעמער. ער האָט געגרינדעט צייטונגען און האָט נישט געהאַט כמעט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דעם דרוק. ער האָט געגרינדעט קאָלאָניעס אין די אַרגענטינישע פּאַמפּאַס — ביי דער שטאָט קאָריענטעס — און איינע פון די קאָלאָניעס האָט געטראָגן דער נאָמען פון סערוואַנטעס. אָבער דער סוף איז געווען: די קאָלאָניע איז אונטערגעגאַנגען און זיין פירמע האָט באַנקראָטירט.

ער האַלט אין איין אַרומפאָרן איבער דער וועלט. היינט אין שפּאַניע, מאָרגן אין פּאַריז, אין ניצע, באַלד איז ער אין איטאַליע און דערנאָך זעט מען אים אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ער פאָרט אַהין און צוריק איבער דעם אָקעאַן. דער וועג צווישן אייראָפּע און אַמעריקע, שפּאַניש-אַמעריקע, צפון-אַמעריקע, איז פאַר אים אַ וואָכעדיקע זאַך.

אינדערהיים, אין וואַלענסיע, אַ פאַמיליע, אַ גראָבע שפּאַניערין, מיט דריי אָדער פיר קינדער. ער האָט אַ ווילע אין שפּאַניע, אַ ווילע אין מענטאָן, אַ וואוינונג אין פּאַריז. און אומעטום האָט ער ביכער, ביכער אָן אַ שיעור, מחמת אָט דער אייביקער וואַנדערער און אַגי-טאַטאָר און שרייבער איז אַ ליידנשאַפטלעכער לעזער. ער לייענט נישט, ער פאַרשלינגט. און אַלצדינג איז אים רעכט: בעלעטריסטיק, גע-שיכטע, וויסנשאַפט, אַפילו די חכמה פון סטראַטעגיע, אַבי נאָר אַ פּאָר טאָוולען מיט באַדרוקטן פּאַפּיר צווישן זיי.

אָט אַזוי איז דאָן וויסענטע בלאַסקאָ-איבאַניעס — דער מענטש, און אָט אַזוי — אויך דער שרייבער.

מען האָט זיך אין שפּאַניע, ד. ה. אין אירע אַרטיסטישע און אינטעלעקטועלע קרייזן, געוווּנדערט, פונוואַנען עס קומט אָט די אומ-געהייערע פּאָפּולאַריטעט פון זייער צו ענערגישן לאַנדסמאַן. זיי, די אַריסטאָקראַטן פון דער שפּאַנישער ליטעראַטור, וואַלעראַ, פּערעץ, גאַלדאָס, פּערעדאַ, דער פּערואַנער ראַמאָן דע וואַל אינקלאַן, אזאָרין, פּיאָ באַראָראַ אונאַמונאָ, און די אַנדערע, די פיינע אַנאַליטיקער, די מיסטיקער, די עסטעטן, די קינסטלער, האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, וואָס בלאַסקאָ איבאַניעס איז געוואָרן ד ע ר גרעסטער רעפּרעזענטאַנט, יעדנפאַלס דער געלעזנסטער, פון דער שפּאַנישער ליטעראַטור אין דער וועלט.

בלאַסקאָ! וואָס איז ער, וואָס קאָן ער? אַ פּיל-שרייבער, אַ זשורנאַליסט, אַ פּראָפּאַגאַנדיסט! בלאַסקאָ! דער „טאַרטאַרן פון דער רעוואָלוציע", אַ באַימער, אַ מענטש אָן אַ סטיל, אַן אויבערפלעכלע-כער. אַזוי האָבן געזאָגט די קינסטלער. און זיי זענען געווען גערעכט. בלאַסקאָ איבאַניעס, דער שפּאַנישע זאָלאַ, ווי מען האָט אים גערופן, איז געווען ווייט פון קינסטלערשאַפט. אויב קונסט איז: די וועלט גע-זען דורך אַ טעמפּעראַמענט—איז זיין קונסט געווען אַ זייער צווייפל-האַפטע. נישט דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין טעמפּעראַ-מענט, נאָר חייל זיין זען איז געווען זייער בספק. ער האָט אַמאָל

פון זיך אַליין געזאָגט: „דאָס, וואָס איך דערזע נישט אין דעם ערשטן מאָמענט, זע איך שוין קיינמאָל נישט". דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם זשורנאַליסט, פאַר דעם אומקינסטלער. דער קינסטלער זעט קיינמאָל נישט צום ערשטן מאָל. ווייל די וועלט לאָזט זיך נישט זען אויף אַמאָל. זי איז פאַרשלייערט און שטרענג. מען דאַרף זי זייער לאַנג בעטן. מען מוז זיך צו איר אײַנגאַנצן איבערגעבן, ביז זי וועט דערלויבן אויפצוהייבן אויף אַ ווייל דעם זוים פון איר שלייער.

די וועלט פון דעם קינסטלער איז פול מיט סודות און מיט רמזים. פאַר בלאַסקאָ-איבאַניעס אָבער איז זי געווען קלאָר, פשוט. אַלצדינג—נאַטור, געשיכטע, ליבע, טויט. אַלצדינג איז געווען ביי אים בלויז אַ מיטל פאַר פראָפּאַגאַנדע. עפּעס אַ פראָפּאַגאַנדע. עפּעס אַ קאַמף. ער האַלט אין איין קעמפן קעגן דער צייט, אָדער, ריכ־טיקער,—קעגן דער ירושה פון די פריערדיקע צייטן. און אַלע זיינע ראָמאַנען האָבן אַ טענדענץ. אַזוי קעמפט ער אין דעם באַרימטן ראָמאַן „די קאַטעדראַלע" קעגן דער הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירך. די קאַטעדראַלע פון טאָלעדאָ איז דער סימבאָל: דער אַנאַר־כיסט גבריאל לונא, דער צעבראָכענער און קראַנקער אידעאַליסט, וואָס קומט אַריבער אין זיין געבורטשטאָט טאָלעדאָ, צו זיין ברודער, אַ גלאָקנקלינגער אין דער קאַטעדראַלע, — ער איז דער סימבאָל פון ניי־שפּאַניע, וואָס פירט אַ קאַמף אויף טויט און לעבן מיט דער „קאַטעדראַלע". אַ ראָמאַן, וואָס איז, אייגנטלעך, גאָר קיין ראָמאַן נישט, בלויז אַ צונויפגעשטוקעוועטע דערציילונג אַרום אַ היסטאָרישן סימבאָל. און בלאַסקאָ-איבאַניעס שרייבט בלאַט נאָך בלאַט וועגן דער געשיכטע פון אַלט-שפּאַניע, רעווידירט די אַלטע אַקטן, קריטיקירט די פּאָליטיק פון פערדינאַנד און איזאַבעלע, פון טאָרקוועמאַדאָ, א. אַז. וו. קריטיקירט, אָבער מאָלט נישט. דיספּוטירט, אָבער פאַרטייטשט נישט. ער איז גערעכט אין זיינע טענות. אָבער עס זענען בלויז טענות, נישט קיין קונסט.

אַזוי אויך אין זיין צווייטן באַרימטן ראָמאַן „בלוט און זינד", וואו ער קריטיקירט די שפּאַנישע „טאָרעראָס", די נאַציאָנאַלע מאַניע פאַר בלוט און אכזריות. אַזוי אַפילו אין זיין ראָמאַן, וואָס איז אַזוי נאָענט גראָד צום יידישן האַרצן: „די טויטע הערשן".

וואָס פאַר אַ וווּנדערבאַרע טעמע: דער ראָמאַן שפּילט זיך אָפּ אויף דעם אינזל מאַיאָרקאַ. אַן אַלט-אַדעליקער, דאָן פעברער, ווערט

רואינירט. ער געפינט נישט קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר חתונה האָבן מיט דער טאָכטער פון דעם גרעסטן גביר אין פּאַלמאַ, דער הויפּטשטאָט פון מאַיאָרקאַ — דער דאָנאַ קאַטאַלינאַ וואַלס.

אָבער קאַטאַלינאַ איז אַ „טשועטאַ". זי איז אַ טאָכטער פון אַ מאַראַן. פיר הונדערט פופציק יאָר נאָכאַנאַנד לעבן זיי דאָרט, די מאַראַנען פון מאַיאָרקאַ. קריסטן, קאַטויליקן, פרומע, צו פרומע אפילו. אָבער עס העלפט זיי נישט. זיי זענען פאַרשפּאַרט אין זייער „גאַס". קיינער באַגעגנט זיך נישט מיט זיי. מען האָט זיי פיינט, מען מאַכט אויף זיי פּאָגראָמען, זיי זענען — יידן, „טשועטאַס".

די קללה פון דורות ליגט אויף זיי. נאָכמער — די קללה פון קנעכטשאַפט, פון פאַרראַט. זיי האָבן געבויגן דעם רוקן, זיי האָבן פאַרראַטן זייער פאָלק — און צאָלן דערפאַר ביטער און שווער.

וואָס וואָלט אַ קינסטלער געמאַכט פון אַזאַ ווונדערבאַרער טעמע? ער וואָלט אונדז געוויזן די „טשועטאַס", ווי זיי לעבן, זייער פּיין, זייער נויט, זייער בענקשאַפט. ער וואָלט אונדז געוויזן — ווי אַזוי און פאַרוואָס מענטשן ליידן און דולדן.

אָבער בלאַסקאָ-איבאַניעס האָט בלויז אויסגענוצט דעם מאָטיוו, כדי צו דעקלאַמירן וועגן דעם, אַז „די טויטע זענען שטאַרקער ווי די לעבעדיקע"; אַז ער איז געקומען צום שלוס, אַז די לעבעדיקע קאָנען, מוזן, זאָלן אָראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון די טויטע. זיין העלד, פעברער, האָט טאַקע נישט חתונה פאַר דער „טשועטאַ". אַזוי ווייט האָט איבאַניעס ליבעראַליזם נישט געטראָגן; אָבער דערפאַר האָט ער חתונה מיט אַ דאָרף-שיקסע, דער טאָכטער פון אַן אייניקל פון אַראַבער, „פעפּ אַראַבי".

אָדער אָט זיין ראָמאַן, וואָס האָט אים געבראַכט דעם וועלט-רום און אַ פאַרמעגן: „די פיר רייטער פון דעם אַפּאָקאַליפּסיס", דער מלחמה-ראָמאַן. עס איז פאַר אים געווען קלאָר: די דייטשן זענען אין אַלצדינג שולדיק; די דייטשן זענען ברוטאַלע חיות; זיי זענען קאָמיש, זיי זענען פּעדאַנטיש, זיי זענען אכזרים; זייער ווייסנשאַפט, זייער פילאָזאָפיע — אַלצדינג איז בלויז „מאַכט", א. אַז. וו.

מלחמה-פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע פאַר די „אַליאירטע". ערלעך געמיינט, אין געוויסע פּונקטן אויך גערעכט, גערעכט אין זיין ליבע צו פראַנקרייך, אין זיין קריטיק פון דעם דייטשן יונקער, אָבער ווי אומקינסטלעריש, ווי געכאַפּט, ווי גאַלאָפּירנדיק! ער האָט אַפילו זיך

נישט אָפּגעשטעלט צו זען, ווי אַ קינסטלער; ער האָט תּיכּף „דערזען", און וואָס ער האָט דערזען, האָט ער געזאָגט מיט זיין ברייטן קליי-גענדיקן, אָבער אָן ניואַנסנדיקן סטיל.

זיינע שונאים האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ ליטעראַרישער אַגענט פון פראַנקרייך. עס איז זיכער אַן איבערטרייבונג. פאַרקערט, אַ סך שפּאַנישע שריפטשטעלער האָבן אין דער צייט פון דער מלחמה גיכער פאַרדינט דעם טיטל פון „דייטשע פּראָפּאַגאַנדיסטן". זיין ליבע צו פראַנקרייך איז געווען אַזאַ נאַטירלעכע, אַז עס האָבן גאָרנישט באַדאַרפט צוקומען אַנדערע, זייטיקע מאָטיוון.

ער, דער דרום-לענדער מיט דעם מזרח-בלוט; ער, דער ראָמאַנ-טיקער, דער מענטש פון דער ברייטער פראַזע און דעם אָראַטאָרישן זשעסט, האָט געמוזט זיין פאַרליבט אין פראַנקרייך, אין דער פראַנק-רייך פון וויקטאָר הוגאָ, דעם דיכטער פון די קלינגענדיקע ווערטער; דער פראַנקרייך פון דער רעוואָלוציע, פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, פון דער דראַמאַטישער דעמאָקראַטיע.

• •
•

די מלחמה פאַרגייט, אַן אַנדער מלחמה הייבט זיך אָן: די מלחמה פאַר דער דעמאָקראַטיע. דער שפּאַנישער קעניג, איבאַניעסעס אַלטער קעגנער, און דער מאַרשאַל פּרימאָ דע ריווערא צעטרעטן די קאָנסטיטוציע, שאַפן אַ דיקטאַטור. און בלאַסקאָ, דער קינסטלער, ווערט אַנטשוויגן. דער פּאָליטיקער, דער אַגיטאַטאָר, וואַכט אויף. און ער הייבט אָן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט מיט די דעספּאָטן פון שפּאַניע. אַ קאַמף, וואָס זיין טויט האָט פאַרענדיקט.

אַ שטורמישע, אַ מערקווירדיקע קאַריערע. אָנגעהייבן ווי אַ זשורנאַליסט, באַרימט געוואָרן ווי אַ ראָמאַניסט. אָנגעהייבן אין אָרעמ-קייט און געשטאָרבן כּמעט אַ מיליאָנער.

אָבער אין דער יוגנט, ווי אויף דער עלטער, אין אָרעמקייט, ווי אין לוקסוס פון עשירות, אין וואַלענסיאַ, ווי אין מענטאָן — אומעטום אַ קעמפער. איינער פון די לעצטע פּראָטעסטן פון דעם אַלטן מזרח, וואָס רוים, וואָס דער מערב האָט געוואָלט גובר זיין און נישט געקאָנט. דער שטאַרקסטער עכאָ פון דעם אויסגעשריי, וואָס האָט געהילכט אַמאָל איבער שפּאַניעס בערג און טאָלן, איבער די גאַסן פון סעווילאַ און טאָלעדאָ; דער געשריי פון די, וואָס טאָרקוועמאַדאָ האָט פאַרברענט אין דעם נאָמען פון דעם „גלויבן".

דער פּראָטעסט פון „טויטע" קעגן „די טויטע".

ווייל — די טויטע הערשן פאַרט.

## זשול ווערן.

דאָס האַרץ טיאַקקעט. דער זייגער, דער אומבאַרחמנותדיקער גרויסער, לאַנגער וואַנטזייגער, מיט די צוויי הענגענדיקע, שווערע, גלאַנצנדיקע, מעשענע געוויכטן האַלט אין איין טיקען. טיק-טיק—און עס לויפט די צייט. באַלד-באַלד קומט דער לערער און די „אוראָקען" זענען נאָך נישט געמאַכט. און מאָרגן — די שולע, און גאָרנישט צוגעגרייט.

פון דעם צווייטן צימער דערהערט זיך אַ שטרענגער קול:

„וואָס טוסטו דאָרט? האָסט שוין געמאַכט די הויז-אַרבעט?"

עס ווילט זיך זאָגן אַ ליגן, אָבער מען קאָן נישט. דיין איי-גענער קול וועט דיך אויסגעבן. זיי דערקענען דאָך אַזוי גרינג, די גרויסע, דערוואַקסענע, ווען דו זאָגסט אַ ליגן. פונוואַנען קומט עס? און דעם אמת האָסטו אויך מורא צו זאָגן. באַלד קומט אַריין דער טאַטע און טוט אַ קוק אויף דיר שאַרף, קוקט דיר איבער דעם אַקסל: „וואָס, שוין ווידער? ווידער מעשהלעך? נאָר ראָמאַנען, נאָר נאַרישקייטן. עפעס רעכטס, עפעס תכליתדיקס גייט אים נישט אין זיין קאָפּ!" און רייסט דיר אַרויס דאָס ביכל פון דער האַנט און וואַרפט עס אַוועק אָדער נאָך ערגער — נעמט עס צו זיך. און עס ענטפערט זיך: „באַלד-באַלד, איך האָב היינט נישט קיין גרויסע הויז-אַרבעט".

נאָך אַ גיכן קוק אין דעם ביכל אַריין — דער זייגער טיקעט ווייטער — און מיט אַ זיפץ מאַכט זיך דאָס ביכל ווי אַליין צו — און דו נעמסט „אַרבעטן", נעמסט זיך צו אַ לאַנגוויילי‍קן לערנבוך פון לאַטיין, גראַמאַטיק אָדער פון אַריטמעטיק.

„אַבלאַטיוווס אַבסאָלוטוס", „אוט קאָנסעקוטיווום" — די פּאַר-
מולעס און רעגלען פון דער לאַטייַנישער גראַמאַטיק ווילן אַזוי עקשנותדיק נישט אַריין אין קאָפּ אַריין. עפּעס גליטשן זיי זיך אויס, פליען אַרויס, און דו קאָנסט זיי נישט כאַפּן. די ליפּן זאָגן ווערטער, אָבער אין דעם אויער קלינגען זיי גאָר אַנדערש. די ליפּן זאָגן עפּעס אַ לאַטייַנישע פראַזע אַרויס פון דעם אַלטן קאָרנעליוס נעפּאָס אָדער פון סאַלוסט, אָבער דו הערסט זיי גאָרנישט. ערגעץ ווו זיצט אַן אַנדערער, ערגעץ אין דיין מוח און שפּינט ווייטער די מעשה, וואָס דו האָסט נאָר וואָס געלייענט, און דו זעסט: ווייטע ימים, מדבריות, שיפן אונטער דעם וואַסער, מענטשן טיף אונטער דער ערד, מענטשן פליענדיק צו דער לבנה. דו זעסט קאַפּיטאַן נעמאָ, פילעאַס פאָג און זיין משרת פּאַספּאַרטו, פאָרסט מיט אים אין אַכציק טעג אַרום דער ערד — פון לאָנדאָן איבער עגיפּטן, אינדיע, יאַפּאַן, סאַן פראַנציסקאָ, צוריק קיין לאָנדאָן.

דו גייסט מיט דעם האַמבורגער פראָפעסאָר טיף אונטער דער ערד, לאָזט זיך אַראָפּ מיט אים אין אַ קראַטער, דעם לאָך פון דעם האַלב-אויסגעלאָשענעם ווולקאַן סרעפעלס אין איסלאַנד — גייסט אַלץ טיפער, טיפער, כדי צו דערגיין צום צענטער פון דער ערד. ווייל אַזוי האָט דער פראָפעסאָר געפונען אין אַן אַלטן מאַנוסקריפּט פון דעם זעכצעטן יאָרהונדערט, אַ מאַנוסקריפּט פון איינעם אַרנע סאַק-מוסען, געשריבן מיט שפּיגל-כתב. דו גייסט מיט אים און שרעקסט זיך: אָט קומט דער פראָפעסאָר צו דעם „מיטלפונקט" פון דער ערד און פאַלט אַריין אין אַ העלישן פייער. און פלוצלונג קומסטו מיט אים אַרויס אַ גאַנצער, אַ לעבעדיקער — „ווו זענען מיר?" פרעגט איר ביידע, דו און דער פּראָפעסאָר, ביי אַ פּאַסטוך, און דער פּאַסטוכל ענטפערט: „סטראָמבאָלי!" אַראָפּגעלאָזט זיך אין דער ערד אויף דער אינזל איסלאַנד, אין דעם העכסטן צפון, און אַרויסגעקומען אין דעם העכסטן דרום-פונקט פון אייראָפּע.

און נאָך, און נאָך. דאָ גייען דיר נאָך געשטאַלטן. דו רעדסט וועגן זיי מיט דיינע חברים. און איר פּרוווט נאָכצוטאָן: אפשר זיך אַראָפּלאָזן אין אַ ברונעם, און דערגיין צו דעם מיטלפונקט פון דער ערד. איר קוקט אַראָפּ — עס איז טיף און פינסטער און שרעקעדיק. איר האָט אויך נישט קיין לאַנגן שטריק. און די אונטערנעמונג ווערט אָפּגעלייגט.

אָבער דערפאַר ווי רעדט זיך איבער דעם! און ווי חלומט עס זיך — אויף דעם געלעגער, אין די לאַנגע ווינטערנעכט, ווען עס איז אַזוי מוראדיק שטיל און ווען שאָטנס קריכן איבער די ווייסע ווענט!

איבערגעלייענט אַלע ביכלעך, וויפל זיי זענען געווען אין דער ביבליאָטעק. דער זייגער האָט געטיקט און געטאַקט — און ביסלעכ-ווייז זענען די יונגע יאָרן, די קינדעריאָרן צערונען געוואָרן. פאַר-שווונדן און פאַרגעסן. אַלע חלומות פון די קינדעריאָרן איינגע-פאַקט ערגעץ אויף אַ בוידעם. דאָרט ליגן זיי פאַרשטויבטע, אין שפּינוועב פאַרשפּונענע.

פאַרווייעט די וועגן אונטער דער ערד און צו דער לבנה. די ערד איז שטאַרקער, ווי די חלומות. און זי רופט, און זי ציט אונדז, צווינגט.

ווי ליאַלקעס ליגן זיי, די העלדן פון די ערשטע ביכער. און לעבן זיי—איינזאַם, טרויעריק, שמייכלנדיק, אויך פאַרשטויבט און פאַר-געסן—דער קינסטלער, וואָס האָט געשאַפן די ליאַלקעס, דער שפּינער פון די חלומות.

קינדער זענען אומדאַנקבאַר, און זיי פאַרגעסן.

ביז זיי וואַקסן אַליין אויס און ווערן אַליין פאָטערס און מוטערס — און דער ציקל הייבט זיך אָן אויפסניי: „וואָס טוסטו דאָרט, וואָס לייענסטו? די נאַרישע מעשיות?" און אַ ציטערדיק, אויפגערעגט, הייס קול, דאָס קול פון אַ קינד, ענטפערט: „אָט באַלד, אָט תיכף".

און דער פאָטער נעמט אויפסניי דאָס אַלטע ביכל אין דער האַנט, טראָגט עס אַריין צו זיך אין צימער, און עס קערט זיך אום אויף אַ ווייל אַלצדינג, וואָס איז אַמאָל געווען. און ווידער טיקט דער זייגער, טאַקט דער זייגער — עס רינט די צייט — און דער גרויסער לייענט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם די מעשה פון ווייטע סטעפּעס, פון ימים און מדבריות, פון מאַשינען, וואָס טוען אויף וווּנדער. ער לייענט ווידעראַמאָל — זשול ווערן.

* * *

איך בין זיך מודה. אַט אַ גאַנצע וואָך, וואָס איך האָב זיך גענומען אַ מין אורלויב פון מיין דערוואַקסנקייט. צופעליק האָב איך אין אַ צייטונג איבערגעלייענט, אַז מען פייערט אין פּאַריז דעם הונדערט-יעריקן „געבורטסטאָג" פון זשול ווערן. עמעצער אין פּאַריז האָט זיך דערמאָנט, אַז דעם 8-טן פעברואַר, 1828, איז געבוירן געוואָרן אין דער אַלטער פראַנצויזישער שטאָט נאַנט דער באַגליקער פון דריי קינדער-דורות. איבערגעלייענט די מעלדונג און זיך לכתחילה גאָרנישט פאַרטראַכט. זשול ווערן! קינדערייען! פונקט ווי מיין ריד אָדער גוסטאַוו עמאַר, אָדער פענימאָר קופּער — אַט די אַלע דערציילער פון אַוואַנטורעס, פון אינדיאַנער-קאַמפן, פון העלדן און טייוולאָנים אין מענטשלעכער געשטאַלט!

אָבער באַלד האָט זיך ערגעץ אין מיר אָנגעהייבן צו רירן אַ מין מערקווירדיקע בענקשאַפט.

נייגיר נאָך דעם „אַמאָל".

איך האָב שוין כּמעט אַלצדינג פאַרגעסן. בלויז דער נאָמען פון דעם פּראָפעסער איז מיר געבליבן. און איך האָב געוואָלט וויסן — וואָס האָט מיך אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט אין די יאָרן פון פרישקייט?

אַ גאַנצע ריי פון ביכער, קוריאָזע נעמען — און איך האָב אָנגעהייבן צו לייענען. איך האָב געוואָלט אָנטאָן אַ נחת-רוח דעם באַהאַלטענעם קינד. איך האָב געפילט, ווי עס האָט געקוקט אויף מיר, ווי זיין ציטערדיקער בליק האָט זיך געבעטן ביי מיר: צעשטער מיר נישט מיין פרייד, שפּאָט נישט איבער מיין—זשול ווערן.

און איך האָב נישט געוואָלט מצער זיין דאָס קינד. געלייענט. אַזוי ערנסט, ווי איך האָב נאָר געקאָנט. איבערגעשפּרונגען די בלעטלעך, ווו זשול ווערן דערציילט דאָס, וואָס מיר ווייסן היינט שוין בעסער. פאַרקוקט געוויסע נאַיוויטעטן, פאַרשטיקט אין זיך דעם קריטישן געדאַנק, אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט די ליטעראַרישע מאָס — ווידער געוואָלט ווערן — קינד און חלומען.

עס איז מיר נישט געראָטן. אָבער עס איז נישט אינגאַנצן מיין שולד. ווען איך לייען האַנז אַנדערסענס מעשיות, ווער איך דעם

נישט פאַרגאַפּט און געפּענטעט, ווי אַמאָל? און אפשר נאָכמער, ווי אַמאָל, ווייל איך פיל ערשט איצט, ערשט אין די רייפע יאָרן, די שיינקייט, די מילדקייט, די טיפקייט פון אַנדערסענס אומפאַרגעסלע־כער פּאָעזיע! אָדער ראָבינזאָן קרוזאָ! אָדער אַפילו סטיווענסאָנס „טרעזשור איילאַנד"! ריינע פאַנטאַזיע. אייביק־מענטשלעך, נישט צייט־געבונדן.

זשול ווערן אָבער איז געווען אַ דיכטער פון וויסנשאַפט, אַ פּאָעט פון טעכניק. און די וויסנשאַפט פון זעכציק אָדער אַכציק יאָר צוריק איז געווען אַזוי פּרימיטיוו אין פאַרגלייך צו דער הייַנטיקער.

וועמען קאָן היינט פאַרחידושן די פאַנטאַזיע־טעכניק פון זשול ווערן אין אַ צייט פון ראַדיאָ, פון טעלעוויזיע, פון מוזיק „פון דער לופט"?

אָדער וואָס איז היינט אַ רייזע פון אַכציק טעג אַרום דער ערד, אין דער צייט, ווען עס פליען לופטשיפן איבער די אָקעאַנען און קומען אין דריי און דרייסיק שעה פון ניו־יאָרק קיין פאַריז?

און איך קאָן פאַרשטיין, פאַרוואָס די קינדער פון היינט האָבן שוין נישט דעם ברענענדיקן אינטערעס פאַר זשול ווערן, אָדער אפילו פאַר אַנדערע, נייערע, פון דער אייגענער ריכטונג. צו שטור־מיש איז די צייט, צו רעשיק. יעדן טאָג עפּעס נייס. אַנטדעקונג נאָך אַנטדעקונג. וווּנדער נאָך וווּנדער. דער לייוונט אין דער „מוווי" ווייזט אַזויפיל חידושים, דערציילט פון די ווייטסטע לענדער, ווייזט די פאַרביקע, רייכעווירקלעכקייט, און עס בלייבט שוין כמעט גאָר־נישט איבער פאַר דער פאַנטאַזיע. דאָס הייַנטיקע קינד, דער הייַנ־טיקער מענטש איז איבערגעזעטיקט. זיין נייגיר קאָן נישט נאָכקומען דעם שטאָף. עס איז צופיל.

און מערקווירדיק, דער קינדער־דיכטער זשול ווערן איז גע־שטאָרבן פאַר די קינדער, לעבט אָבער נאָך פאַר די דערוואַקסענע, פאַר די קינדער פון אַמאָל. אַ לעגענדע פון אונדזער יוגנט.

ער איז געווען שוין ביים לעבן אייגנטלעך אַ לעגענדע. מען האָט גאָרנישט געגלויבט, אַז עס איז באמת פאַראַן אַזאַ מענטש, וואָס הייסט זשול ווערן און שרייבט פאַנטאַסטישע ראָמאַנען.

און מען האָט דערציילט אַלערליי מעשיות. איינער האָט „אויס־געפונען", אַז עס איז גאָר קיינמאָל נישט געווען אַזאַ מענטש", און אַז זיין נאָמען איז אַ פּסעוודאָנים פון פאַרשידענע שרייבער, וואָס

אַרבעטן פּאַר אַ בוך־פירמע. אַנדערע האָבן אַנטדעקט (נאָך זיין טויט, אין 1905), אַז ער איז אַ פּוילישער ייד, פון פּלאָצק, הייסט אָלשעווסקי, און אַז „ווערן" איז די פראַנצויזישע איבערזעצונג פון דעם פּוילישן וואָרט „אָלכא". מען האָט אַפילו דערציילט, אַז ער האָט אַ ברודער אָלשעווסקי אין פּוילן און אַ משפחה אין ניו־יאָרק, א. אַז. וו.

איך ווייס נישט, וויפל אמת עס איז פאַראַן אין דער לעצטער „השערה", וואָס איז, איבעריקנס, געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין די לעצטע יאָרן, אַזוי, אַז איך האָב מיך אויך באַנוצט מיט איר אין מיינעם אַן אַרטיקל.

אָבער עס איז מיר אַזוי אומוויכטיק — און ווען איז עס וויכטיק, ווער זשול ווערן איז געווען? אַ פראַנצויז פון נאַנט אָדער אַ ייד פון פּלאָצק — וואָס איז דער חילוק? ער ווערט דערפון נישט גרעסער און נישט קלענער, נישט לעבעדיקער און נישט טויטער.

אַזוי אָדער אַזוי — איז ער שוין בלויז אַ לעגענדע פון צוויי אָדער דריי דורות, פון די טאַטעס פון היינט און פון די זיידעס.

אַ לעגענדע פון אַמאָליקער וויסנשאַפט, פון דער פראַנצויזישער טעכניק.

דאָס וואָס, איז פאַר אים געווען אַן אַוואַנטורע — פאַר אונדז איז עס אַ טאָג־טעגלעכקייט. דער חלום פון זיין צייט איז דיווירק־לעכקייט פון היינט און די באַנאַליטעט פון מאָרגן.

אונדזערע קינדער לייענען אים נישט מער, אָדער נישט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, ווי מיר. אָבער ווער ווייסט, ווער פון אונדז איז רייכער — מיר, וואָס זענען באַגייסטערט געוואָרן פון קאַפּיטאַן נעמאָ און אַנדערע זשול ווערנישע געשטאַלטן, אָדער זיי, וואָס ווייסן שוין אין דער יוגנט אַזויפיל און ווערן כמעט גאָרנישט באַגייסטערט?

אונדז איז געווען בעסער פון זיי. אָרעמער, געוויס, ענגער דער לעבנסקרייז, קליינשטעטיש און נאַיוו. יאָ, יאָ, אָבער ווי רייך די פאַנטאַזיע, ווי ברייט די וועלט פון מעגלעכקייטן! מיר האָבן גע־חלומט פון איבערמענטשלעכקייטן, פון אוממעגלעכקייטן. די קינדער פון היינט אָבער — זייערע מעגלעכקייטן זענען אַזוי ברייט, אַז עס פאַרטריקנט געוואָרן דער קוואַל פון אוממעגלעכקייטן. די אָרעמע קינ־דער, זיי זענען גאָרנישט דורשטיק!

* * *

דורכגעלייענט די בענדער פון זשול ווערן. אַ ביסל פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין. דער קול פון מיין פאָטער האָט זיך דערהערט פון דעם תהום פון די צייטן: „נאַרישקייטן! קינדערייען! אַבי פטרן צייט!"

איך שטעל אַוועק די ליאַלקעס אויף דעם בוידעם, אין דעם קאַסטן, ווו איך האַלט די קינדהייט — און געזעגן זיך נאָכאַמאָל מיט דעם אַלטן, גוטן, ליבן שפינער פון חלומות — זשול ווערן. מן הסתם אויף זייער לאַנג.

# גערהאַרט הויפּטמאַן.

דער נאַציאָנאַלער פּאָעט! א „קלאַסיקער". שוין פון לאַנג, שוין אַ יאר צוואַנציק, אויב נישט מער. און אַ פּאַרעגדיקטער, אַזוי ווייט ווי עס איז מעגלעך — פּאַר א מענטשן.

און מערקווירדיק, די, וואָס פייערן אים, ווייסן נישט, פּאַרוואָס. און דער געפייערטער אַליין האָט אויך פּאַרגעסן, וואָס זיין אייגנטלע־כער צענטער איז, אָדער — ריכטיקער — ער האָט עס קיינמאָל נישט געוווּסט.

נאַציאָנאַל־דיכטער! אַזוי איז ער עס געוואָרן. דורך פּאָליטיק — נישט זיין פּאָליטיק. אַזוי האָט עס די צייט געבראַכט מיט זיך. דערפּאַר וואָס הויפּטמאַן האָט אַנגעשריבן אַמאָל, אין זיין ערשטער יוגנט „די וועבער" און „האַנעלע" — דערפּאַר האָט אים דאָס נייע, דעמאָקראַטישע, האַלב־ אָדער פּערטל־סאָציאַליסטישע דייטשלאַנד גע־מאַכט צום פּאָנען־טראָגער פון ניי־דייטשלאַנד.

עס איז אפשר א מיספּאַרשטענדעניש. דייטשלאַנד זוכט א גייס־טיקן סימבאָל, אַן אָנלענונג, אַן אויסדרוק, און האָט נישט. זי האָט אים געהאַט אין געטע. דער „האַרמאָנישער" מענטש, דער „גאַנצער", רויק און אַנטי־רעוואָלוציאָנער, „אויסגעגלייכט", מער פילאָזאָפיש, ווי קינסטלעריש, מער לייריש, ווי דראַמאַטיש. אָבער געטע פּאַסט נישט מער פּאַר ניי־דייטשלאַנד. ער איז צו רויק — און דייטשלאַנד קאָכט; ער איז צו קיל — און איבער דייטשלאַנד איז געקומען א הייסע ליידנשאַפט; ער איז צו אַלמענטשלעך — און דייטשלאַנד וויל זיך געפינען, וויל זיך פּאַרשטיין.

דייטשלאַנד האָט געזוכט איר דיכטער, און האָט זיך געמוזט — ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן — אָפּשטעלן ביי גערהאַרט

הויפטמאַן. זי האָט נישט קיין ברירה. ווער, ווער זאָל זיין איר וואָרט! ריכאַרד דעמעל איז שטאַרקער און טיפער פון הויפטמאַנען. אָבער דעמעל איז פינסטער און טויט. אָדער אפשר סטעפאַן געאָרגע — דער אומפאַרגלייכלעכער ליד־ און שפּראַך־קינסטלער? ער איז צו קאַלט. אָדער רייַנער מאַריאַ רילקע, אָט דער גאָט־געבענטשטער פּאָעט? ער איז צו טיף, צו אָפּגרונטיק.

עס איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען. מען האָט געוואָלט זיך שאַפן די אילוזיע — פון אַ שיינער, קינסטלערישער, מענטלעכער דייטשלאַנד, און מען האָט די אילוזיע געפונען אין הויפטמאַנען. איך וואָלט עס אפשר געזאָגט, עס איז דער עלטערער דור, וואָס האָט אים ארויפגעצוואונגען אויף דעם ייִנגערן, און דער יונגער דור — אַזוי פרעמד צו הויפטמאַנס שאַפן, האָט שוואַך אָדער גאָרנישט פּראָטעסטירט. וואָס איז די נפקא מינה, וואָס פאַר אַ קאָפּ עס שטייט אויף דער דייטשער סימבאָליסטישער סטאַטוע פון דייטשלאַנדס קולטור? אַבי עס איז דאָ אַ סימבאָל.

מען האָט ביי דעם ברעסלויער „יובילײ = יום טוב” פון הויפּטמאַנען, אַ יום־טוב, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אַ גרויסן, ברייטן, פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, גערעדט אַלץ פון הויפטמאַנען, דעם סאָציאַלן דיכטער, הויפּטמאַן, דעם פּאָעט פון גערעכטיקייט, יושר און רחמנות. און הויפטמאַן האָט זיך נישט געוואָרט. ער האָט מיט־ און איינגעשטימט. ער האָט זיך אַליין דערפילט אַלס דער דיכטער פון דייטשלאַנד, אַלס דייטשלאַנדס וואָרטפירער, אַן אילוזיע פון ביידע זייטן, אַן אילוזיע, וואָס האָט אים אַליין צוגעפירט צו אַ געפערלעכן עקספּערימענט, צו ווערן אַ מין פרעדיקער פון אידעען, פון אוניווערסאַלע האָפענונגען און אוטאָפּיעס. געפערלעך — ווייל אומקינסטלעריש, ווייל נישט — הויפטמאַניש. קיינער קאָן נישט ווערן מער פון דעם, וואָס איז דאָ אין אים. און הויפטמאַן האָט אין זיך זייער ווייניק פון דעם נביאישן גייסט, און נאָך ווייניקער פון סאָציאַלן טעמפּעראַמענט. ער איז נישט קיין רעפאָרמאַטאָר, נישט קיין טריבון, נישט קיין אידעען-דערוועקער בכלל. און האָט ער געשריבן „די וועבער”, איז דאָס געווען אַ פּראָדוקט פון דער צייט־שטימונג און נישט קיין אָנהייב פון אַ באַוועגונג. ער האָט נישט אַזוי געמיינט די סאָציאַלע פראַגע, ווי דעם רעאַליזם. די פאָרם פון דער

קונסט איז פאַר אים געווען דער עיקר: דער אינהאַלט, די אידעע איז בלויז געווען אַ נעבנדערשיינונג.

נישט די סאָציאַלע גערעכטיקייט איז געווען זיין פּראָבלעם, איז געווען די פּראַגע, דער הויפּטקוואַל און דער גרונטקוואַל פון זיין גאַנץ לעבן, פון זיין שאַפונג. נישט געזעלשאַפט, נאָר מענטש, און נישט אַזויפיל מענטש, ווי פ ר ו י.

וואָס איז די פרוי? קיינער ווייסט עס נישט. די פרויען ווייניקער ווי די מענער, און די מענער ווייסן אַזוי ווייניק. זי איז דער אייביקער פּראָבלעם פון יעדער קונסט. קונסט הייבט זיך אָן, ווו דער פרויען־מאָטיוו קומט אַריין. עס איז נישט געווען דער פּראָבלעם פון שילער, ווייל שילער איז נישט געווען קיין קינסטלער. ער איז געווען אַ פּרעדיקער און אַ דענקער. זי איז אָבער געווען דער פּראָבלעם, דער אייביקער, פון היינע. וויכטיקער פאַר אים, ווי דייטשלאַנד און יידנטום און די רעוואָלוציע. די לאָרעליי — אָט די פאַרפישופנדיקע פרוי מיט די גאָלדענע האָר, וואָס פאַרנאַרט און פאַרדאַרבט דעם „שיפער מיט זיינעם קאַהן“ — דאָס איז געווען היינעס וועלטמאָטיוו.

אָדער געטע. ער הייבט אָן מיט דעם גרעטכען־מאָטיוו און קערט זיך אום נאָך אַלערליי וואַנדערונגען און דערפאַרונגען, נאָך אַלע מיעגישן און ביטערנישן פון דעם לעבן — אין זיין רייכסטן ווערק, אין זיין לעבנסווערק, דעם צווייטן טייל „פאַוסט“ — ווידעראַמאָל צום מוטער־מאָטיוו“, צו דער פרוי. אַרום איר וועבט זיך די וועלט. זי איז דער סוד און די טיפקייט. זי צעשפרייט אַרום אונדז דעם „מאַיאַ־שלייער“, דעם שלייער פון אילוזיע. זי ברענגט אַריין אין דער וועלט דעם אומרעאַלסטן עלעמענט, וואָס הייסט ל י ב ע.

דאָס אומפאַרשטענדלעכסטע, וואָס איז דאָ אין אונדזער פאַנטאַסטישן לעבן, פאַר זיך — אַ ברוטאַלער פאַקט, דער ווילן צו פאַר־מערונג, אַ טונקעלער, כאַאָטישער אינסטינקט, אין דער עלעמענטאַר־סטער פאָרם: אַ באַפרוכפערונג, ווי ביי פלאַנצן. דער ווינט פאַר־טראָגט דעם זאָמען פון איין פלאַנץ צו דער צווייטער. דער באַפרוכ־טער און די באַפרוכטע האָבן נישט קיין שייכות צווישן זיך.

דאָס איז דער אָנהייב. דאָס איז דער לעצטער, רעאַלסטער אמת. פונוואַנען קומט אָבער די אומגעהייערע מאַכט פון דעם ווייב־לעכן יסוד אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט? אַ מאַכט, וואָס

גייט אַרויס ווייט־ווייט איבּער דעם גרונטצוועק? אַ שטריק, וואָס בינדט צונויף צוויי מענטשן. מען זעט אים נישט. ער איז געדרייט פון זונשטראַלן, אָדער — פון שאָטנס, דיקע שאָטן־פּעדעם.

מאַן און פרוי — אָדער אפשר זאָל עס זיין: דער מאַן און די פרויען? אָט דאָ ליגט די אומגעהייערע וועלטפּראַגע. די פרוי האָט אַריינגעבּראַכט די ליבּע אין דער וועלט, האָט מיט איר געבּונדן דעם מאַן, צוגעבּונדן אים צו זיך, צו זיך אַליין. אָבּער דער מאַן רייסט זיך פון די שטריק, פילט זיך ענג אין דעם געשאַפענעם שטח — אין דער צווייהייט: מאַן־פרוי. ער נעמט אָן דעם בונד און רעוואָלטירט. ער איז דער אייביקער רעוואָלוציאָנער אַנטקעגן דער אָרדענונג, וואָס די פרוי האָט געשאַפן; ווייל געזעלשאַפט איז — ווייבּלעך. דער מאַן דאַרף נישט האָבּן קיין געזעלשאַפט. דער מאַן וויל הערשן און געניסן און וואַנדערן. די פרוי צווינגט אים צו דעם — דאָ־, צו דעם אַזוי־זיין, אַזוי און נישט אַנדערש.

טיציאַן האָט אויסגעמאָלט אַ בּילד: „די הייליקע און די פּראָפאַנע ליבּע". צוויי פרויען ביי אַ ברונעם, אָדער איין פרוי אין צוויי געשטאַלטן; איינע — די „הייליקע" ליבּע; איינע — די מוטער, די ליבּע צו אָרדענונג, צו געזעלשאַפט, צו דער ווירקלעכקייט. די צווייטע — „די פּראָפאַנע" — די תאווה, די פאַנטאַזיע, דער שטורעם, וואָס צעבּרעכט אַלצדינג. איינע — דער בּריק צווישן נעכטן און און מאָרגן; די צווייטע — דער היינט, אָט דער הייסער, ברענענדיקער, ביטערער, זיסער, קיינמאָל זיך נישט צוריקקערנדיקער היינט.

מאָלט אייך אויס צווישן די צוויי פרויען אַ מאַן. ביידע ציען אים צו זיך. די קולטור, די געזעלשאַפט, די אומגעציילטע יאָרן פון טראַדיציע און ירושה צווינגען אים — צו דער „הייליקער" ליבּע. אָבּער דער מאַן אין אים, דער היינט פון אים – שמידט אים צו מיט אייזערנע קייטן צו דער „פּראָפאַנער". מיט וועמען זאָל ער גיין, מיט וועמען זאָל ער בּלייבּן?

ברייט אויס דעם פּראָבּלעם, שטעלט אים אַריין אין דעם גאַנצן קרייז פון אונדזער היינטיקער קולטור — און איר האָט געהערט הויפּטמאַנס שאַפן, זיין אמתן מאָטיוו. וואָס מער הויפּטמאַן איז געוואַקסן, וואָס מער געטריי ער איז געוואָרן צו זיך אַליין, אַלץ ריינער קלינגט זיין דאָזיקער אורמאָטיוו.

ער הערט זיך אײַן דעם „פּאַרזונקענעם גלאָק", נאָך שטאַרקער קלינגט ער אין דער װוּנדערבאַרשײנער דראַמע „דער אָרעמער הײנ־ריך", אין „און פּיפּאַ טאַנצט", אין „גבריאל שילינגס פלוכט". און דער קלאַנג װערט שטאַרק, באַטױבנדיק אין זײַן „נאַר און קריסטאָ", אָדער אין דער נאָװעלע „דער קעטצער פון דוענה".

די פרױ װערט אַ מיטוס. די שײנע העלענע, אַפראָדיטע און גרעטכען, די „פרױ" און די „מוטער" — בײדע פּאַרײניקן זיך צו אַן איבערװעלטלעכער, װעלטשאַפנדיקער און צעשטערנדיקער מאַכט. „זי שטײגט, זי שטײגט אין דער אײביקײט און אין אירע הענט זענען איבערגעגעבן געװאָרן דער הימל און דער גיהנום". אַזױ איז דער שלום־מאָטיװ פון דעם „קעטצער פון דוענה"; אַזױ איז דער שלום־אַקאָרד, דער לײטמאָטיװ, װאָס איז צום סוף געװאָרן דער הערשנדיקער מאָטיװ — פון דעם גאַנצן גערהאַרט הױפּטמאַן.

און דער מאַן? דער מאַן איז דער, װאָס אַנטלױפט און קאָן נישט אַנטרינען. דער מאַן איז דער אײביקער נאַר, װאָס דאַרף ערשט געפינען אױף אומװעגן, אין בלאָנדזשעניש, אין טראַגישע קאָנפליקטן, דאָס, װאָס די הערשערין האָט געפונען. דער מאַן גע־האָרכט דעם געזעץ — די פרױ איז דאָס געזעץ.

און װאָס איז דאס געזעץ פון דער פרױ? דין? נײן, רחמים! ליבע — דאָס מײנט שײנקײט, דאָס מײנט עקסטאַז, דאָס מײנט — פרײהײט און געבונדנקײט, דאָס מײנט — ד י נ ע ן. דער װאַגנערי־שער אידעאַל, קונדרי: דינען. נאָר נישט װי בײ װאַגנערן: די פרױ דינט דעם מאַן; נאָר אַנדערש, העכער: פרױ און מאַן. בײדע די־נען זײ, יעדער פון זײ צו דעם אַנדערן, און בײדע — צו דעם גרעסטן פון אַלע סודות: לעבן.

אפשר דערפון קומט טאַקע די טיפע ליבע, די אומגעריכטע, װאָס נײ־דײטשלאַנד האָט פאַר גערהאַרט הױפּטמאַן.

מען האָט זיך אָפּגעװענדט פון אים אין די פריערדיקע יאָרן, מען האָט אים כמעט אַװעקגעמאַכט מיט דער האַנט אין דער צײט, װען דער אידעאַל פון דײטשלאַנד איז געװען: זיגפריד — דער זי־גער, דער כוח־מענטש, דער מוח־מענטש, אָדער הױך געװומען — פּאַר־

סימבאָל, וואָס ברענגט די דערלייזונג, געשטיצט אויף זיין שווערד, נאָך אַ לאַנגער וואַנדערונג און דערגרייכונג.

דעמאָלט איז הויפּטמאַן געווען פרעמד און אומפאַרשטענדלעך. דעמאָלט האָט מען אים נישט געוואָלט מוחל־זיין זיינע ריין־קינסטלערישע, ריין־פאָרמעלע שוואַכקייטן אָדער זיין אָרעמקייט אין אידעען.

מען האָט געפרעגט ביי יעדן נייעם ווערק פון הויפּטמאַן: וואָס וויל ער? צו וועמען פירט ער? מען האָט אַלץ נאָך — אין אונ־טערבאַוווסטזיין — געטראַכט פון הויפּטמאַן, דעם סאָציאַלן דיכטער, דעם הויפּטמאַן פון „די וועבער", פון הויפּטמאַן דעם רעאַליסט, און מען האָט נישט פאַרשטאַנען נישט זיין סימבאָליזם און נישט זיין מיסטיק. מען האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז הויפּטמאַן איז נישט געוואָרן אַנדערש, ווי ער איז געווען, נאָר אַז ער האָט ערשט אָנגעהייבן צו ווערן דאָס, וואָס ער האָט לכתחילה געוואָלט זיין; אַז זיין גאַנצער רעאַליזם איז נאָר אַן אָנשטעל. מען האָט געמיינט, אַז ווייל אַ דיכטער לאָזט רעדן זיינע מענטשן אין דיאַלעקט, אין פאָלקסשפּראַך און נישט אין ליטעראַרישן, פאַפּירענעם דייטש, איז ער שוין אַ רעאַליסט, און מיינענדיק, אַז ער איז אַ „נאַטוראַליסט", אַ מאָלער פון דעם „ווירקלעכן" לעבן, האָט מען נישט פאַרשטאַנען, וואָס באַטייטן דידאָזיקע אַלע סימבאָלן, וואָס ער האָט „אריינגעדיכ־טעט" אין אים, גלייך ווי דאָס „לעבן" אַליין איז נישט קיין „דיכ־טונג", גלייך ווי יעדער אין דעם שפּיל איז נישט קיין סימבאָל, גלייך ווי די וועלט וואָלט געווען עפּעס אַנדערש, ווי אונדזער איי־גענע אויסטייטשונג פון אַ פּראָצעס, אַן אומפאָרמונג פון אַ כאַאָס!

אָבער סוף כל סוף האָט מען עס אין דייטשלאַנד אויך פאַר־שטאַנען. מענטשן קומען צום אמתן פאַרשטיין נאָר דורך ליידן. און עס ווערט זיי קלאָר, אַז דאָס לעבן איז איין גרויסע מיסטעריע, איז אַ סימבאָל, ווען דער פעסטער געבוי, וואָס זיי האָבן אויסגעבויט, פאַלט. פאַר דעם טורעם פון בבל איז די וועלטגעשיכטע געווען אַנ־דערש, ווי נאָך זיין צוזאַמענברוך. און נאָך יעדער גרויסער נפילה קומט אַ נייער מאָטיוו, דאָס הייסט אַ נייער סימבאָל אויף דער וועלט. דייטשלאַנד האָט נאָך איר קאַטאַסטראָפע זיך דערנענטערט צו איר סימבאָליסטישן פּאָעט; זי האָט דערפילט, אַז נישט די הערשאַפט און

ניט דער כוח, און אפילו ניט דער אינטעלעקט איז די שאַפנדיקע קראַפט אין דער וועלט, נאָר די מיסטישע ליבע, דאָס, וואָס מען קאָן ניט זען און ניט באַגרינדן, און איז שטאַרקער פאַר יעדער „ממשות”. אויף דייטשלאַנדס און אייראָפּעס חורבה טאַנצט פּיפּא, היפּטמאַנס צויבער־פרוי־געשטאַלט, איר פאַנטאַסטישן, איר לעבנס־דערוועקנדיקן טאַנץ.

# רילקע.

א גאַנצן טאָג אַרומגעוואַנדערט איבער אַ קליין ביכעלע: וועגן גאָט. אַ ביכעלע פון אָנפראַגן. אַן אַנקעטע: „וואָס איז גאָט?" — אָט די נאַרישע, די אָפּגרונט־טיפע, די קינדישע, די איינציקע, די חוצפּה־דיקע, די רירנדיקסטע פראַגע: וואָס איז „וואָס"?

עס האָבן געענטפערט פּאָעטן און געלערנטע, גלחים און רבנים. געענטפערט — ווי מען קען ענטפערן אויף אַזאַ פראַגע: אין פאַר־טיקע פראַזן אָדער מיט אַ זיפץ.

עטלעכע יידן האָבן אויך געענטפערט. איינער — סילווען לעווי, דער פּראָפעסאָר פון סאַנסקריט אין פּאַריז, — דאָס ביכל איז אַ פראַנצויזיש און געדרוקט אין פּאַריז — און זיין ענטפער איז געווען — דער פון דער אינדישער אַלטער חכמה: „נעטי, נעטי" — דאָס איינ־ציקע, וואָס מען קאָן זאָגן וועגן אים, איז: „ער איז עס נישט, ער איז עס נישט".

און דער צווייטער — אַ ראַבינער פון דער שול „דע לאַ וויקטואַר", ווייל. און ער האָט געענטפערט „אין נאָמען" פון דער פּאַ־ריזער קאָנסיסטאָריע, און זיין ענטפער האָט מיר ווי געטאָן. פּסוקים — אין נאָכאַמאָל פּסוקים — די אַלטע דרשות אויפסניי. אַזוי טרוקן, אַזוי סינאַגאָגאַל, אַזוי רעווערענדיש. איז ד אָ ס דאָס יידנטום?

און טראַכטנדיק וועגן דעם און וועגן דער גאַנצער פראַגע, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן, — האָב איך זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן אַ וואָרט, אָן אַ בילד.

צוויי יינגלעך האָבן זיך געקויפּט צו מעסערלעך. ביידע גלייך. ביידע ביי דעם אייגענעם קרעמער. אין אַ וואָך אַרום האָבן זיי פאַרגליכן די מעסערלעך — און נישט געקאָנט פאַרשטיין — פאַרוואָס

זענען זיי געוואָרן אזוי פאַרשידן. וואָס קאָן מען טאָן מיט אייך, ווען איר נוצט אָפּ אזוי גיך זאכן? — האָט זיי די מוטער געזאָגט. און ווייטער גייט דאָס וואָרט: „איז דאָס מעגלעך, אַז זיי זאָלן רעדן פון גאָט און מיינען, אז ער איז ביי אַלעמען גלייך? איז דאָס מעגלעך, אז זיי זאָלן טראַכטן פון גאָט און אים נישט אָפּניצן?"

ווער האָט דאָס געזאָגט? ווער האָט דאָס דערציילט דעם ווונ־דערלעכן משל? און באַלד איז דער נאָמען אַרויסגעשווומען: דער פּאָעט, וואָס איז מיר ליבער, ווי אַלע אַנדערע׳ דער דיכטער, וועמענס זיסער, טרויעריקער ריטם קלינגט אין מיר — פון זינט איך האָב אים דערהערט, שוין כמעט פופצן יאָר — ריינער מאַריא רילקע.

און דעם אייגענעם אָוונט בין איך געוואָר געוואָרן פון אַ טעַ־לעגראַם אין דער צייטונג — אַז רילקע איז געשטאָרבן.

איינזאַם, ווי ער האָט געלעבט — און אינדערפרעמד.

געבוירן אין פּראָג — מיט זיבן און פופציק יאָר צוריק, שטאַמט — לויט דעם נאָמען פון א דענישער משפחה, האָט אַ גאַנץ לעבן געלעבט אין פּאַריז. געשריבן אויף דייטש—געשטאָרבן אין דער שווייץ, אין מאָנטרעי.

יאָרן נאָכאנאנד געווען דער סעקרעטאַר פון דעם גרויסן סקולפּטאָר ראָדען — דערנאָך ווייס איך נישט וואָס ער האָט געטאָן, גע־לעבט זיך ערגעץ אין א האָטעל אין פּאַריז — אין דעם לאַטיינישן קוואַרטאַל, דאָרט געחלומט, דאָרט געטראַכט — און געליטן. זעלטן געשריבן, אָדער געדרוקט.

פאַר זיבן און פופציק יאָר אָנגעשריבן אַ פּאָר קליינע ביכע־לעך. זאַמלונגען פון לידער, אַ קליינעם, כמעט אויטאָביאָגראַפישן „ראָ־מאַן". אזוי מאָגער אין קוואַנטיטעט — אָבער די קוואַליטעט! דער טאָן, דער ריטם! אָבער דער מענטש!

איך האָב יאָרנלאַנג געהאַט אַ באַגער זיך צו טרעפן מיט אים. און מיט אַ פּאָר חדשים צוריק — אין פּאַריז — האָב איך שיער נישט באַקומען די געלעגנהייט. אַ געמיינזאַמער באַקאַנטער האָט אונדז געוואָלט צונויפפירן. אָבער ווען איך בין צוגעקומען צו דעם האָטעל פּאָיאַ, וווּ ער האָט געוווינט — האָב איך פאַרקירעוועט צוריק. אַן אַנדערש מאָל — נישט היינט, נישט איצט. איך האָב מורא געהאַט

פאַר אַן אנטטוישונג. ווער ווייסט — אפשר איז דאָס אויך איינער פון די „פּאָעטן”, שיין אויפן פּאַפּיר. אַן חן, אַן אַטמאָספערע, ווען פון פנים צו פנים. איך האָב מורא געהאַט, אַז דער פּאָעט פון דעם „שטונדנבוך” וועט אין מיר פארטונקלען די פּאָעזיע פון זיין ליד. שפּעטער — אַן אַנדערש מאָל. און דאָס אַנדערע מאָל איז נישט געקומען. דער פּאָעט איז טויט — און עס בלייבט בלויז זיין וואָרט, נאָר דאָס בילד, וואָס איך וויל זען.

און עס איז בעסער אַזוי.

בכלל פּאָעטן! מחנותוויז גייען זיי אַרום און עס קלינגט און עס זינגט און עס רעדט — ווי אַ שארמאַנקע, ווי אַ פּאָנאָגראַף. אַלע קענען זיי, אַלע דרייען זיי ווערטער און ציקלען די שפּראַך און מאַכן קונצן. זיי קאָנען שרייבן אַלץ — לינקס, רעכטס, גלענצנדיק, פּאַטע-טיש, שטיל, רעליגיעז, שטורמעריש, משיחיש, ווי דער זשורנאַליסט אין גוסטאַוו פרייטאַגס באַרימטער קאָמעדיע. און וויל מען „געניאַל”, קאָנען זיי דאָס אויך.

איז דער טאָן — גראַנד אָפּערא, ווערדי, אָדער מייערבעער — זינגען זיי אין טאָן. ווערט ער דזשעזיש, ווערט עס אימפּרעסיאָניסטיש, עקספּרעסיאָניסטיש — בייט זיך אויך זייער שטייגער.

„און פון אַלע קינדער פון דער ערד — איז ער אפשר דער נישטיקסטער” — פּושקין האָט געקענט זיין ברודער, דעם פּאָעט.

און דאָך — אַמאָל, איינמאָל אין אַ דור, אַמאָל נאָך זעלטענער — קומט אַן אַנטפּלעקונג. אַ מענטש — נישט קיין זינגער, אַ שאַפֿנ-דיקער, א זעענדיקער, אַ ליידנדיקער, א פאַרטיפער. און מען דער-פילט אַ ציטער. די פּאָעזיע האָט זיך באַוויזן.

און עס קומט אַן דער אמתער פּאָעט און זאָגט אייך — מיט רילקעס ווערטער: „לידער זענען נישט, ווי מענטשן מיינען, געפילן — עס זענען איבערלעבונגען. צוליב איין פערז מוז מען האָבן געזען אַ סך שטעט, מענטשן און זאַכן, קענען די חיות, פילן ווי די פייגל פליען און וויסן מיט וואָס פאַר אַ זשעסט עס עפענען זיך די בלומען באַגינען... מען מוז זיך דערמאָנען אַן נעכט פון ליבע, קיין איינציקע נישט ווי די צווייטע — און גסיסות מוז מען האָבן בייגעוויינט, דער-מאָנען זיך אָן נעכט פאַרבראַכט לעבן אַ מת אין אַ חדר ביים אָפֿע-

נעם פענסטער, צווישן אָטעמדיקע גערוישן. און עס איז נאָך נישט גענוג — זיך צו דערמאָנען. מען מוז קענען אויך פאַרגעסן אָן זיי און האָבן די געדולד צו וואַרטן ביז זיי קומען פון זיך צוריק. ווייל זכרונות אליין ז ע נ ע ן עס נאָך נישט. ערשט ווען זיי ווערן אין אונדז בלוט און קוק און באַוועגונג, אָן א נאָמען און מיט אונדז צונויפגעגאָסן — ערשט דעמאָלט קאָן עס פּאסירן, אַז אין אַ זייער זעלטענער שעה זאָל אויפשטיין צווישן זיי דאָס ערשטע וואָרט און אַ ליד קאָן אויסוואַקסן פון זיי".

די־לעטאַנטיזם — בלוטלאָזע טעאָריע — מליצה פון אַ נישט־קינסטלערישן מענטשן — איך ווייס, די פּאָעטן פון צעך, די פּראָפעסיאָנאַלן פון דער „לירע" וועלן עס זאָגן מיט ביטול. און וועלן פרעגן: האָט רילקע אליין מקיים געוועזן אַלצדינג, וואָס ער האָט געפאָדערט? איז זיין פּאָעזיע אַזוי הויך, אַזוי טיף?

רילקע אליין זאָגט עס אייך ערלעך: „אַלע מיינע לידער זענען נישט אַזוי באַשאַפן געוואָרן, דערפאַר זענען זיי נישט קיין לידער".

זענען עס נישט? אָט די וווּנדערבאַרע לידער, די זיפצן פון אַ געפייניקטער מענטשלעכער נשמה. דער עכאָ פון א ווייטן לעבן — וואָס הייסט „דאָס בוך פון דעם מענטשלעכן לעבן" און דאָס „בוך פון וואַנדערונג" און „דאָס בוך פון אָרעמקייט און טויט" — זיי נישט קיין פּאָעזיע?

הערט זיך איין:

„דו, נאַכבאַר גאָט, ווען איך דירמאַנכעסמאָל
אין לאַנגער נאַכט מיט האַרטעס קלאַפּפען שטערע,
זאָ איזט'ס ווייל איך דיר, זעלטן אָטמען הערע
אונד ווייס: דו ביזט אליין אים זאַאל".

דו שכן־גאָט, דו ביזט אַליין אין זאַל! און איך בין נאָנט — גיב מיר אַ קליינעם צייכן — קלאַפּ מיר אָן אין טיר.

און אַנדערש — און דאָס איינענע.

„די רייכע האָבן דאָס לעבן געצוואונגען
אומענדלעך וויט צו זיין א[illegible] וואַרעם און שווער
אָבער די טעג פון די רייכע זענען פאַרגאַנגען

און קיינער וועט זיי פון דיר צוריק נישט פארלאנגען,
גיב בלויז דעם אָרעמען די אָרעמקייט צוריק".

ווייל „אָרעמקייט איז דער גרויסער גלאַנץ פון אינעווייניק אַרויס".
ווייל אָרעמקייט איז חכמה — איז רו, איז איינס זיין מיט דער ערד, מיט די זאַכן. איז זיין. אָרעמקייט, היימאַטלאָזיקייט, פרעמדקייט — דאָס איז די גרויסע, די לעצטע היימישקייט. און דאָס האָט רילקע שטאַרקער פון אַלע — שטאַרקער אפילו פון דעם גרויסן פּאָעט חער-לען — געפילט און געליבט.

ער האָט אַלצדינג געקאָנט זיין — געקאָנט האָבן — און האָט נישט געוואָלט.

אַלע בענקען נאָך א היים. ער — דער איינגעוואָרצלטער, איז אַוועק אינדערפרעמד — און נישט געוואָלט קיין פאָטערלאַנד.

אַלע רעדן פון פאָלק -- פון אייגנקייט, פון דעם גליק צו זיצן צווישן אייגענע — ער, דער דייטשער פּאָעט, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פאָלק.

אַלע זינגען הימנען צו דער „שפּראַך", פאַלן כורעים פאַר דעם מוטערוואָרט — ער, דער איינציקער, האָט די שפּראַך, אָט דעם אינ-סטרומענט, וואָס ער האָט אַזוי ווירטואָז באַהערשט, געפילט ווי א קייט און ווי אַן אָפּגעטראָגן קלייד.

קינסטלער, פּאָעט, ווערטער און קלאַנגען, גראַמען און בילדער, ריטם און פאַרב — וואָס איז דאָס אַלץ אַקעגן דעם שטילן קלאַפּן פון אַ היימלאָזן -- דעם קלאַפּן ביי דער טיר ביי דעם איינציקן, דעם שטענדיקן שכן!



און פון רילקע, מיין ליבסטן פּאָעט, האָט מיין געדאַנק צוריק-געוואַנדערט צו דעם קליינעם ביכעלע וועגן גאָט. און פון דעם כעס איז געוואָרן קנאה. איך האָב זיי פאַרגליכן — דעם יידישן ראַבינער פון פּאַריז מיט זיינע פּשטלעך און פּסוקים — און דעם איינזאַמען פּאָעט פון פּראָג-פּאַריז מיט זיין גרויסאַרטיקן שכל-געפיל.

און מיר גרויסן עס זיך מיט אינדזער רעליגיעזיטעט!

עס פלאקערט אויף דאָ און דאָרט. איר געדענקט, ווי עס האָט פּלוצלונג אַ בליץ געטאָן פון אַ מאָסקווער חדר? „זייט אָרעם, זייט וואַנדערער, זייט היימלאָזע — דאָס איז אייער גורל, דאָס איז אייער זין״. דער שטאַרבנדיקער גערשעניזאָן האָט עס אַרויסגעזיפצט פאַר זיין טויט — געזעגנט זיך מיט די יידן. דער לעצטער פונק פאַר דעם פאַרלעשן? איז עס?

# ריכאַרד דעמעל.

ריכאַרד דעמעל איז געשטאָרבן. פאַר פילע, אפשר פאַר דעם רוב פון די לעזער, איז דאָט בלויז אַ נאָמען, — אַ נאָמען, וואָס זיי האָבן דערהערט צום ערשטן מאָל. פאַר מיר, — און פאַר די פון מיין צייט, פון מיין סביבה, פאר אַ גאנצן דור מיטלאייראָפּעישער אינטעליגענץ, — איז דאָס מער ווי אַ נאָמען.

אַ נאָענטער, כמעט אַן אייגענער, איז אונדז אָפּגעשטאָרבן. איינער פון די וויניקע, וואָס האָט אונדזער בלוט אויפגעשטורעמט אין אונדזער יוגנט, אונדז אין דעם גאָרטן פון דער ליבע אריינגעפירט, דעם הונגער נאָך לעבן אין אונדז נאָך שטאַרקער געמאַכט און האָריזאָנטן געעפנט פאַר אונדז.

און עס איז געווען אַ צייט, — אַ יאָר פופצן, צוואַנציק צוריק. — ווען ריכאַרד דעמעל איז געווען אונדזער דיכטער, אזוי ווי ניטשע אונדזער פילאָזאָף. א שיינע צייט איז דאָס געווען. אַרום און אַרום — רויקייט; די וועלט האָט איינגעדרעמלט און פון דעם שלאָף געשמייכלט. אַלצדינג איז געווען אין אָרדענונג. עס האָט זיך געלעבט אין אייראָפּע אַזוי זאַט און באַקוועם. עס איז געווען אַ יום-טוב-שטימונג אין דער וועלט. אפילו ביי אונדז, רוסיש=יידישע יונגעלייט, וואָס זענען געווען דורכגעווייטיקט אי פון אונדזערע אייגענע יידישע לײדן און אי פון די רוסישע, — פאַר אונדז, וואָס זענען געווען דער צ׳טערנדיקסטער, נערוועזסטער נערוון-אינסטרומענט פון גאַנץ אייראָפּע,— אפילו פאַר אונדז האָט דאָס לעבן אָנגענומען אַ מין פאַנטאַסטיש־שיינע מאַסקע. מיר האָבן געלעבט אויף אַ גרויסן מאַסקנבאַל: זיידענע דאָמינאָס, מאַסקן, אונטער וועלכע מען האָט געפילט דעם חן פון שמייכלענדיקע, יונגע, בליענדיקע, קושנדיקע ליפּן, — מאַסקעס,

שוואַרצע, וואָס האָבן פאַרדעקט דעם אמתן ערנסט און דעם טראַגיזם פון דעם נאַקעטן לעבן, — אָבער פאָרט מאַסקן, אָבער פאָרט אַ באַל.

וואָס איז ניצשע געווען, ניצשע מיט אַלע זיינע פּראָבלעמען? די מאַסקע פון זאַראַטוסטראַ, דעם איבער־מענטשן, דעם אמת־זוכער, דעם נביא פון בארג=איינזאַמקייט?

דאָס לעבן איז געווען אַזוי — ליטעראַריש! ליטעראַטור האָט פאַרשלונגען און פאַרדעקט אַלצדינג. די גאַנצע באַציונג צו די פראַגן פון דער ווירקלעכקייט איז געווען ליטעראַריש, ד. ה. די פאָרם האָט דעם אינהאַלט צוגעדעקט און איינגעהילט, ווי אין אַ זיידענעם מאַנטל. מיר האָבן עס אָפט נישט געפילט, נאָר זעלטן איז עמעצער געקומען און האָט עס אונדז געזאָגט. שניצלער האָט עס אין אַ קליינעם דראַמאַלעט אונדז אַמאָל אַרויסגעזאָגט: איר האָט ליב, איר האָט פיינט, איר לעבט, איר שטאַרבט, איך זענט צעפרידן און איר זענט מורדים, אַלצדינג — אין ליטעראַטור.

מיר האָבן עס אויסגעהערט און נישט געגלויבט, און ווייטער זיך געלאָזט איינוויגן פון הוגאָ פאָן האָפמאַנסטאַלס זילבער=סטרונעדיקער פידעל, פון ווערלענס קאַטויליש=פאַרשטעלטער תאווה־ליריק, פון ד'אַנונציאָס גרויסאַרטיקער קונסט=רעטאָריק, פון — דער גאַנצער אייראָפּעישער, יום=טובדיקער וועלט=שטימונג; אָבער געפילט האָט יעדער פון אונדז, אַז דאָס איז נישט קיין סוף, אַז די ווירקלעכקייט איז גאָרנישט אַזוי שיין, אַז עס זענען פאַראַן אינהאַלטן, וואָס פאַסן זיך נישט צו צו קיין שום פאָרם, אַז טיפער איז די נאַכט — ווי דער טאָג האָט זיך געדאַכט.

און דאָס האָט אונדז ריכאַרד דעמעל דעמאָלט געזאָגט.

מיר האָבן אים געקענט, ווען ער איז שוין געווען — כמעט אַ קלאַסיקער, ווייניקסטנס, צווישן אונדז, די יונגע; ווייניקסטנס, אין דער ליטערארישער וועלט פון בערלין און ווין און מינכען. וואָס דער „פיליסטער", דער „המון", האָט פון אים געטראַכט, האָט אונדז ווייניק אינטערעסירט. געוווּסט האָבן מיר, אַז פאַר דעם פיליסטער איז ער אַ ווילדער, רעוואָלוציאָנערער דיכטער, — איינער פון די, וואָס עס טאָרן נישט לייענען יונגע מיידלעך, דערפאַר, ווייל ער איז צופיל פול מיט תאווה; ער האָט צופיל זאַכן אָנגערופן ביים ריכטיקן נאָמען, צו אָפן געזאָגט דאָס, וואָס אַנדערע פאַרשווייגן און רוימען

זיך אין אויער אַריין, ווי אַ סוד, מיט וועלכן מען דאַרף זיך שעמען. ריכאַרד דעמעל האָט זיך נישט געשעמט און מיר אויך נישט...

נו, און איצט האָב איך פון זיין טויט געהערט, — און אַלע אַלטע זכרונות זענען אַרויפגעשווומען, און איך וויל זיך אַריינפילן צוריק אין דער שטימונג פון אַמאָל. זיינע לידער, וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט, קלינגען מיר ווידער אין אויער, — און מערקווירדיק, איך געפין די שטימונג נישט מער; עפּעס פרעמד איז ער מיר געוואָרן; ס׳קלינגט נישט מער אין מיר.

ווּעמענס שולד איז דאָס? איז דעמעל נישט דער פּאָעט, פאַר וועלכן איך האָב אים אַמאָל געהאַלטן, אָדער — אָדער איז ער אַ פּאָעט נאָר פאַר אַ באַשטימטער גרופּע, פאַר אַ באַשטימטער צייט און פאַר איין פאָלק? איז ער אפשר בלויז אַ דייטשער דיכטער, וואָס קאָן געפילט ווערן טאַקע נאָר פון אַ דייטש מלידה ומבטן, אַ דייטש פון ראַסע, אַ גערמאַנער?

איך פיל נאָך עד־היום די אָרקעסטראַלע מוזיק פון האָפמאַנסטאַלס פּאָעזיע; אָבער האָפמאַנסטאַל איז אַ ייד, אַ קאָסמאָפּאָליט, ער שרייבט בלויז דייטש; און דערמאָן איך זיך אָן ריינער מאַריא רילקעס לידער, ווערט מיר אַזוי תהלימדיק אויפן האַרצן. זינגט ער:

> וואָס ווּעסטו, גאָט, טאָן, ווען איך וועל שטאַרבן,
> איך בין דיין קרוג (און ווען כ׳ווער א שאַרבן),
> איך בין דיין געטראַנק (און לאָז איך נאָר פאַרדאַרבן?).
> איך בין דיין קלייד, דיין ווערק איך בין,
> מיט מיר פאַרלירסטו זיך, דיין זין...

— קאָן איך חלומען וואַכעדיק דערפון, אָנגעפילט זיין מיט דער מתיקות פון די ווערטער, — איצט, פּונקט ווי פאַר צען יאָרן, און אנדערע נאָך מיר, אין פופציק, אין הונדערט יאָר אַרום וועלן אויך פאַרהאַלטן דעם אָטעם פאַר שמחה, ווען זיי וועלן דאָס לייענען. אָבער רילקע איז אַ האַלבער סלאַוו און אַ קאָסמאָפּאָליט, וואָס שרייבט אויף דייטש; ער איז נישט נאַציאָנאַל, און דערפאַר פון אַ שטענדיקן ווערט.

דעמעל אָבער איז נאַציאָנאַל. אַ גערמאַנער, אַ דייטש דורך און דורך, מער ווי מיר האָבן אַמאָל געמיינט, מער אפשר ווי ער אַליין

האָט עס געגלויבט; און וואָס דייטשע קונסט איז, האָט דעמעלט אַליין אין אַ קליינעם געדיכט געזאָגט, — אַ געדיכט איבער דעם שטראַסבורגער דאָם:

בײַם יונגן געטע איז ער געווען זייער אין גונסט,
אלס העכסטער פולסטער באַווייז פון אמת דייטשער קונסט:
ער שטייט נאָך היינט, ווי אין געטעס אַלטע יאָרן,
און איז אַלץ נאָך נישט פֿאַרענדיקט געוואָרן.

אָט דאָס איז דייטשע קונסט: נישט פארענדיקטקייט. אַ וועג, און נישט קיין ציל; אַ ווילן אָן אַן אויספירונג, אַ פאָרמלאָזע קונסט; צו ערלעך, אום צו זיין שיין; צו טיף, אום אַריינצוגיסן זיך אין אַ פורעם; צו אומגעלומפערט, אום צו האָבן חן.

דער דייטש ווייסט נישט, וואָס דאָס הייסט שפילן זיך מיטן לעבן — אום גוטן, ווי אום בייזן, און דערפאַר האָט ער נישט קיין הומאָר. איינער בלויז פון זיי האָט עס געקאָנט, און דאָס איז אויך געווען — היינריך היינע! דער דייטש פילאָזאָפירט שווער און טיף דאָרט, וווּ אַנדערע פעלקער פון לייכטערן בלוט שאַפן קונסט און הוידן זיך אַריבער און לאַנצן זיך דורך.

דאָס איז דאָך געווען דער גרויסער, שטענדיקער קאָנפליקט צווישן דעם דייטש און דער וועלט: דער דייטש איז געווען אַ שפיל־פאַרדאַרבער.

איז דען דאָ א גרעסער, אַ שענער, אַ זיסער שפיל, ווי ליבע, — ליבע צווישן דעם אייביק־יונגן אדם און דער אייביק־שיינער, פאַר־לאַנגענדיקער און פאַרלאַנגען־דערוועקנדיקער חוה? נעמט אַוועק דעם עלעמענט פון שפיל — וואָס בלייבט? נאַטור־נויטווענדיקייט, געבונדנקייט, קנעכטשאַפט צום אינסטינקט פון דעם מין.

שאָפּענהויער, דער גערמאַנער, דער דייטש, האָט דערפאַר פיינט געהאַט די ליבע. ער האָט געזען נאָר דעם גרויען ערנסט, — דעם מין־ערנסט; דעם טאַנץ, דעם שפיל, די יונגע, אינדיווידועלע, פער־זענלעכע וואַריאַציע. די קונסט פון דעם שפיל האָט ער נישט געזען, נישט געפילט. די דייטשע ליטעראַטור האָט נישט קיין ליבע־ליריק: עס איז דאָרט דאָ סענטימענטאַליטעט. עס איז דאָרט דאָ לבנה־שיין און בלויע אויגן און זיפצן, — אָבער דאָס זענען אַלץ

ווי חתן־כּלה־געזאַנגען; מען פילט, אַז אָט־אָט ווערן זיי מאַן און ווייב און אויס פּאָעזיע, אויס שפּיל, אויס גראַציע.

נאָר געטע, דער „עבודה־זרהניק״, און נאָר היינע, מיט זיין יידיש־באַגערנדיקן, ברענענדיקן, מזרחדיק־גליענדיקן בלוט, האָבן געפילט דעם ריטם פון אַ ליבע־טאַנץ.

דעמעל האָט די דייטשן פון זיין צייט „שאקירט״ דורך זיינע ליבע־לידער, און ווען איך לייען אים איבער נאָכאַמאָל, פאַרשטיי איך, פאַרוואָס: עס איז די דייטשע סענטימענטאַליטעט, האַנז און גרעטכען, — אָבער אויף אַ זינדיקן טאָן; ער ווייסט, אַז ער „זינ־דיקט״, ער פילט זיך שולדיק און קאָן עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אָט איז זיין באַרימטע עלעגיע, „די דריי רינגען״, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

„איר רינגען, דריי רינגען אויף איינאיינציקן פינגער,
און יעדער א טויטע, א געבראָכענע שבועה.״

עס איז אַ ליד פון דריי ליבעס, — דריי ליבעס, וואָס האָבן געברענט, ווי פייער, און זענען פאַרלאָשן געוואָרן. יעדע ליבע האָט געזאָלט זיין אייביק, אויפן גאַנצן לעבן, און ווייטער איבער דעם לעבן אַריבער, אין דעם תּהום פון וועלטן אַריין, — און די תּאווה, די ברענענדיקע, האָט געפונען אין דער אייביקייטס־אילוזיע איר פאַר־ענטפערונג, איר כשרות; און די אייביקייט האָט געדויערט, — אַזוי־פיל, וויפיל אַ ליבע געדויערט, די ליבע, וואָס איז ווערט אַזוי אָנ־גערופן צו ווערן, — פון דעם אויפבליען ביז צום בלעטערפאַלן, פון דעם ערשטן טאַנץ־טריט ביז צום לעצטן טאַקט. ס׳איז קאַרג? איז דען נישט אַ וועלט, אַ פולע, רייכע, זאַטע אינמיטן?

אָבער דער סענטימענטאַלער אייביקייט־זוכנדיקער פילט זיך שולדיק; פאַר אים איז אייביקייט נישט קיין אויסלעבונגס־באַגריף, עס איז אַ צייט־באַגריף. און איז לעבן — צייט?

דעמעל, דער דייטש, דעמעל, דער נישט־ריטמישער, קאָן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דאָס לעבן פאַרגייט; ער באַקלאָגט עס תּמיד און זוכט זיך צו פאַרשיכורן — מיט געפילן. ער זינגט אַ „טרינק־ליד״:

נאָך אַ שעה, און עס איז שוין נאַכט,
טרינקט, ביז די נשמה אין אייך זיך צעלאַכט.

הײַן אַהער, טרינקט!

• • • • • • • • • • • • • • • • • •

זינגט מיר דאָס ליד פון טויט און פון לעבן,
זאַנלאַני, גלייא, גליל-לאַ-לאַ!
קלינג-קלאַנג, קוקט, געבראָכן די רעבן,
אָבער זיי האָבן אונדז טרויבן געגעבן,
הײַ!

ער מוז הערן דאָס ליד פון דעם טויט, כדי צו געניסן דאָס לעבן! ווי שווער פליסט זיין בלוט, ווי ווייניק-קלינגענדיקער, זילבערנער געלעכטער זינגט אין זיין בלוט!

דעמעל איז אַזוי טיפּיש פאַר דייטשלאַנד, פאַר דעם דייטשישן גייסט, פאַר זיין גראַנדיעזער טיפקייט און פאַר זיין מענטשלעכער ענגקייט, ווי קוים אַ צווייטער, טאָקע דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער אין דער דייטשער קונסט. ווילט איר קענען דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלק, מוזט איר זיך איינקוקן אין זיינע אפּיקורסים, אין זיינע ווידערשפעניקע. דעמאָלט ערשט וועט איר דערזען דעם תּוך.

פאַר דעמעלן איז די וועלט נישט קיין קינסטלערישער, נאָר אַ פילאָזאָפישער פּראָבלעם. ער רעדט אָפט פון דעם „מענטשן". פון דער „וועלט", פון דער „נאַטור":

„מענטש, דאָס וואָס איז דיר גרינג, דאָס נעם שווער,
די נאַטור גיט אַ סך, נעם אַרויס פון איר מוז."

דאָס איז איינער פון זיינע „כּללים": שווער צו נעמען דאָס גרינגע! קונסט זאָגט — גרינג צו נעמען דאָס שווערע; שווער איז די מאַסע, שווער איז דער שטיין, די פאָרם איז גרינג, די פאָרם איז גראַציע, ליניע, אַ הויך, אַ שפּיל; און נישט מער, ווי די נאַטור גיט, דאַרפן מיר אַרויסנעמען, פאַרקערט — באַגרענעצן זי, אַרומזוימען זי. נאָר דאָס איז שיינקייט, און נאָר דאָס איז פּאָעזיע. דער גאַנצער קאַמף צווישן מענטש און וועלט, צווישן נאַטור און קולטור, איז פאַר דעם ווייניקער, נישט פאַר דעם מער, פאַר פּשטות אַנטקעגן דער אומגעהייערער קאָמפּליצירטקייט; דאָס איז נישט נאָר קונסט, דאָס איז

וויסנשאפט אויך; נאָר פילאָזאָפיע, — די דייטשישע פילאָזאָפיע, — זוכט דאָס אומבאַגרענעצטע, דאָס נישט־צום־אויסמעסטנדיקע.

* *
*

אין זיין צייט איז דעמעלט געווען א רעוואָלוציאָנער, — אַזוי האָט זיך עס אים און אַזוי האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט; און נישט נאָר אויף דעם — וועלט־וייב־, וועלט־מענטש־געביט, נאָר אויך אויף דעם געביט פון מענטש — מענטש, אויף דעם סאָציאַלן. און דעמעלט האָט געזונגען אַ ליד, וואָס איז באַרימט אין דער דייטשער וועלט, דאָס ליד פון דעם „ארבעטסמאַן", און מערקווירדיק, די אייגענע „צייט"־מעלאָדיע! הערט זיך איין אין דער ערשטער סטראָפע:

„מיר האָבן א בעט, מיר האָבן אַ קינד, מיין ווייב,
מ ר האָבן אויך אַרבעט, און דוקא צו צווייט;
מיר האָבן די זון און רעגן און ווינט.
אונדז פעלט בלויז איין קלייניקייט, —
אום פריי צו זיין, ווי אַ פייגעלע איז, —
נאָר צייט..."

דער דייטשער מאַלער אַנעטקאפער האָט דאָסדאָזיקע ליד אילוסטרירט: אַן אַרבעטער, שווער, שטאַרק, לאַנגזאַם, פאַרטראַכט, — אַ פאָרטרעט פון דעמעלט אַליין, — און אַ דייטשע פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט, גייען איבער פעלדער. זי שטראַלט פון מוטערליבע, פון גרעטכען־געטריי־ווייב־לבנה־שיין־ליבע. ער קוקט מיט אַן אויג, וואָס זוכט — „וועלטן", אָבער זעט נישט די וועלט, אין וועלכער ער לעבט, דאָס פעלד, אויף וועלכן ער טרעט; ער זוכט „צייט" און פילט נישט דעם מאָמענט, דעם בליץ און דעם הייליקן ברען, און ווייסט נישט, וואָס זינד איז, און ווייסט נישט, וואָס תשובה איז און — וואָס איז שיינקייט.

און דאָך איז דעמעלט דער דיכטער פון אונדזער צייט, מיט איר פאָרמלאָזיקייט, מיט איר נישט־לעבן־קאָנען, מיט איר צעריסנקייט, מיט איר טיפער טראַגיק.

די צייט האָט געפונען איר סוף — מיט דונערן און בליצן, זי איז געשטאָרבן אין קאָנוווּלסיעס נאָך אַ שווערער גסיסה. זי האָט

געזוכט אַ סך וועלטן און האָט די איינציקע פאַרשפּילט; זי האָט געוואָלט זינדיקן און האָט זיך שוין פריער על־חטא געשלאָגן; אָבער זי איז געווען אומרויק, שטורמיש, זי האָט געקלאַפּט מיט אימפּעט אין אַלע טויערן פון די הימלען. נישט איר שולד איז דאָס געווען, וואָס מען האָט איר נישט געעפנט; אפשר זענען די טויערן פאַרשפּאַרט אויף אייביק, אפשר — אפשר זענען גאָר קיין טויערן נישטאָ.

דעמעל איז, — אויף זיין אופן, אויפן דייטשן נוסח, — געווען איינער פון די שטאַרקסטע, ליידנשאַפטלעכסטע, רעוואָלוציאָנערסטע זינגער.

ווער וועט ווייטער זוכן — פאַר דער בייער צייט, וואָס ווערט? וואָס וועט זיין די רעוואָלוציע פון מאָרגן?...

# יאָהאַן געאָרג העגעל.

אָט אַזוי, פּלוצלונג, קומט צו דיר דער „שר" פון דער געשיכטע און שפּרייט אויס זיין מאַנטל איבער דיר.

ווייל עס איז דאָך זיכער—עס מוז דאָך זיין עפּעס אַזוינס, ווי א „שר", א „גייסט", אַ—איך ווייס אַליין נישט, ווי איך זאָל עס אָנרופן—א זין, אַ טעם, א סדר אין דעם דורכאַנאַנדער, אין דעם אַרויף און אַראָפּ—אין דעם אַלעמען, וואָס פּשוטע מענטשן טוען — און פּראָפעסאָרן פאַרשרייבן דערנאָך אין גראָבע ביכער.

איך וויל זיכער נישט שווערן, נישט ביי דעם „הן שליי" און אַפילו נישט ביי דעם „הן" פון אַן אַנדערן, אַז עס איז טאַקע דאָ, אָט אַזוי ממש ווי עס רעדט זיך אַרויס, אָבער דאָ — אין דעם רויִקן, שטילן, בנימוסדיקן שטעטעלע יענאַ—אין טורינגען—צווישן בערגלעך, צווישן ביימער — גראָד דאָ וויל איך זיך פאָרשטעלן, אַז אַזאַ שר — איז פאַראַן.

איך וויל פאַנטאַזירן, אַז דאָ, ווו איך בין נאָר וואָס געזעסן, מיט א פּאָר שעה צוריק, אויף דעם „נאַפּאָלעאָן-שטיין", ד. ה. אויף דער שטיינערנער באַנק, ווו נאַפּאָלעאָן איז געזעסן, ווען עס האָט זיך פאַר זיינע אויגן, אונטער זיין השגחה, אָפּגעשפּילט די בלוטיקע „שלאַכט ביי יענאַ",—אַז דאָ זיצט ער נאָך, דער קליינער גענעראַל מיט דעם גרויסן היטל, דער אימפּעראַטאָר פון פראַנקרייך, דער באַהערשער פון אייראָפּע. אַרום אים מאַרשאַלן, גענעראַלן, קוריערן קומען רייטנדיק באַרג-אַרויף — פון יענע פעלדער. וואָס ליגן איצט אַזוי רויִק, אַזוי פרי-האַרבסטלעך געזעטיקט, און האָבן שוין פאַרגעסן, ווי עס האָט אויף זיי אין יענעם טאָג גערעשט און געדונערט, ווי פראַנצויזישע

גרענאַדירן מיט בערן-היטלען אויף די קעפּ האָבן געשטורעמט אַקעגן עסטרייכישע אולאַנער, אונגאַרישע טשאַקאָ-רעגימענטן, שווערע, ריזיקע פּרייסישע סאָלדאַטן.

דעמאָלט האָט די „ערד געציטערט״—און דער קליינער גענעראַל אויף דער שטיינערנער באַנק איז געווען דער, וואָס האָט זי געמאַכט ציטערן. נאַפּאָלעאָן זיצט און קוקט, גיט באַפעלן און טראַכט. און אויף אַ מינוט פאַרגעסט ער, ווו ער איז — וואָס ער טוט דאָ, הערט אויף צו פאַרשטיין צוליב וואָס עס גייט דאָרט פאָר די שיסערייִ און דאָס בלוטיקע געשלעג. דער „העלד״, דער היסטאָרישער אַקטיאָר, פאַרגעסט זיין ראָלע—ער דענקט בלויז איינס: ער איז אַן איינזאַמער מענטש, וואָס זיצט אויף אַ שטיין, צווישן פעלדער — און זוכט זיין וועג.

ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט ער זיך געזען מיט אַן אַנדער מענטשן, אויך אַן איינזאַמער, אויך איינער, וואָס זוכט אַ וועג. עס איז געווען אין אַ שטעטל לעבן יענאַ — אַ קליין שטעטעלע, וואָס הייסט ווייַמאַר, פיר שפּאַן ממש, אָבער אין דעם ענגן רוים איז געזעסן אַ ריז — געטע.

זיי האָבן גערעדט — קיינער ווייסט נישט וואָס און פון וואָס. אָבער ווען געטע איז אַרויס פון נאַפּאָלעאָנס קאַבינעט, האָט דער קייזער פון אים געזאָגט: „אָט דאָס איז אַ מענטש״. נישט דיכטער, נישט געלערנטער, נישט מיניסטער — דאָס אַלץ איז נישט וויכטיק. אָבער אַ מ ע נ ט ש.

נאַפּאָלעאָן האָט געזוכט דעם מענטשן — און האָט אים אויף אַ ווייל געפונען — און נישט געקאָנט אים נאָכגיין.

אָט-אָט האָט ער דערזען דעם וועג — צו די טיפענישן — און ווידער אים פאַרלוירן — און נאָכאַמאָל שלאַכטן און פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע. ווידעראַמאָל: שפּיל.

* * *

און מערקווירדיק—בשעת נאַפּאָלעאָן איז געזעסן אויף דעם שטיין און געשפּילט דעם טראַגישן שפּיל פון געשיכטע—איז אין אַ האַלבער

שעה מהלך—אָדער ווייניקער—אין דער אייגענער שטאָט יענאַ, געזעסן אין אַ חדרל אַ יונגער דייטשער פּראָפעסאָר און האָט אויפגעדעקט דעם סוד פון דעם גאַנצן שפּיל.

אין דעם אייגענעם טאָג, ווען נאַפּאָלעאָן איז אַריינגעקומען מיט זיין אַרמיי, מיט פלאַטערנדיקע פאָנען, מיט טרומייטן און פּויקן אין שטאָט אריין, דער זיגער, דער הערשער, דער צעטרעטער פון דייטש־לאַנד—האָט יאָהאַן געאָרג העגעל פאַרענדיקט און אַוועקגעטראָגן צום פאַרלעגער — זיין מאַנוסקריפּט: „די פענאָמענאָלאָגיע דעס גייסטעס״ — אַ בוך מיט אַ שווערן נאָמען, אַ בוך, ווי דינאַמיט: איינגעוויקלט און איינגעשלאָסן אין אַ קעסטעלע מיט אַ שווער־פאַרשטענדלעכער אויפשריפט. דער בעמיקער האָט פאַר דינאַמיט זיין פאָרמולע, און ווען ער שרייבט זי אויף—וואָלט איר קיינמאָל גאָרנישט זיך משער זיין, אַ הינטער די־דאָזיקע צייכנס ליגט אַ קראַפט פון טויט, פון צעשטערן, פון אויפ־רייסונג.

„פענאָמענאָלאָגיע דעס גייסטעס״ זיי זענען געווען אַזוי נאַיווּ־באַשיידן, די אַלטע מייסטער, די פאַרצייטיקע דענקער. אַזוי מלמדיש־נאַיִוו, אַזוי כמעט בטלנישדיק. געמאַכט אַ פרום פּנים—און גיי דערקען, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן. זיי האָבן עס זיכער אַליין נישט געמיינט. ווען מען וואָלט געווען זאָגן, למשל, אָט דעם יונגן, גלחישן יונגנמאַן, דעם פּריוואַט־דאָצענט העגעל, אַז דאָס קינד פון זיין מאַנו־סקריפּט מיט דעם געלערנטן גריכישן נאָמען וועט ווערן — דער מאַרק־סיזם, און זיין אייניקל—דער באָלשעוויזם; אַז פון דעם בוך וועט אַרויס־קומען אַ סאָציאַלע איבערקערעניש אין דעם וועסט־אייראָפּעיִשן לאַנד— וואָס וואָלט ער דערויף געענטפערט? עס קאָן זיין, ער וואָלט אַריינ־געוואָרפן זיין מאַנוסקריפּט אין פייער אַריין—אָדער, ווער ווייסט, אפשר וואָלט ער אויך מיט אַ שמייכל פון איראָניע געזאָגט: גיי, מיין גייסט, און טו דיין אַרבעט, גיי און דינאַמיטיר די וועלט, גיי און טראַכט נישט פון מיר, יאָהאַן געאָרג העגעל, דער פּראָפעסאָר פון פיקאָזאָפיע, וואָס וויל זיין אַ גוטער, געטרייער פּרייסישער בירגער. זיי דו, מיין גייסט, מוטיקער פון מיר!

ווען מענטשן וואָלטן פאַרשטאַנען די מערקווירדיקע וועגן פון דער געשיכטע, וואָלטן זיי געדאַרפט אויסבויען אַ גרויסן מאַוזאָליי אויף דעם פּלאַץ, ווו העגעל האָט געוווינט, — און אַרום אים אַוועק־שטעלן סטאַטועו: מאַרקס, בעבעל, זשאָרעס, לענין, — אַלע די, וואָס

האָבן איבערגעאַנדערשט די פיזיאָנאָמיע פון אייראָפּע, אַלע די, וואָס האָבן פאַרענדיקט די גרויסע אַרבעט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט אויספירן—און נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי, און וואָס העגעל האָט פאַר-שטאַנען — און נישט געקאָנט.

מחמת העגעל האָט אין זיין יונגן שטורמישן בוך אויסגעזאָגט אַ קליינעם סוד, וואָס דער „שר פון געשיכטע" האָט אים איינגערוימט אין אויער: דאָס לעבן איז אַ פּראָצעס פון שטענדיקער באַוועגונג — די באַוועגונג צו זיך אַליין, צו דעם יסוד. געשיכטע איז אַ קרייז אַרום אַ צענטער, אָבער דער צענטער באַוועגט זיך אויך. ער בלייבט דער אייגענער און איז דאָך נישט דער אייגענער. ער, דער יסוד, ענדערט זיך אויך, ווערט רייכער, קאָמפּליצירטער, גייט אַרויס פון זיך, ווערט זיין אייגענער היפוך, זאָגט ניין צו זיך אַליין—און קומט צו-ריק — אויף דעם וועג פון פאַרניינונג — דער אייגענער און פאָרט אַן אַנדערער.

און העגעל האָט געוויזן, אַז אַלע רעוואָלוציעס, אַלע מלחמות, אַלצדינג, וואָס מענטשן פאַרטראַכטן און פירן אויס—איז נישט מער ווי דער וועג פון דער אייביקער אידעע צו זיך אַליין. און דאָס מיינט: צעשטערן איז אויך בויען — ניין איז דער וועג צו יאָ. דאָס מיינט: געשיכטע אָן רעוואָלוציע איז אוממעגלעך, איבערקערן די וועלט הייסט שטעלן זי אויפן ק אָ פּ, הייסט אַוועקשטעלן זי אויפן ק אָ פּ. אָט דאָס האָט העגעל אַריינגעזאָגט דער וועלט — אין דער שעה, ווען נאַפּאָ-לעאָנס האַרמאַטן האָבן געדונערט.

די האַרמאַטן זענען פאַרשטומט געוואָרן, נאַפּאָלעאָן איז געוואָרן אַ לעגענדע—אָבער העגעל איז אַלץ מער און מער געוואַקסן. פון זיין שורש האָט געצויגן יניקה די נייע אייראָפּעיִשע פּאָליטיק. ער האָט געוויזן אַ וועג צו דער נייער געשיכטע.

עס גייט איצט אָן אין דער גייסטיקער וועלט אַ רענעסאַנס פון דעם העגעליאַניזם. בענעדעטאָ קראָטשע אין איטאַליע איז דער אָנ-פירער פון דער באַוועגונג. עס גייען אים נאָך דייטשן, ענגלענדער, אַמעריקאַנער. „ניי-העגעליאַנער" רופן זיי זיך, און אַפילו ווען זיי פאַרלייקענען דעם מייסטער — פאָלגן זיי אים פאָרט.

עס איז אויך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס. העגעל איז געווען ביז אַהער דער איינציקער דענקער, וואָס האָט געוויזן דעם זין פון גע-שיכטע. עס האָבן זיך געפּרווּוט פאַר אים אַ סך דענקער, — דער

איטאַליענער דזשאַמבאַטיסטאַ וויקאָ אין דעם סוף פון דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט; גיבאָנס דער ענגלענדער האָט זיך געמיט צוצוגעבן אַ מין צוגאַנג צו דער געשיכטע; טעאָלאָגן, פילאָזאָפן, אַלע האָבן זיך מטפל געווען מיט דעם שווערן פּראָבלעם. אָבער טאַקע נאָר מטפל געווען—ווייל אונטער זייערע הענט איז די געשיכטע געוואָרן טויט, פאַרביינערט, אַ סקעלעט. סוף כל סוף איז דאָס אַרויסגעקומען: גאָט האָט געוואָלט, אַז די מענטשן זאָלן טאָן זיין רצון. ער באַזונדער, מיר פאַר זיך. און פרעגט מען: צוליב וואָס, וואָס איז דער תכלית, דער צוועק, דער זין? — שווייגט דער „סוד-ווייסער".

העגעל האָט דער ערשטער געהאַט דעם מוט צו זאָגן: נישט גאָט—אָדער די נאַטור—באַווייזט זיך אין דער געשיכטע; נישט וויל ער, נישט פאָדערט ער — ער איז געשיכטע. ער אַליין — די גאַנצע אומענדלעכע וועלט— איז אייננאַיינציקע באַוועגונג. גאָט איז דאָס ווערן— ער איז געשיכטע. נישט ער באַווייזט זיך, נאָר ער איז אין איר — און מיר העלפן אים צו דערגיין צו זיין אייגענעם יסוד.

לאָז זיין — פילאָזאָפיש, טעאָרעטיש איז דאָס אַ „מדרש פּלאים", אַ פאַנטאַזיע, אַ שפּיל מיט ווערטער. מיר האָבן דערווייל נישט געפונען קיין אַנדער שפּיל, וואָס זאָל בעסער באַפרידיקן. אָבער דער עיקר איז די פּראַקטישע אויספירונג: אויב געשיכטע איז באַוועגונג— באַוועגונג פון און צו גאָט,—און אויב יעדע באַוועגונג איז לייקענען דאָס, וואָס איז — וואָרים אַנדערש וואָלט דאָך געווען רו — איז יעדע לייקענונג געזעצלעך, איז רעוואָלוציע אַ געזעץ פון געשיכטע, אַ געבאָט פון דער נאַטור, טאָר נישט זיין קיין רו, טאָר מען נישט זאָגן: מיר האָבן דערגרייכט. עס איז נישטאָ קיין דערגרייכן — עס איז פאַראַן בלויז באַוועגונג.

* * *

דער קייזער און דער דענקער האָבן זיך קיינמאָל נישט באַגעגנט. יענאַ, דאָס קליינע שטעטעלע—איז געווען, ווייזט אויס,—צו ברייט פאַר זיי. זיי האָבן נישט געקאָנט אַריבערשפּאַנען דעם תהום.

אָבער דער שר פון דער געשיכטע האָט געשמייכלט. ער האָט געוווּסט, וואָס ער האָט באַצוועקט — ווען ער האָט זיי צונויפגעבראַכט אין איין צייט, אין איין אָרט — דעם גייסט, וואָס פאַרענדיקט דאָס נעכטיקע און דעם גייסט, וואָס הייבט תמיד אָן, דעם ווילן צו הערשן — און דעם זין פון דעם ווילן. און אויף דעם נאַפּאָלעאָן-שטיין האָב איך זיך איינגעהערט אין דעם סוד פון דעם שר: דאָס לעבן איז אַן אידעע, און שאַפן הייסט — זיך אַליין צעשטערן.

עס איז אפשר נישט כדאי געווען צו פאָרן אַזוי ווייט — איבער דעם אָקעאַן, איבער בערג און טאָלן — כדי צו דערגיין צו אַזעלכע „אמתן". מען דערטראַכט זיך צו זיי אויך אין דעם אייגענעם חדר — אין ניו-יאָרק.

אָדער אפשר נישט? מען דאַרף זיך אַרויסרייסן אויף אַ צייט פון ניו-יאָרק, פון דער אַמעריקאַנער סביבה, פון דער אַטמאָספערע פון אומבאַוווּסטזיניקן צעשטערן — צעשטערן אַלע אַלטע ווערטן מיט אַ פאַרבאָרגענער כוונה אויף נייע, וואָס וועלן אַמאָל געשאַפן ווערן — מען דאַרף, זאָג איך, באַקומען דיסטאַנץ צו דעם אַמעריקאַנישן לעבן. וואָס איז אויף זיין אופן אַ שטענדיקע רעוואָלוציע, אַ ריי פון דינאַמיט-אויפרייסונגען (זיי זענען קורץ, דערפאַר פילט מען זיי נישט אַזוי), כדי אים צו פאַרשטיין.

איך זאָג נישט, אַז אויף דעם נאַפּאָלעאָן-שטיין אין יענאַ בין איך פון דעם שר פון געשיכטע געוווּיר געוואָרן דעם סוד פון אַמע-ריקע — מחמת אַמעריקע איז אַ גרויסער סוד; איך זאָג אויך נישט, אַז העגעל האָט מיר פאַרענטפערט דעם פּראָבלעם.

אָבער אָן איינס האָב איך זיך דערמאָנט, אָן איין גרויסן פּרינ-ציפּ, וואָס דער פילאָזאָף פון יענאַ האָט מיר געלערנט: דער גייסט אין דער געשיכטע גייט איבער דער פאַרניינונג פון זיך אַליין. אייראָ-פּע האָט זיך נישט געוואָלט פאַרניינען — האָט איר די געשיכטע גע-צוווּנגען — זיך צוצושטערן.

רוסלאַנד פאַרניינט — און דערפאַר איז אין איר ניין אַ גע-וואַלדיקער „יאָ" — אַ „יאָ" נישט פון היינט, נאָר פון יאָרן, וואָס וועלן קומען — און אַמעריקע — אַמעריקע פאַרניינט, און ווייסט עס אַפילו נישט. און דאָס איז די אמת-העגעלשע, די שטאַרקסטע, די שעפערישסטע פאַרניינונג. דאָס איז שוין — די שוועל צו דעם נייעם, וואָס מיר קומען, צו דער „נייער וועלט".

דער קרייז באַוועגט זיך — דער צענטער פאַררוקט זיך. און — אויפסניי — אויפסניי באַוועגונג. אַלצדינג — נאָר נישט קיין רו, נאָר נישט בלייבן שטיין. ווייטער — זאָגט נאַפּאָלעאָן, „נישט פאָרווערטס, הייסט צוריק". ווייטער, — זאָגט העגעל, — דער גייסט, דער לעבעדי־קער, איז דינאַמיק. ווייטער, — זאָגט דער שר פון דער געשיכטע. און איך זיץ אויפן בערגל, קוק אַראָפּ אין טאָל אַריין, עס איז אַזוי רויִק, אַזוי אידיליש, און פרעג: צו וואָס ווייטער? אפשר איז דאָס בעסטע בלייבן, ווו מען איז רויִק, האַלב-שלעפעריק, אַזוי ווי דער בוים, אַזוי ווי דער שטיין? דער אייביקער קאַמף אין דעם יחיד, אין דער געזעלשאַפט—און די באַוועגונג זיגט.

## מאַרקס און דער מאַניפעסט.

אין אַ קליין חדרל, אין לאָנדאָן, מיט אַכציק יאָר צוריק. צוויי יונגעלייט, דייטשע עמיגראַנטן, זענען געזעסן און האָבן געשריבן. איינער — אַ פייערדיקער, אַ דרייסיק־יאָריקער, מיט שוואַרצע, געדיכטע האָר און אַ שאַרף יידיש פּנים; דער צווייטער — אַ ביסל עלטער, רויקער, בלאָנד און גערמאַניש. זיי האָבן גערעדט און געשריבן. דער יונגער האָט געשטורעמט, דער עלטערער האָט זיך געמיט איינהאַלטן דעם שטורעם, דעם מבול פון ווערטער, אַריינגלעטן זיי, ווי ווייט עס האָט זיך געלאָזט, אין די שטילערע, רויקערע, געמעסיקטערע פאָרמען פון דער לאַנגזאַמער דייטשער שפּראַך. פאַרטיק, אָנגעשריבן, געחתמעט—ביידע נעמען אונטער דעם מאַנוסקריפּט.

און די שריפט איז אַרויס אין דער ברייטער, ווייטער וועלט. און ווי זי האָט דערגרייכט, האָט זי געצונדן. די רויקע דייטשע ווערטער האָבן באַקומען גלאָקן־קלאַנג, און זיי האָבן גערופן צום — שטורעם.

צוויי זענען זיי געווען—קאַרל מאַרקס, דער אייניקל פון רבנים, און פרידריך ענגעלס, דער רויקער דייטשער פאַבריקאַנטן־זון. דער יורש פון דעם האָר־שפּאַלטנדיקן פּלפּול, פון וועלט־פרעמדקייט, פון וועלט־פאַרלייקענונג, פון טויזנט־יאָריקן צאָרן און פּאַטאָס, און דער דייטשער בירגער, דער יורש פון דעם קליינעם בעל־מלאכה, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט און איז אין דעם עצם פון זיין נשמה געבליבן אין זיין אַלט־דייטשער רו און איינגעוואָרצלטקייט.

און איך קאָן זיך אויסמאָלן, ווי נישט איינמאָל האָט זיך ביים גוטן, בלוי-אויגיקן פרידריך ענגעלס שיעור-שיעור נישט אַרויסגעריסן אַ געשריי פון פּראָטעסט, ווי ער האָט זיך ביי אים געבעטן, ביים יונגן, ביים פלאַמענדיקן: „שטילער, רויקער, זיי נישט קיין שמשון, וואָס רייסט אַרויס די זיילן פון דעם טעמפּל, כדי צו באַגראָבן די פּלשתּים אונטער די חורבות". און ער האָט אַ ציטער געטאָן, ווען ער האָט געהערט, ווי מאַרקס האָט געזאָגט: „דער אַרבעטער האָט נישט קיין פאָטערלאַנד". ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין שטאָט באַר-מען, אַזוי געמיטלעך, אַזוי רויק, אַזוי היימיש.

און ער האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, ווען עס איז צו אים דערגאַנגען דער באַפעלנדיקער קול פון דעם לערער: „אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט באַהערשט די פאַרגאַנגענהייט די קעגנוואַרט— אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט באַהערשט די קעגנוואַרט די פאַרגאַנגענהייט".

און פרידריך ענגעלס האָט זיך געטראַכט: „וואָס מיינט דאָס? ווי קאָן מען באַהערשן די פאַרגאַנגענהייט? ווי קאָן מען אויסמעקן פון דעם לעבן אַלצדינג, וואָס עס האָט באַשאַפן, די אָנגעזאַמלטע אוצרות פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן? האָבן די עלטערן און די עלטער-זיידעס אומזיסט געלעבט, אומזיסט געאַרבעט? זענען באמת אַלע דורות ביז אַהער געווען אומגערעכט — און נאָר מיר היינט, מיר, אָט די צוויי מענטשן, דאָ, אין דעם חדר, אין לאָנדאָן, זענען די איינציקע גערעכטע, די איינציקע, וואָס האָבן דערגרונטעוועט דעם סוד פון דער געשיכטע, אויפגעדעקט אירע וועגן און געפונען די לעצטע און איינציקע לייזונג?"

ספק נאָך ספק האָט זיך געוואָרגן אין ענגעלסעס מוח — אָבער מאַרקס איז געווען דער שטאַרקערער, און ער האָט אים באַ-הערשט. און זענען די ספקות געוואָרן צו שטאַרק — האָט אים מאַרקס צוגעשליידערט דאָס מאַגישע וואָרט: עס איז „וויסנשאַפט" — און ענגעלס האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך אונטערגעגעבן.

גאַנץ איינגעשטילט זענען די ספקות קיינמאָל נישט געוואָרן. מען פילט עס פון אַ געוויסן טאָן פון קילקייט, אַן אונטערטאָן פון אומבאַפרידיקטקייט—אין ענגעלסעס באַמערקונגען צו דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" — וואָס ער האָט געשריבן אין זיין איינלייטונג צו דער ענגלישער איבערזעצונג אין דעם יאָר 1888, פערציק יאָר שפּעטער.

„מיר האָבן אים נישט געקאָנט אָנרופן סאָציאַליסטישער מאַניפעסט", פאַרענטפערט זיך ענגעלס, „ווייל — סאָציאַליזם האָט דע-מאָלט — אין 1848 — געהאַט אַן אַנדער באַדייטונג, ווי שפּעטער, ווייל ער איז געווען אַ ראָמאַנטיש-אוטאָפּישע, בירגערלעך-סענטימענטאַלע באַוועגונג, און נישט קיין פּאָליטישע, נישט קיין „וויסנשאַפטלעכע". און ווייטער—„דער מאַניפעסט איז געוואָרן אַ היסטאָרישער דאָקומענט און מיר האָבן נישט מער קיין רעכט אים צו ענדערן".

פערציק יאָר נאָך דער געבורט פון דעם „מאַניפעסט" האָט ענגעלס געזען זיינע שוואַכקייטן און פעלערן — אָבער דער דייטשער יראת-הכבוד פאַר אַלצדינג, וואָס איז „געשיכטע", האָט אָפּגעהאַלטן זיין האַנט — און זיין קריטישן דענקען.

פונקט אַזוי ווי פערציק יאָר פריער, האָט די פּיעטעט פאַר „וויסנשאַפט" אים געצוווּנגען אָנצובויגן דעם קאָפּ פאַר מאַרקסעס דאָגמאַטישער, אַבסאָלוטער געשיכטס-פילאָזאָפיע.

ער האָט נישט דעמאָלט און נישט שפּעטער געהאַט דעם מוט צו שטעלן די איינפאַכע פראַגע: פאַרוואָס איז דאָס „וויסנשאַפט"? און ווייטער—מיט וואָס איז די ראָמאַנטיק פון מאַרקס בעסער ווי די ראָמאַנטיק פון די פריערדיקע סאָציאַליסטן, פוריעריסטן, קאַבעטיסטן און דעם דייטשן אַזוי גערופענעם „אמתן סאָציאַליזם"?

מאַרקסן איז דאָס זיכער נישט איינגעפאַלן צו פרעגן זיך אַליין. פונקט ווי עס איז גאָרנישט געקומען אין זין זיין לערער, דעם דייטשן „פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע" העגעל—ווי שאָפּענהויער פלעגט אים איראָניש אָנרופן—אפילו אויף איין מינוט, אַז זיין פאַרפלאָנטערטע טעאָריע פון דער זיך דיאַלעקטיש אַנטוויקלענדיקער אידעע, איז נישט „וויסנשאַפט", נישט פילאָזאָפיע, נאָר ראָמאַנטיק.

דער גורל פון „געשיכטע-מאַכנדיקע" ווערק איז ווי דער גורל פון דעם „קלאַסיקער" קלאָפּשטאָק — „מען אַכטעט אים, מען לייענט אים נישט". פון אַ גאַנץ ווערק בלייבט געוויינלעך אין זכרון איין זאַץ, איין וואָרט, איין געדאַנק — און אָפּט דער נישט וויכטיקסטער, דער גאָרנישט צענטראַלער. אָט אַזוי איז פון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" געבליבן איין זאַץ אין דעם זכרון פון די מענטשן, און דאָס איז: „די געשיכטע פון דער געזעלשאַפט איז די געשיכטע פון קלאַסנקאַמף". און צום שלוס: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער,

פאַרייניקט אייך", אַ היסטאָרישע השערה, אַ פילאָזאָפישע היפּאָטעזע — און דערנאָך אַן אויסרוף, אַ סיגנאַל און אַ לאָזונג.

נישט נאָר אין דער צייט, ווען עס איז געזאָגט געוואָרן, נישט אין דעם דענקען און נישט אין דעם רופן. אָבער נאָר איז געווען איינס: דער מאַנטל פון וויסנשאַפט איבער דער ראָמאַנטיק, די באַזייטיקונג פון אַלע עטישע און ווערטנדע עלעמענטן פון דער פּאָליטיק.

דער אַלטער סאָציאַליזם — דער אוטאָפּישער — האָט געפּרעדיקט דאָס אייגענע, ווי מאַרקס. און ווען מען פאַרגלייכט פוריעס שיטות אָדער סען-סימאָנס דרשות מיט די פאָדערונגען „די פּראָגראַמאַטישע און פּאָזיטיווע, וואָס זענען אויפגעשטעלט אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט"—זעט מען נישט דעם אומגעהייערן אונטערשייד, וואָס די מאַרקסיסטן ווילן זען, פאַרשטייט מען נישט, פאַרוואָס דער מאַניפעסט איז געוואָרן אַ גרענעץ צווישן צוויי וועלטן. צען פּאָזיטיווע פאָדערונגען שטעלט אויף דער מאַניפעסט, און אַלע זעען אונדז הייגט אויס אַזוי באַשיידן — האָבן אויך דעמאָלט, מיט אַכציק יאָר צוריק, גאָרנישט איבעראַשט די סאָציאַליסטיש-דענקענדיקע אָדער וועלנדיקע מענטשן. „פרייע דערציונג און עפנטלעכע שולעס", „קאָמבינאַציע פון אַגריקולטור און אינדוסטריע", „צענטראַליזאַציע פון טראַנספּאָרט-מיטלען אין די הענט פון דעם שטאַט", „צענטראַליזאַציע פון קרעדיט און שאַפונג פון אַ נאַציאָנאַלער באַנק", „אָפּשאַפונג פון באָדן-אייגנטום, פּראָגרעסיווע איינקונפט-שטייערן, אָפּשאַפונג פון ירושה-רעכט" א. אַז. וו.

דאָס איז ראַדיקאַל, דאָס איז אין אַ געוויסן זין רעוואָלוציאָנירנדיק פאַר דער געזעלשאַפט—אָבער דאָס איז שוין דעמאָלט נישט געווען שפּאָגלנײַ, און היינט — אין וואָס פאַר אַ פריי, דעמאָקראַטיש לאַנד זענען, צום ווייניקסטנס, עטלעכע פון די פאָדערונגען שוין נישט אַ טייל פון דעם טעגלעכן לעבן, פון דער באַשטייענדיקער אָרדענונג?

און ווען מען לייענט היינט דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", מוז מען זיך וואונדערן: ווי קומט עס, אַז פון דעמדאָזיקן גאַנץ באַשיידענעם פּראָגראַם האָט געקאָנט—לאָגיש—אויסוואַקסן נישט נאָר דער סאָציאַליזם, נאָר אויך דער קאָמוניזם, דער באָלשעוויזם אין דער לעניגשער פאָרם?

אמת — עס איז בלויז אַן אָנהייב, עס איז דער פונדאַמענט פון דעם מאַרקסיזם — אָבער מען קאָן דאָך נישט בויען אויף אַ פונדאַמענט מער ווי ער קאָן פאַרטראָגן! און ווען אַ הייגטיקער קאָמו-

ניסטישער פאַנאַטיקער לייענט דעם „מאַניפעסט"—פּאַלט אים גאָרנישט איין אַ ספק, צי האָט מאַרקס טאַקע געמיינט דאָס אַלץ, וואָס דער קאָמוניזם פירט איין אָדער וויל אַרויפצווינגען?

אָבער—דער טאָן מאַכט די מוזיק. נישט דער אינהאַלט, נישט דאָס פּאָליטישע פּראָגראַם, נישט דער סאָציאַל-פּראַקטישער טייל איז וויכטיק, — און אויך נישט די „וויסנשאַפט", — נאָר די ראָמאַנטיק.

און דער צענטראַל-זאַץ פון דעם גאַנצן „מאַניפעסט" איז דער: „אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט באַהערשט די קעגנוואַרט די פאַרגאַנגענהייט". עס איז אַ באַפרייונג פון דעם נעכטן, און דאָס וויל יעדער מענטש, בפרט דער יונגער, דער ראָמאַנטישער, דער אומגעדולדיקער.

די „וויסנשאַפט" דענקט אַנדערש. דער וויסנשאַפטלעכער מענטש ווייסט, אַז אַלצדינג איז פאַרגאַנגענהייט. ער ווייסט, אַז לעבן הייסט פאַרבונדנקייט און אַרויסוויקלונג און וואַקסן. אַזוי דענקט דער ביאָ-לאָגיש-, דער פיזיקאַליש-, דער פילאָזאָפיש-אָריענטירטער מענטש. דער אָרגאַניזם איז בלויז אַ וואַקסן פון דעם „קערן". אַ מאַשין קאָן נישט פונקציאָנירן, ווען זי פאַרלייקנט איר גרונט-פּרינציפּ. אַפילו העגעל, דער אומוויסנשאַפטלעכער דענקער, דער ראָמאַנטיקער, האָט געוווּסט, אַז די „אידעע", ווען זי מאַכט דורך איר „דיאַלעקטישן פּראָצעס", ווען זי ווערט דער היפּוך פון זיך אַליין — בלייבט דאָך אין עצם די אייגענע, זי ווערט בלויז זיך באַוווּסט, אַז עס איז מעגלעך אויך אַ „ניין", אַן אַנטיטעזיס.

מאַרקס האָט אָבער אַריינגעלייגט אין דעם העגעלשן ראָמאַנטיזם אַ ווילן און אַ מאָראַלישע פאָדערונג. די געזעלשאַפט אַנטוויקלט זיך אַזוי און אַזוי—האָט העגעל געלערנט. זי מוז עס—ווייל דאָס איז איר „געזעץ".

איז מאַרקס אַריינגעשפּרונגען אין דער געשיכטלעכער אַרענע און האָט אויסגערופן: „א י ר, אַרבעטער, איר, געקריוודעטע, א י ר מ ו ז ט פאַרלייקענען און צעשטערן דעם נעכטן, איר מוזט, ווייל אַזוי איז דער געזעץ".

דער געזעץ פון דעם ראָמאַנטישן ווילן אַקעגן דעם געזעץ פון דער ראָמאַנטישער וויסנשאַפט. און די שטאַרקערע ראָמאַנטיק האָט געזיגט—אין דער פאַנטאַזיע פון די מענטשן.

און אַכציק יאָר זענען פאַרגאַנגען, פרוכטבאַרע, פורכטבאַרע

ווערט נאָך ווערט האָט זיך געביטן. געל זענען געוואָרן די בלעטלעך פון דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט. פרעמד, ווי פון אַ פּאָרהיסטאָרישער צייט, ווייען אונדז אַנטקעגן די טויטע אותיות.

בלויז אונטער דעם אַש אַ קליין פייערל, דער אַלטער, שניידנ־דיקער, ברענענדיקער זאַץ: „לייקנט אָפּ די פאַרגאַנגענהייט, נאָר דער היינט הערשט".

אַ מינדסט ווינטעלע, און דער פונק צעפלאַקערט זיך אויפסניי— און וועלדער ברענען און לענדער שטייען אין פייער.

אָבער דער פייער ווערט ווידער אויסגעלאָשן, אויסגעברענט און אָפּגעגליט — און ווידער וואַקסט אויף דער אַלטער ערד — דאָס אַלטע לעבן, לויט זיינע געזעצן, נישט לויט אונדזערע. און דאָס לעבן שפּאָט: דער היינט וויל געוועלטיקן איבער דעם נעכטן? וואָס איז דער היינט?

און איבער דער ראָמאַנטיק פון מאַרקס גייט דער געזעץ צו זיין אָרדענונג, צו דער אייביקער, צו דער נישט־צו־ענדערנדיקער, ווייל שטאַרקער פון יעדן ווילן און פון יעדן „איז" — איז דאָס „עס איז געווען".

די „אידעע" מעג זיך דרייען אין איר פּראָצעס, ווי זי וויל — זי דרייט זיך דאָך אויס צו זיך אַליין, אין זיך אַריין. ווייל דאָס איז דער געזעצן. און אים פאָלגט די וועלט.

# פּיער זשאָזעף פּרודאָן.

(דער פּאַטאָס פון גערעכטיקייט).

„וואָס איז אַ לעבנסווערק?" — האָט אַמאָל געפרעגט געטע, און האָט געענטפערט: „עס איז דער געדאַנק פון דער יוגנט, אויסגעפירט אויף דער עלטער.

און דאָס איז דער אונטערשייד צווישן אַ גרויסן לעבן און אַ מיטלמעסיקן, אַ דורכשניטלעכן. און דאָס איז דער חילוק צווישן דעם גרויסן יחיד און דער גרויסער, ברייטער מאַסע.

דער יחיד האָט אַ אידעע, זיין אידעע. אַ אידעע, וואָס איז העכער און ווייטער פון זיין פערזענלעכן לעבן, וואָס נעמט אַרום אַ גאַנצן קלאַס מענטשן, אַ נאַציע, די גאַנצע מענטשהייט, די גאַנצע וועלט.

די מאַסע, דער מענטש פון דער מאַסע בלייבט תמיד אין ענגן קרייז פון זיין אייגענער פערזענלעכקייט.

עס איז כמעט אַ פּאַראַדאָקס, און דאָך איז דאָס אַ גרויסער אמת: דער גרויסער מענטש איז אומפּערזענלעך, ווייל זיין פערזענלעכקייט איז אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט. דער מאַסנמענטש איז דורכאויס פערזענלעך, גראַד דערפאַר, ווייל ער האָט גאָר קיין פערזענלעכקייט נישט.

די פּסיכאָלאָגיע אַרבעט אין קאָנטראַסטן און אין פּאַראַדאָקסן...

וואָס דאַרף מען האָבן דערצו, כדי צו זיין אַ פערזענלעכקייט? וואָס זענען די עלעמענטן פון דער גרעסטער גאָב, וואָס אַ מענטש קען באַזיצן?

דאָס איז כאַראַקטער. ווילנס-כאַראַקטער אָדער אינטעלעקטועלער כאַראַקטער—דאָס איז די קאָנצענטרירונג פון אַלע לעבנסשטראַלונגען אין איין הויפּטפּונקט. אַלע דערשיינונגען און איבערלעבונגען, אַלע אויסערע איינדרוקן און די אינערלעכע פּאַראַרבעטונג, אַלע דערפאַרונגען,

סיי אינטעלעקטועלע, סיי עמאָציאָנעלע, ווערן ביי דעם כאַראַקטער־מענטשן געפאַרבט מיט אַ באַשטימטער פאַרב, איינגעפאַסט אין דעם גרויסן רינג, דער געשלאָסענער קייט פון גאַנצקייט.

און נאָר גאַנצקייט איז גרויס. און נאָר דער גאַנצמאַכנדיקער מענטש קען צונויפברענגען די כאַאָטישע, צעשטיקלטע, אָן אַ טאָלק צונויפגעוואָרפענע וועלט, וואָס איז אַרום אונדז, אין וועלכער מיר זענען אַריינגעבוירן; מאַכן פון שטריכן און ליניען און איינצלנע פאַרבן — אַ בילד.

גאַנצקייט איז שאַפונג.

שאַפונג איז פערזענלעכקייט.

און דאָס איז דער פּרוביר־שטיין, דאָס קריטעריום פון דעם גרויסן מענטשן.



מיט דעמדאָזיקן קריטעריום גיי איך צו צו דעם באַרימטן פּרעדיקער פון גלייכהייט און גערעכטיקייט, צו איינעם פון די גרעסטע סאָציאַלע דענקער און רעפאָרמאַטאָרן פון דעם נייַנצעטן יאָרהונ־דערט — פּיער זשאָזעף פּרודאָן.

געוויס, די מאָדערנע קריטיק, און אַפילו די קריטיק פון זיין צייט אַליין, האָט באַוויזן אַלע פעלערן, די לאָגישע און די פּראַק־טישע, פון פּרודאָנס עקאָנאָמישן און פּאָליטישן דענקען. געוויס, פּרו־דאָנען איז נישט געלונגען צו גרינדן אַ שול, איבערצולאָזן תּלמידים, וואָס זאָלן ממשיך זיין זיינע ווערק. זיינע אידעען זענען נישט אויסגעפּירט געוואָרן, וועלן אפשר קיינמאָל נישט אויסגעפּירט ווערן. ער האָט אויך די וויסנשאַפט פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע נישט באַרייכערט. מיר וועלן געפינען ביי אים אויף יעדן טריט גוזמאות, פּאַראַדאָקסן, לאָגישע אומפּאַרטיקייטן, פאַנטאַזיעס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר געדאַנקען.

אָבער נישט דאָס איז דער עיקר.

נישט דאָס ווערק—דער מענטש; נישט די שאַפונג—דער שאַפער איז וויכטיק. מיט איין וואָרט, די פּסיכאָלאָגישע און היסטאָרישע פּערזענלעכקייט.

מען האָט אָפט געקלערט און דיסקוטירט איבער דער פראַגע: איז דער דענקער אַ פּראָדוקט פון זיין צייט און זיין סביבה, אָדער צי שטייט ער אַליין פאַר זיך? זענען זיינע געדאַנקען נאָר אַ מין עכאָ, אַ בת-קול פון דעם גרויסן, אָבער נישט קלאָרן געמורמל און רעש פון די באַהאַלטענע געהיימע כוחות פון דעם פאָלק, אָדער פון דעם טייל פונם פאָלק, צו וועלכן דער איינער אָדער דער אַנדערער דענקער געהערט, אָדער צי איז דער דענקער אַ מין „נושא את עצמו", וואָס שטייט פאַר זיך? שעפּט פון זיך, פון זיין אייגענעם קוואַל?

מיר האָבן פאַרשידענע דענקער און פאַרשידענע פּערזענלעכקייטן. פּרודאָן געהערט בלי ספק צו דער קאַטעגאָריע פון דענקער, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ גאַנצער עפּאָכע, טראָגן אויף זיך דעם חותם פון אַ קלאַס, זענען דערווידערקול פון אַ צייט.

פּרודאָן איז געווען,—ווי קאַרל מאַרקס האָט שוין לכתּחילה פאַר-שטאַנען און דערפילט, — דער וואָרטפירער, דער ראש המדברים פון דעם קליינבירגערלעכן קלאַס, פון דעם קלאַס פון בעלי-מלאכות, פון פּויערים, פון קלאַס, וואָס שטייט צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, צווישן צוויי פאָרמירטע, אויסגעבילדעטע קלאַסן.

און דאָס איז געווען אין זיין צייט — ווי עס איז צום גרויסן טייל אויך היינט — די גרויסע מערהייט פון דעם פאָלק אין פראַנק-רייך, ווי אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

פּרודאָן איז געבוירן געוואָרן דעם 15-טן יאַנואַר 1809, אין דער שטאָט בעזאַנסאָן, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון דער שווייצאַרישער גרענעץ און שטייט, אַזוי צו זאָגן, אויף דער שוועל צווישן צוויי ראַסן און קולטורן, צווישן צוויי דענקאַרטן: צווישן דער פראַנצויזיש-„לאַטיינישער" און דער גערמאַנישער. און פון דעם איינגע-בוירענעם פּסיכאָלאָגישן גרענעץ-דענקען, פון דער „פאַרטאָפּלונג" פון דער גייסטיקער פיזיאָנאָמיע פון דעם דענקער פּרודאָן שטאַמט זיין אייגנאַרטיקע, אומרויקע ווידערשפּרעכנדיקע, שטורמישע און אַזוי אינ-טערעסאַנטע אַרט, די אייגנטימלעכע נאָטע, וואָס ער האָט אריינ-

געבראַכט אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אין דער סאָציאַלער וויסנשאַפט.

מיר מוזן זיך אָפּשטעלן אויף אַ רגע ביי דער פעלקער־פּסיכאָ־לאָגישער פראַגע פון לאַטיינישן און גערמאַנישן דענקען. דער פראַנ־צויזיש־לאַטיינישער גייסט בכלל צייכנט זיך אויס מיט זיין לאָגישער שאַרפקייט, גענויקייט. „מיין גלאָז איז קליין, אָבער איך טרינק פון מ יי ן גלאָז", האָט געזאָגט דער טיפּישער פראַנצויז — וואָלטער. די גאַנצע פראַנצויזישע פילאָזאָפיע איז קלאָר, מאַטעמאַטיש, כמעט געאָ־מעטריש. נישט אומזיסט האָט דער ערשטער גרויסער פראַנצויזישער דענקער דעקאַרט אויסגעפונען די מאַטעמאַטישע מעטאָדע פון פילאָזאָפיע. דאָס דייטשע דענקען איז פּונקט דער היפּוך. עס איז אומקלאָר, פאַר־באָרגן אין זיינע מאָטיוון, צעשוווּמען, פאָרמלאָז; דערפאַר אָבער אויך טיפער. דער דייטשער דענקער איז בטבע אַ דיאַלעקטיקער, ד. ה. ער זעט אַלע זייטן פון דער פראַגע, נעמט זי אַרום אַזוי ברייט און ווייט, אַז ער פאַרוויקלט זיך אַליין אין ווידערשפּרוכן און קריגט פון די ווידערשפּרוכן אַ ס י ס ט ע ם. אַזוי איז דער גרעסטער דייטשער דענקער, נאָך קאַנטן, דער באַגרינדער פון דער דיאַלעקטי־שער פילאָזאָפיע — העגעל.

דאָס גאַנצע גרויסע סיסטעם פון העגעל באַשטייט אויף דעם זאַץ פון ווידערשפּרוך. די גרונטלאַגע פון דער געוויינלעכער לאָגיק איז: אַ=אַ (דער אידענטיטעטס־זאַץ). דער היפּוך דערפון איז: אַ=נישט־אַ (דער זאַץ פון ווידערשפּרוך). די פילאָזאָפיע איז געוויינלעך געבויט אויף דעם אידענטיטעטס־זאַץ, אויף דער באַיאָונג. העגעל האָט זיך געשטעלט אויף דעם צווייטן, פאַרניינענדיקן זאַץ, אויף דעם זאַץ פון ווידערשפּרוך. ער האָט געפרעגט: איז דען טאַקע תמיד אַ=אַ און נישט אַ=נישט־אַ? אַנטוויקלט זיך נישט די וועלט פון גע־דאַנקען, די לאָגיק פון דעם אורשפּרינגלעכן „יאָ" ביז צום „ניין"? איז דען נישט דער היפּוך, זיין ווידערשפּרוך, פּונקט אַזאַ לאָגישע נויטווענדיקייט, אַזאַ הכרח פונם גייסט, ווי די באַהויפּטונג? און ער האָט געוויזן דורך זיין גאַנצן סיסטעם, אַז די לאָגיק, די וועלט פון געדאַנקען און די איינציקע וועלט פון רעאַלער ווירקלעכקייט שטייט אויף דעם „יאָ" א ו ן אויף דעם קעגנזאַץ. עס איז אַן אַנטוויקלונג, אַ דרייפאַכע מדרגה אין דער וועלט: פון דער באַיאָונג, דורך דער פאַרניינונג, צו אַ נייער באַיאָונג. אָדער העגעליש אויסגעדריקט:

טע (א=א), אַנטיטעז (א=נישט-א), סינטעז — דער סך-הכל פון ביידע זאַצן, די העכסטע מדרגה פון אַנטוויקלונג.

דאָסדאָזיקע דיאַלעקטישע סיסטעם האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן איינפלוס אויף דער מאָדערנער דענקאַרט אין דייטשלאַנד, האָט גע-געבן אַן אימפּולס צו דער סאָציאַלער וויסנשאַפט און צו די פּאָלי-טישע באַוועגונגען פון דעם ניינצעטן יאָרהונדערט, האָט געגעבן דעם טעאָרעטישן יסוד צו דעם מאַרקסיזם, צו דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. אין פראַנקרייך האָט עס אַרויסגערופן דעם פּרודאָניזם.

דאָס דיאַלעקטישע דענקען איז נישט קיין „תורת אנשים מלומדה", אַ מעטאָדע, וועלכע מען קען זיך אויסלערנען, איבערנעמען אַ פּאַרטיקע. מען מוז געוויסערמאַסן זיין נוטה צו איר, האָבן אַן איינגעבאָרענעם חוש פאַר דעם.

און מיר וועלן זען אין דער אַנטוויקלונג פון פּרודאָן די נאַ-טירלעכע דיאַלעקטישע מעטאָדע פון זיין דענקען.

פּרודאָן האָט געשטאַמט פון אַ זייער אָרעמער פאַמיליע. זיין פאָטער איז געווען אַ באָנדאַר, אַן ערלעכער, אָבער אָרעמער בעל-מלאכה. די מוטער האָט געוואַשן וועש פאַר פרעמדע. פּרודאָן האָט געהאַט אַ שווערע יוגנט, געמוזט צוהעלפן די עלטערן, האָט געקענט די נויט פון קינדהייט אָן. אָבער די עלטערן האָבן געהאַט אַמביציעס און געוואָלט, אַז זייער זון זאָל זיך לערנען. זיי האָבן אים געשיקט, מיט דער הילף פון פריינט, אין דער שול, און דער יונגער פּרודאָן האָט זיך באַלד אויסגעצייכנט צווישן אַלע זיינע חברים. ער איז גע-ווען אַ טיפּיש-פּראָלעטאַריש קינד מיט פויערשע, אָדער בעסער גע-זאָגט, קליינבירגערלעכע מאַנירן. אָבער ער האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו לערנען און אַ געוואַלדיקע גדלות. שוין אַלס ייִנגל פלעגט ער פאַרשלינגען אַ מאַסע ביכער. געוויס, זיין לעזן איז גע-ווען נישט סיסטעמאַטיש און כאַאָטיש. דאָס האָט געהאַט אַן איינ-פלוס אויף זיין גאַנץ לעבן. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז זיינע אורשפּרינגלעכע נייגונגען זענען געווען גאָרנישט נאַציאָנאַל-עקאָנאָ-מישע אָדער סאָציאָלאָגישע, נאָר פילאָלאָגישע און טעאָלאָגישע. ער פלעגט הויפּטזעכלעך שטודירן אַלטע שפּראַכן, אָבער אויך דאָס אָן אַ סיסטעם. און זיין שטרענג-לאָגישער גייסט, אָדער בעסער, זיין לאָ-גישע פאַנטאַזיע, האָט אים זייער גיך געפירט אויפן וועג פון גע-

וואַגטע קאָמבינאַציעס און השערות, טעאָריעס, וואָס האָבן געהאַט גייסט און שווּנג, אָבער ווייניק וויסנשאַפטלעכקייט און סאָלידיטעט.

ער האָט אָבער באַלד געמוזט אַוועק פון זיין שול. די מאַטעריעלע לאַגע פון זיינע עלטערן האָט נישט דערלויבט אים אַזאַ לוקסוס. ער האָט זיך געמוזט נעמען צו אַ מלאכה, און ער איז געוואָרן אַ זעצער. דידאָזיקע מלאכה איז געווען זיין ערשטע שול פון פראַקטישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, ווו ער האָט באַקומען אַן איינבליק אין דעם לעבן פון אַרבעטער — פון אַרבעטער אַלס אָרגאַניזאַציע, אַלס קאָלעקטיוו.

ער וואַרפט זיך אויך דאָרט אויף ביכער, אויף לערנען און הייבט אָן אַליין צו שרייבן. זיין ערשטע אַרבעט (אין יאָר 1831) איז געווען אַ פילאָלאָגישע: „אַ שטודיע איבער פאַרגלייכנדיקער גראַמאַטיק.” עס איז די אַרבעט פון אַ דילעטאַנט, פון אַן אָנהייבער. פרודאָן האָט נישט געהאַט גענוג פילאָלאָגישן וויסן, כדי אונטערצונעמען אַזאַ גרויסע אַרבעט; אָבער אויך דאָרט האָט ער אַרויסגעוויזן אָריגינעלן דענקען און אַ שטאַרקע קראַפט פון לאָגישן אַנאַליז. די אַרבעט האָט געצויגן אויף אים די אויפמערקזאַמקייט פון די געלערנטע פון בעזאַנסאָן, און ער האָט באַלד באַקומען אַ סטיפּענדיום, כדי פאָרטצוזעצן זיין לערנען.

ער פאָרט אַוועק קיין פאַריז, ווו ער פאַרענדיקט באַלד (1839) אַן אַרבעט: „צו דער פאַרטיידיקונג פון זונטיק”, פאַר וועלכער ער באַקומט די אנערקענונג פון דער בעזאַנסאָנער אַקאַדעמיע. די אַרבעט איז געווען געפלאַנעוועט אַלס אַ ריין רעליגיעז-דאָגמאַטישע. און פרודאָן איז דעמאָלט געווען, ווען נישט רעליגיעז אין דעם קאַטאָליש-אָרטאָדאָקסישן זין, אָבער דאָך נאָך נישט גאַנץ ווייט פון דעם קריסטנטום. ער האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרטיידיקן דעם זונטיק מיט סאָציאַליסטישע און פסיכאָלאָגישע אַרגומענטן. אָבער שוין דעמאָלט האָט מען געקאָנט זען, אַז די טעאָלאָגיע איז פאַר אים געווען בלויז אַ מענטעלע; דער טאָן פון דער שריפט איז געווען אַזוי ליידנשאַפטלעך, די גרונטגעדאַנקען אַזוי רעוואָלוציאָנער, אַז די אַקאַדעמיקער פון בעזאַנסאָן, די גלחים און די קאָנסערוואַטיווע פראָפעסאָרן פון טעאָלאָגיע האָבן זיך ממש דערשראָקן. ער שטעלט דאָרט איינס אַקעגן דעם אַנדערן: דאָס געזעץ פון גאָט, דאָס מאָראַלישע געזעץ פון גלייכהייט און גערעכטיקייט און די סאָציאַלע

**אָרדענונג וואָס איז געשאַפן פון מענטשן. ער שטעלט דאָרט אויף נייע עשרת הדברות:**

„קיינער האָט נישט קיין רעכט צו באַזיצן מער, וויפל דאָס געזעץ דערלויבט. קיינער טאָר נישט באַזיצן, סיידן מיט דער הסכמה פון אַלע מענטשן. יעדער, וואָס גייט אַקעגן ד ע ם געזעץ, איז אַ משיג-גבול און אַ טיראַן.״

„לוקסוס מוז ווערן פאַרדאַמט; נאָר דער צבור מעג זיך פירן ברייט און גרויסאַרטיק.

„קיינער טאָר נישט מאָנען ביי דער געזעלשאַפט פאַר זיינע טאַלאַנטן און פעי־קייטן, פאַר זיין אַרבעט אין געניאַליטעט אַ צ וו יי פ אַ כ ן פרייז״ א. אַז. וו.

## און ער פאַלט אַריין אין אַ נביאישן טאָן:

„בירגער״, שרייט ער אויס, „אויב איר קאָנט נישט פאַרטראָגן אַזאַ רפואה, אויב דער רעצעפּט איז פאַר אייך צו ביטער, דאַן הערט אויף זיך צו באַקלאָגן, בעט נישט קיין רפואות און ווערט פאַרפוילט אין אייער פאַרדאָרבנקייט. אָבער הערט, וואָס עס וועט גע־שען: די זון וועט שיינען, ווי פריער איבער דער ערד, אויף וועלכער איר וווינט, אייערע ביימער וועלן נישט אויפהערן צו טראָגן פירות, און אייערע וויינגערטנער וועלן נישט זיין ווייניקער פרוכטבאַר — נישט די נאַטור וועט זיין אייער תּלין.

אָבער דער רייכטום און דער דלות, די צוויי נישט-צעשיידלעכע חברים, וועלן וואַקסן אָן אַ שיעור. דער גרויסגרונט-באַזיץ וועט אַלצדינג פאַרניכטן. דער רואינירטער פויער וועט מוזן פאַרקויפן זיין נחלה. און ווען עס וועלן נישט זיין מער ווי האַרן און קנעכט, פּריצים און פאַכטער, דעמאָלט וועלן די רייכע געבן די אָרעמע מלבושים, דירות און ברויט, און וועלן זיי זאָגן: זעט, ווי איר זענט איצט גליקלעך! וואָס איז פרייהייט און גלייכהייט? עס לעבט די האַרמאָניע!

„אין יענע צייטן וועלן נישטיקע טאַלאַנטן און לוקסוס-פעיקייטן ווערן באַלוינט איבער דער מאָס. דער טאָג פון אַ זינגערין וועט קאָסטן מער ווי הונדערט בושל ווייץ אין אַ הונגער-יאָר. און די אָרעמע פרוי, דאָס ווייב פון דעם אַרבעטער און דעם בעל־מלאכה, וועט ווערן דערנידעריקט.

„די אומוויסנקייט און די פאַרגרעבטקייט פון די פּראָלעטאַריער וועט שטייגן — דאָס פאָלק וועט פאַרלירן דעם גלויבן אין דער אַלטער רעליגיע, וואָס האָט אים געלערנט, אַז אַלע מענטשן זענען גלייך פאַר גאָט; וועט אָנהייבן צו דענקען, אַז גאָט איז א ל ץ און אַלץ איז גאָט און וועט דורך פאַנטעיזם און מאַטעריאַליזם קומען צוריק צו דער אַלטער עבודה-זרה, וועט זיך בוקן, ווי אַמאָל, פאַר שטיין און האָלץ, פאַר הינט און קעץ. און די רייכע וועלן צולאָזן און שיצן די נייע אידעען און וועלן זאָגן: דאָס פאָלק מוז האָבן אַ רעליגיע.

„אָבער עס וועלן זיך געפינען דעמאָלט אויך שטאָלצע נשמות, מענטשן, וואָס וועלן זיך נישט בויגן פאַרן עגל-הזהב, און זיי וועלן זיך אָפּרעכענען מיט די מזלדיקע און באַ־גליקטע. זיי וועלן פרעגן: „פאַרוואָס זענט איר רייך און מיר אָרעם״? — מען וועט זיי ענטפערן: „מיר האָבן געאַרבעט, מיר האָבן געשפּאָרט, מיר האָבן דערוואָרבן...״ — „מיר אַרבעטן אויך אַזוי ווי איר, פאַרוואָס דערווערבן מיר גאָרנישט?״ — „מיר האָבן גע־ירשנט פון אונדזערע עלטערן״. — „אָ, איר שטיצט זיך אויף ירושה, חזקה... גוט! מיר

רופן צו הילף די קראַפט. אייגנטימער, פאַרטיידיקט זיך! און עס וועלן זיין קאַמפן און שחיטות. און ווען דאָס געזעץ וועט בלייבן ביי דער מאַכט, ווען די רעבעלן וועלן פאַרניכטעט ווערן, וועט מען אויף זייערע קברים אָנשרייבן: מערדער, און זייערע קרבנות וועלן ווערן געריימט אַלס מאַרטירער.

„און דאָס וועט אַזוי לאַנג געדויערן, ביז גאָט וועט זיך איבער אייך מרחם זיין...“

אָט דאָס איז געווען דער ערשטער אַרויספאָר פון פּרודאָן. מיר האָבן שוין אין דער דאָזיקער קליינער שריפט, אויף עטלעכע בלעטלעך, די גאַנצע גרונטלאַגע פון דעם פּרודאָניזם, זיינע גרונט־אידעען.

לאָמיר זיך דערמאָנען, אין אַ וואָסער צייט פּרודאָן האָט דאָס געשריבן, אונטער וועלכע איינפלוסן ער האָט אויסגעאַרבעט זיין גע־דאַנקען־סיסטעם. עס איז געווען די צייט, ווען די „רעסטאַווירטע“ מאָנאַרכיע האָט זיך דערנענט צו איר סוף, ווען די אידעען פון 1789—1793, פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן אָנגעהייבן ווידער אויפצולעבן.

פון 1789 ביז 1829 האָט זיך אַ סך געביטן אין פראַנקרייך. דער טעראָר פון די יאַקאָבינער האָט איבערגעשראָקן די בורזשואַזיע, האָט אויפגעמונטערט די קליין־בורזשואַזיע און די אַרבעטער. נאַפּאָ־לעאָן האָט דעם שטאַט רעאָרגאַניזירט, האָט „פאַרענדיקט“ די רעוואָ־לוציע. ער האָט צעהיצט די פאַנטאַזיע פון דעם פראַנצויזישן פאָלק. די אויסערע פּאָליטיק, די רעאָרגאַניזאַציע פון אייראָפּע, די דעראָבערונג פון דער וועלט, דער דעמאָקראַטישער צעזאַריזם האָט אויף אַ צייט פאַרשטילט דעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק. אָבער באַלד איז געקומען די רעאַקציע. נאַפּאָלעאָנס וועלט־מלוכה איז געפאַלן. די פיינט פון פראַנקרייך און פון דער רעוואָלוציע זענען אַריין קיין פּאַריז און „רעסטאַווירט“ דאָס אַלטע סיסטעם. אָבער דאָס, וואָס 1789 האָט אויפגעטאָן, האָט 1814 נישט געקאָנט צעשטערן. דער פעאָדאַליזם, די אַלטע הערשאַפט פון דער אַריסטאָקראַטיע, האָט זיך נישט געקאָנט מער צוריקקערן. עס איז אויפגעקומען אַ נייע אַריסטאָקראַטיע — די נייע גבירים, די גרויס־בורזשואַזיע. לואי פיליפּ איז געווען דער טראָן־פּרעטענדענט און אים האָבן געשטיצט אַלע עלעמענטן פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע, לאַפיט און קאַזימיר־פּעריע,ביידע באַנקירן און גבירים אָן דער שפּיץ. פראַנקרייך האָט זיך אָנגעהייבן צו אינ־דוסטריאַליזירן. אין פּאַריז און אין די גרויסע שטעט פון פראַנקרייך

האָט זיך אָנגעהייבן צו בילדן אַ פּראָלעטאַריאַט. נאָך נישט קיין באַ־וווסטזיניקער, נאָך נישט קלאַסנמעסיק אָרגאַניזירט, אָבער דורכגע־דרונגען פון די יאַקאָבינישע, רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס.

דאָס פּאָלק, ד. ה. די שטאָטישע אַרבעטער, די בעלי־מלאכות, די קליינבירגער, האָבן געקוקט מיט קנאה און מיט שנאה אויף די נײַ־אויפגעקומענע גבירים. זיי האָבן געוווּסט, אַז די הערשער פון היינט זענען די פּראָלעטאַריער פון נעכטן. זיי האָבן געפילט, אַז די גאַנצע גראַנדיעזע אַרבעט פון דער רעוואָלוציע האָט געפירט צו אַזעלכע קלעגלעכע רעזולטאַטן, און זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן די טעאָריעס פון די זשיראָנדיסטן, פון די יאַקאָבינער, פון באַבעף, פון מאַראַט, דעם „פריינט פון פאָלק."

דער פירער פון די זשיראָנדיסטן, בריסאָ, האָט שוין אין יאָר 1780 געזאָגט: „אייגנטום איז גניבה... אויסשליסלעך אייגנטום איז אַ פאַרברעכן אַקעגן דער נאַטור." ער האָט אַפילו זיין ווערק איבער דער פראַגע אַזוי אָנגערופן: „אייגנטום און גניבה."

די יאַקאָבינער זענען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבן גע־שטעלט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע סיסטעם אויף איין אידעע: גלייכהייט. באַבעף האָט געפּרעדיקט גלייכהייט, „עגאַליטאַריזם". „די נאַטור האָט דעם מענטשן געגעבן דאָס רעכט צו געניסן אַ גלייכן חלק אין דעם פאַרמעגן", האָט באַבעף דערקלערט אין דעם באַרימטן „אַנאַליז פון דער טעאָריע פון באַבעף, דעם פאָלקס־טריבון".

און דער „עגאַליטאַריזם" האָט ווידער אויפגעלעבט. לואי־פיליפּ, דער בירגערלעך־ליבעראַלער קעניג־פרעטענדענט, וועלכער האָט צוגע־גרייט די רעוואָלוציע פון 1830, האָט געטראָגן דעם נאָמען: פיליפּ עגאַליטע, פיליפּ־גלייכהייט.

אין אַלע קלאַסן פון פראַנקרייך האָט זיך געפילט אַ טיפע אומצופרידנקייט. יעדער האָט געזען, אַז אַזוי קאָן עס ווייטער נישט גיין, אַז די געזעלשאַפט מוז רעפאָרמירט ווערן. און יעדער האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז איצט איז דער הויפּט־שונא נישט די מאָנאַרכיע און נישט די אַריסטאָקראַטיע אליין, נאָר הויפּטזעכלעך די בור־זשואַזיע, אָדער, ווי מיר וואָלטן היינט געזאָגט, די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג.

פון דער קאָנסערוואַטיווער זייט זענען אויפגעשטאַנען דעמעסטר

און קאָנאַלד, וועלכע האָבן געפּרעדיקט די רעאָרגאַניזאַציע פון דעם שטאַט אויף אַ ניי-פעאָדאַלן, קלעריקאַלן יסוד.

אָבער אַקעגן זיי זענען אויפגעשטאַנען סען-סימאָן און זיין שולע, וועלכע האָבן געזוכט די רעפאָרם אין דער אומווערטונג פון דער עקאָנאָמישער גרונטלאַגע. סען-סימאָן האָט אויפגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון דעם שטענדיקן פּראָגרעס דורך דער „אוניווערסאַלער פאַרגעזעלשאַפטונג", „אַ צענטראַליזאַציע פון אַלע פּראָדוקטיווע קרעפטן, צוליב דער פּראָגרעסירנדיקער פאַרבעסערונג פון דער מענטשהייט." ער האָט אויך געפּרעדיקט די אָפּשאַפונג פון דעם אייגנטום. „עס איז קלאָר", זאָגט די סען-סימאָנישע שול (אין דעם בוך: „די סען-סימאָנישע דאָקטרין") — „עס איז קלאָר, אַז די פאַרפאַסונג פון אייגנטום מוז ווערן געענדערט, ווייל איבער איר זענען פאַראַן מענטשן, וואָס ווערן געבאָרן מיט דער פּריווילעגיע גאָרנישט צו טאָן, און דאָס באַדייט די עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דורך דעם צווייטן."

שאַרל פוריע איז געגאַנגען נאָך ווייטער. ער האָט נישט נאָר קריטיקירט דאָס אייגנטום, א. אַז. וו., ער האָט זיך באַמיט צו געפינען די גרונטגעזעצן פון יעדער געזעלשאַפט, די געזעצן פון דעם עקאָנאָמישן לעבן און די גרונטלאַגע פון אַ נייער אָרדענונג. ער האָט געפונען דאָס ג ע ז ע ץ פ ו ן ס ע ר י ע ן און פון סאָציאַלער האַרמאָניע. ער האָט פאָרגעשלאָגן אַ פּראָיעקט פון פ אַ ל אַ נ ס ט ע ר י ע ן, אַ מין קאָאָפּעראַטיוו פון פּראָדוצענטן אין אַ פאַנטאַסטישער פאָרם.

די לערע פון פוריע, ווייטער געפירט פון זיינע תלמידים, פון ווידאַל פּעקער א. אַנד., האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן דענקען פון דער צייט. דאָס זענען געווען די ראשי-המדברים פון דעם אַרבעטערקלאַס, פון די אומצופרידענע.

אָבער די בורזשואַזיע האָט אויך נישט געשוויגן. זי האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט אינגאַנצן פון די טראַדיציעס און די לאָזונגען פון 1787. זי האָט נישט פאַרלייקנט לגמרי איר רעוואָלוציאָנערן אורשפּרונג. אָבער פון די דריי גרונטפּרינציפּן פון דער רעוואָלוציע: פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט, האָט זי אויסגעקליבן דעם ערשטן. איר פּרינציפּ איז געוואָרן: פרייהייט. פרייהייט אין פּאָליטיק הייסט ליבעראַליזם, קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, אָדער רעפּובליק. פרייהייט אין דעם עקאָנאָמישן לעבן הייסט: פרייע קאָנקורענץ, „לאַסעי פער", מאַנטשעסטערטום. זיי האָבן אויך געזען די ווונדן פון

דער געזעלשאַפט, אָבער זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָס איז דער נויטווענדיקער פּועל־יוצא פון דעם לעבן בכלל. זייער טעאָריע — די טעאָריע פון סעי, באַסטיאַ און אַנדערע—איז געווען די טעאָריע פון ליבעראַלן אָפּטימיזם. לאָזט נאָר דעם מענטשן פריי, און אַלץ וועט זיך אויסגלייכן, די „האַרמאָניע" וועט ממילא קומען...

דאָס איז—אין קורצע שטריכן—געווען די שטימונג און די אינטעלעקטועלע סביבה פון פּרודאָן.

„פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט" — דאָס איז געווען, ווי מיר האָבן געזען, דער גרונטגעדאַנק פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און די אידעע פון די נאָך־רעוואָלוציאָנערע דענקער.

אָבער פּרודאָן האָט נישט גענומען קיין איינציקן פון די ווערטער אַלס אויסגאַנגספּונקט. „מיינע לערער", האָט ער אַמאָל געזאָגט, „זענען געווען די ביבל, אַדאַם סמיט און העגעל."

און אין דיאַלעקטיקע דריי נעמען, דריי סיסטעמען, דריי מעטאָדן, ליגט די גאַנצע לערע פון פּרודאָן.

וואָס איז די גרונטלאַגע פון דער ביבל? גלייכהייט, פרייהייט? ניין. די ביבל פּרעדיקט דאָס נישט. די נביאים האָבן קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז די מענטשן זענען גלייך. גלייכקייט איז אַ פאַקט, נישט קיין פאָדערונג. עס איז די קאָנסטאַטירונג פון אַ פאַראַנענעם אָדער איינגעבילדעטן נאַטורגעזעץ, אָבער די קראַפט פון דער ביבל איז געווען אַ מאָראַלישע. זיי האָבן נישט קאָנסטאַטירט, זיי האָבן געפאָדערט. און פאָדערן קען מען נאָר — גערעכטיקייט אַלס פּרינציפּ פון דער וועלט, אַלס פּרינציפּ פון דער געזעלשאַפט.

„וואָס איז דער יסודישער, אָרגאַנישער, רעגולירנדיקער, סוווערענער פּרינציפּ פון די געזעלשאַפטן?"—פרעגט פּרודאָן אין איינער פון זיינע שפּעטערע שריפטן—„איבער גערעכטיקייט און דער רעוואָלוציע אין קירכן". איז עס די רעליגיע, דער אידעאַל, דער אינטערעס? דערדאָזיקער פּרינציפּ איז לויט מיין מיינונג די ג ע ר ע כ ט י ק י י ט. וואָס איז די גערעכטיקייט? דער תּמצית פון דער מענטשהייט. וואָס איז זי געווען פון זינט די וועלט שטייט? כמעט גאָרנישט. וואָס דאַרף זי זיין? אַלץ!"

מיר קענען שוין פון דעם לייטמאָטיוו זען דעם גאַנצן כאַראַקטער פון פּרודאָנס דענקען. איז גערעכטיקייט אַן עקאָנאָמישער אָדער,

וויסנשאַפטלעכער באַגריף? אַ קאָנקרעטע דערשיינונג, וואָס מען קען מעסטן און וועגן און וויסנשאַפטלעך באַשטימען?

גערעכטיקייט איז אַ מאָראַלישער באַגריף. די גערעכטיקייט, וואָס איז, ווי דאָס אַלטע רוימישע וואָרט זאָגט, „דער פונדאַמענט פון די מלוכות", האָט אָבער צוויי עלעמענטן אין זיך: רעכט און יושר, אָדער דין און צדק. „איטלעכן געבן זיינס, דאָס, וואָס קומט אים", דאָס באַרימטע suum cuiqua dare פון דער רוימישער רעכט־לעכער דעפיניציע, איז דין, איז רעכט. עס איז דער „עין תחת עין", איינס פאַר איינס. מיט אַנדערע ווערטער, דאָס איז אַ לאָגיש־מאַטע־מאַטישע גלייכונג. מיר זאָגן (m)=ס, ד. ה. אַלע עלעמענטן, וואָס „ס" האָט, באַזיצט אויך „מ". מען קען גאָרנישט אַראָפּנעמען און גאָר־נישט צולייגן. די אייגענע קוואַנטיטעט, די אייגענע קוואַליטעט.

און דאָס איז — פאַר דעם ריין־לאָגישן דענקער — דער גרונטזאַץ פון דער וועלט, אָדער ווי פּרודאָן זאָגט מיט אַ מעטאַפאָרע: דער בעזמען, די וואָגשאָל פון דער וועלט.

עס איז דאָ אַ צווייטע אַרט גערעכטיקייט, דער „צדק", די גערעכטיקייט פון לפנים משורת הדין, די גערעכטיקייט פון „אויס־שטעלן די צווייטע באַק". די גערעכטיקייט, וואָס גייט אַרויס פון דעם לאָגיש־מאַטעמאַטישן קרייז און ווערט אויסשליסלעך מאָראַליש, גאַנץ אומאָפּהענגיק פון דער געזעלשאַפט, גאַנץ סוביעקטיוו.

דאָס איז דער טיפסטער אונטערשייד צווישן דער אַזויגערופע־נער „אַלט־טעסטאַמענטאַרישער", ביבלישער, יידישער מאָראַל און דעם „קריסטלעכן" אידעאַל פון מאָראַל און גערעכטיקייט.

די ערשטע איז אָביעקטיוו, סאָציאַל. נישט דער יחיד איז דער עיקר און זיין מאָראַליש ווערט, נאָר דער כלל. דער כלל שטייט אויף גלייכגעוויכט. וויאַזוי מען זאָל דעם גלייכגעוויכט נישט שטערן, וואָס פאַר מאָטיוון עס זאָלן נישט מיטווירקן דערביי, שלעכטע, צי גוטע, הייליקע, צי עגאָיסטישע — די געזעלשאַפט ליידט פאָרט דערביי, פּונקט אַזוי ווי עס איז דעם בעזמען קיין שום נפקא מינה נישט, וואָס מען לייגט אַרויף אויף דער צווייטער וואָגשאָל — צופיל דימענטן וועגן איבער פּונקט אַזוי גוט ווי צופיל קליינע, צי קאַרטאָפל־שאָלעכץ.

די קריסטלעכע מאָראַל איז סוביעקטיוו; איר אַרט נישט דער

כלל, די געזעלשאַפט, נאָר דער יחיד און זיין נשמה, זיין אינערער פּראָצעס.

פּרודאָן האָט געדענקט ריין-ביבליש, האָט אָנגענומען דעם ביבלישן אידעאַל פון אָביעקטיווער גערעכטיקייט און זי געמאַכט—כמעט דער ערשטער אין דער פּאָליטישער וויסנשאַפט—צו אַ פונדאַמענט פון אַ סאָציאַלן סיסטעם. און מיט דער ביבלישער אָנשויונג האָט ער איבערגענומען אויך דעם ביבלישן פּאַטאָס.

זיין צווייטער לערער איז געווען אַדאַם סמיט, דער באַגרינדער פון דער מאָדערנער פּאָליטישער עקאָנאָמיע בכלל. דער גרויסער פאַרדינסט פון אַדאַם סמיט אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע איז געווען זיין מ ע ט אָ ד ע. פאַר אים פלעגן די עקאָנאָמען דענקען אומגעפער ווי די גריכישע פילאָזאָפן פון פאַר סאָקראַטעס. טאַלעס פון מילעט האָט געזאָגט, אַז די וועלט איז וואַסער, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז זי איז פייער, לופט א. אַז. וו. מען האָט געזוכט די גרונט-עלעמענטן און מען איז געווען מ אָ נ י ס ט י ש, ביז סאָקראַטעס האָט די גאַנצע פראַגע געשטעלט אויף אַן אַנדער אופן: גענומען די וועלט אין איר גאַנצער, קאָמפּליצירטער, פּ ל ו ר אַ ל י ס ט י ש ע ר דערשיינונג און געפרעגט: „וואָס איז די וועלט פ אַ ר מ י ר?" און אַריינגעבראַכט די דיאַלעקטישע מעטאָדע פון וועלטפראַגן.

די עקאָנאָמען פאַר סמיטן, די פיזיאָקראַטן — קענע — די מערקאַנטיליסטן — קאָלבער, — טיורגאָ — א. אַז. וו., האָבן יעדער פון זיי געזוכט דעם פּ ר י נ צ י פּ פון נאַציאָנאַל-עקאָנאָמיע אין דער עקאָנאָמיע אַליין. די פיזיאָקראַטן האָבן אויפגעשטעלט אַ טעאָריע, אַז נאָר די ערד איז פּראָדוקטיוו, נאָר די ערדאַרבעט איז אַ פּראָדוקטיווע אַרבעט; די מערקאַנטיליסטן האָבן זיך געשטעלט אויף געלט און מסחר. אַלץ איינזייטיקע, נישט אויסשעפּנדיקע טעאָריעס און דאָגמען. אַדאַם סמיט האָט אָנגעווענדט אַ נייע, פילאָזאָפישע מעטאָדע, גענומען די עקאָנאָמיע אין אַלע אירע פאַרצווייגונגען, גענומען זי היסטאָריש, אַנטוויקלונגס-טעאָרעטיש און עטיש. ער האָט אָנגעוויזן דעם פּלוראַליסטישן כאַראַקטער פון דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן, די אַנטוויקלונג פון עקאָנאָמיע דורך דער אַרבעטסטיילונג, דעם אורשפּרונג פון ווערט און פרייז. ער האָט נישט געוואָלט, נישט געקאָנט, לויט זיין מעטאָדע, געבן איינזייטיקע סכעמען און רעגלען פאַר צוקונפטס-רעפאָרמען. דערפאַר זיין ל י ב ע ר אַ ל י ז ם, ד. ה. די לערע פון דער

פרייער אַנטוויקלונג פון די ווירטשאַפטלעכע כוחות. אָבער זיין ליבעראַליזם איז נישט געגאַנגען אַזוי ווייט ווי דער שפּעטערער ליבעראַליזם פון די פּאַרטייִדיקער פון דער סאָציאַלער אָרדענונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, ווי צ. ב. סעי אָדער באַסטיאַ, די לערער פון דער „סאָציאַלער האַרמאָניע". די רעפאָרמען, וואָס אַדאַם סמיט האָט געהאַלטן פאַר נייטיק און מעגלעך, זענען אַ פריי צוזאַמענאַרבעטן, אַ קאָמבינירונג פון די ווירטשאַפטלעכע קרעפטן, די קאָאָפּעראַטיוון, ד. ה. די פאַרייניקונג פון אינדיווידואַליסטישער פרייהייט מיט דעם סאָציאַלן אינטערעס.

„און מיין דריטער לערער איז געווען העגעל."

די העגעלשע פילאָזאָפיע האָט אין זיך צוויי עלעמענטן — דעם מעטאַפיזישן, אַזוי צו זאָגן, דעם אינהאַלטלעכן און דעם מעטאָדאָלאָגישן.

דער אינהאַלט איז די אַנטוויקלונג פון דער קאַנטישער פילאָזאָפיע, אָדער ריכטיקער, פון דער „אַן־זיך"־אידעע ביי קאַנטן. קאַנטס גרונטגעדאַנק, אַז די וועלט איז אַ „אַן־און־פאַר־זיך", אומבאַשטימט, אומבאַקאַנט, נישט מעגלעך פאַרשטאַנען צו ווערן, סיידן אין די פאָרמען פון די אַפּריאָרישע קאַטעגאָריען פון דער רייִנער פאַרנונפט; מיט אַנדערע ווערטער, אַז די וועלט איז אַ דערקענטניש־טעאָרעטישע אויפגאַבע, איז פון העגעל אַנטוויקלט געוואָרן נאָך דער מעטאַפיזישער זייט. דער „אַפּריאָרי" און דאָס „אַן־זיך", זאָגט העגעל, איז איינס און דאָסזעלבע. די וועלט אַליין איז אַ לאָגישע אידעע, איר אַנטוויקלונג, דער פּראָצעס פון איר „ווערן" איז אַ לאָגיש־מעטאַפיזישער פּראָצעס, די נויטווענדיקע אינערע, דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג פון דער אידעע.

די וועלט איז נישט קיין דערקענטניש־טעאָרעטישע אויפגאַבע, זי איז אַ לאָגישע מעטאָדע.

פּרודאָן האָט נישט פאַרשטאַנען די טיפע מעטאַפיזיק פון העגעל אין דעם דייטשן אידעאַליזם. ער האָט בכלל זייער ווייניק פאַרשטאַנען און געקענט פילאָזאָפיע. ער האָט נאָר אויפגעכאַפּט מיט זיין גיכן, שטאַרקן, לאָגיש־שאַרפן פאַרשטאַנד דאָס, וואָס איז געווען וועזנטלעך אין דער פילאָזאָפיע פון העגעל — די דיאַלעקטישע מעטאָדע, די מעטאָדע פון לאָגישע ווידערשפּרוכן און זייער אויפלייזונג אין אַ נייעם סינטעז.

באוואָפנט מיט ביבל, סמיט און העגעל, טרעט פּרודאָן אין יאָר 1840 אַרויס מיט זיין ערשטער גרויסער שריפט — געשריבן אַלס פּרעמיעשריפט ביי דער אַקאַדעמיע פון בעזאַנסאָן: „וואָס איז אייגנטום? און ער האָט געגעבן דעם וועלטבאַרימטן ענטפער: „אייגנטום איז גניבה".

מיר האָבן שוין אויבן געזען, אַז דידאַקטיקע פאָרמעל איז נישט געווען אַזוי ניי און אומדערהערט, ווי זי דאַכט זיך. מיר האָבן געזען, אַז אַפילו דער זשיראָנדיסט, ד. ה. דער ראַדיקאַלער בורזשואַ בריסאָ האָט בפירוש געזאָגט, אַז „אייגנטום איז גניבה". אַנדערע האָבן עס אין דער איינער אָדער אַנדערער פאָרם אויך געזאָגט.

אָבער פונדעסטוועגן האָט פּרודאָנס פאָרמעל געווירקט, ווי אַ באָמבע.

נישט די פאָרמעל, — דער סיסטעם, די שאַרפע קריטיק, די אומדערבאַרעמהאַרציקע לאָגיק, דער געוואַלדיקער פּאַטאָס און די אויפ־ריכטיקייט, דער רעוואָלוציאָנערער טאָן — דאָס האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם אויף דעם פּובליקום.

איך וויל דאָ נישט אַריינגיין אין אַן אַנאַליז פון דעם ווערק. נישט דער געדאַנק, נאָר דער טאָן מאַכט דאָ די מוזיק. און דער טאָן איז דער עלעמענט פון פּערזענלעכקייט.

פאַרשידענע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען, ווי צ. ב. אין דייטשלאַנד קאַרל דיעל און אַנדערע, האָבן זיך גענומען די מי אויפצודעקן די שוואַכקייטן אין די פעלער פון פּרודאָנס טעאָריע. זיי האָבן געוויזן, אַז די היסטאָרישע אָפּלייטונג פון אייגנטום — אַלס רויב, אָקופּאַציע, „אָבען־רעכט", ד. ה. דאָס אַלטע פראַנצויזישע רעכט, לויט וועלכן דער שטאַט ווערט אַ יורש פון אַ פרעמדן, וועלכער באַזיצט גרונט אין דער מדינה און שטאַרבט א. אַז. וו. — זענען אומריכטיק. זיי האָבן געוויזן, אַז די ווערט־טעאָריע פון פּרודאָן — טוישווערט און געברויכסווערט — איז אומריכטיק, און אַז זיין טעאָריע פון אַרבעטס־צייט־ווערט איז אומקלאָר און אומבאַשטימט. (דאָס האָט קאַרל מאַרקס אַזוי שאַרף באַוויזן אין זיין „עלנט פון דער פילאָזאָפיע", אַ קריטיק איבער פּרודאָן).

מען קאָן פּרודאָנען אַנאַליזירן מיט זיין אייגענער מעטאָדע: אָנווייזן די אינערע ווידערשפּרוכן אין אים. אָבער דאָס איז נישט נייטיק. ער האָט עס אַליין געטאָן. ער אַליין איז געווען אַ צו אומ־

רויִקער גייסט, תּמיד פרעגנדיק, זוכנדיק, תּמיד פאַרוויקלענדיק זיך אַליין און אַנדערע אין ווידערשפּרוכן.

„איך וואָלט געוואָלט זיין אין גן-עדן" — האָט אַמאָל פּרודאָן געזאָגט צו דעם עקאָנאָמיסט באַסטיאַ, — „אָבער איך האָב מורא, אַז אַלע זענען דאָרט מסכּים איינער מיט דעם אַנדערן, און איך וועל דאָרט קיינעם נישט געפינען, מיט וועמען איך וואָלט געקאָנט זיך שפּאַרן..."

נאָך אַ קורצער אונטערברעכונג — ער איז געווען, נאָך אַ פּראָצעס וועגן דער שריפט „וואָרנונג צו קאַפּיטאַליסטן", ביי וועלכן ער איז פרייגעשפּראָכן געוואָרן, אַ פּאָר יאָר אַנגעשטעלט אין אַ גרויסן האַנדלסהויז אין ליאָן — קערט ער זיך אום קיין פּאַריז און פאַרעפנטלעכט (1846) זיין גרונטווערק: „סיסטעם פון די עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכן, אָדער די פילאָזאָפיע פון עלנט." דאָס איז דאָס איינציקע ריין-טעאָרעטישע ווערק פון פּרודאָנען, וואָס נעמט אַרום אַלע עקאָנאָמישע פראַגן.

דאָרט געפינען מיר די אייגענע דיאַלעקטישע, אָדער „אַנטינאָמישע" מעטאָדע, ד. ה. די מעטאָדע פון ווידערשפּרוכן, די אייגענע געדאַנקען, ווי אין „אייגנטום".

ער ווייזט אָן, ווי יעדער עקאָנאָמישער פּראָבלעם קאָן באַטראַכט ווערן פון צוויי אַנטקעגנגעזעצטע שטאַנדפּונקטן, און ביי יעדן פון די דאָזיקע אַנטינאָמיען טראַכט ער צו געבן אַ סינטעטישן ענטפער.

אַזוי, צ. ב., אין דער ווערט-טעאָריע: געברויכסווערט און טוישווערט זענען די אַנטינאָמיען; קאָנסטיטוירטער, אינטעגראַלער, גאַנצער ווערט איז דער אַרבעטסווערט.

דאָס אייגענע איז אייגנטום: אייגנטום איז שלעכט, קאָמוניזם איז נאָך ערגער; דער סינטעז איז: אַסאָציאַציע פון באַזיץ.

דאָס אייגענע איז מיט שטאַט און רעגירונג. „שטאַט", זאָגט פּרודאָן, „איז דער קלאַס פון אומפּראָדוקטיווע. שטאַט איז אומגלייכקייט, אומגערעכטיקייט. יעדע רעגירונג איז אומגעזעצלעך, יעדע הערשאַפט פון מענטש איבער מענטש איז פאַרגוואַלטיקונג פון דער פרייער פּערזענלעכקייט".

הייסט עס: אַ נ אַ ר כ י ע.

מיינט עס, ווי פּרודאָן זאָגט: „מיין סאָציאַלער און פּאָליטישער אני-מאמין שטייט אויף פאָלגנדיקע דריי זאַצן: מען דאַרף נישט

מער קיין פּאַרטייען, קיין אויטאָריטעט, און עס מוז זיין אַבסאָלוטע פרייהייט פון מענטש און בירגער".

ער בויט אויף דער טעאָריע פון דער „סאָציאַלער ליקווידאַציע" און פרישט ווידער אויף די אַלטע רוסאָ-פּאָרמעל פון דעם „סאָציאַלן קאָנטראַקט".

דער אונטערשיד צווישן פּרודאָן און די אַנדערע רעפאָרמאַטאָרן פון יענער צייט, ווי, למשל, די סען-סימאָניסטן (קאָנסידעראַן), די פוריערסיסטן, לואי בלאַן—איז דער שטאַטס-באַגריף. זיי האָבן געוואָלט רעפאָרמען דורך דעם שטאַט. פאַר לואי בלאַן איז דער שטאַט געווען דער „באַלעבאָס"; פאַר פּרודאָנען איז דער שטאַט דער דינער. ער גלויבט אין דעם פרייען ווילן און אין דער פאַרנונפט פון דעם פאָלק.

„איך האָב", זאָגט ער אין איינעם פון זיינע שפּעטערע ווערק, „דעם זעלטענעם פאָרצוג, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן צווישן דעם פאָלק, האָב געלערנט, וואָס האָט געמאַכט דעם פאָלק דאָס, וואָס עס איז היינט, און בלייב איינער פון פאָלק. אויב מיינע אידעען זענען אַפילו נישט ניי, האָבן זיי אָבער וואָרצלען אין דער ערד".

ער איז דערפאַר ווייניקער פאַראינטערעסירט אין פּאָליטישע פראַגן, ווי אין עקאָנאָמישע. פּאָליטיש וויל ער נאָר פרייהייט, פרייהייט פון יעדער אויטאָריטעט. עקאָנאָמיש וויל ער — אַסאָציאַציע און קעגנזייטיקייט, גערעכטיקייט. וויסנשאַפטלעך אויסגעדריקט: די גאַנצע עקאָנאָמישע אידעאָלאָגיע פון פּרודאָן איז: אַגריקולטורעל-אינדוסטריעלער פ ע ד ע ר אַ ל י ז ם; די פּאָליטישע — פעדעראַליזם און דעצענטראַליזאַציע.

פ ע ד ע ר אַ ל י ז ם, ד. ה. פרייע, באַוווסטזיניקע, צוואַנגסלאָזע פאַראייניקונג אין דער פּאָליטיק, הייסט אין דער פּרודאָנישער טערמינאָלאָגיע אויך ג אַ ר אַ נ ט י ז ם (די געזעלשאַפט ג אַ ר אַ נ ט י ר ט דעם איינצלנעם די פרייהייט), און אויך — אַנאַרכיזם. אין דער עקאָנאָמיע הייסט ער: מ ו ט ו אַ ל י ז ם, קעגנזייטיקייט.

„פעדעראַליזם" איז אַ מין קאָנטראַקט, נאָך וועלכן איינע אָדער עטלעכע גרופּן זענען זיך מתחיב פאַר באַשטימטע צוועקן און קעגנזייטיקע דינסטן.

„מוטואַליזם" שטייט אויף דעם פּרינציפּ: „מה דסני עלך לחברך לא תעביד", דינסט פאַר דינסט, פּראָדוקט פאַר פּראָדוקט, הלוואה פאַר

הלוואה, גאַראַנטיע פאַר גאַראַנטיע. מוטואַליזם איז די נייע אָרדענונג, וועלכע די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געזאָלט שאַפן, די צוקונפטס־רעליגיע, די „רעליגיע פון גערעכטיקייט".

מיר זעען ווידעראַמאָל דעם אייגענעם מאָטיוו: גערעכטי־קייט. „עין תחת עין" האָט באַקומען די פאָרם „לייסטונג פאַר לייסטונג".

אָבער פרודאָן האָט באַלד איינגעזען, אַז מיט טעאָריע אַליין איז נישט גענוג. ער האָט זיך געוואָרפן אויפן פּראַקטישן לעבן, האָט געגרינדעט צייטונגען, איז אויסגעקליבן געוואָרן אין פּאַרלאַמענט, — ווו ער האָט, איבעריקנס, זייער ווייניק אויפגעטאָן — און דערנאָך גע־נומען זיך צו גרינדן זיין באַרימטע „פאָלקסבאַנק", וואָס האָט געזאָלט רעוואָלוציאָניזירן די גאַנצע קרעדיט־אָרדענונג אין פראַנקרייך. די באַנק האָט געהאַט אַלס פּרינציפּ דעם מוטואַליזם, ד. ה. פּראָדוקטן פאַר פּראָדוקטן; האָט דער איינלייגער געבראַכט פּראָדוקטן אין באַנק, האָט ער באַקומען נישט קיין געלט, נאָר אָנווייזונגען, באָנעס אויף אַנדערע פּראָדוקטן.

די באַנק איז נישט געראָטן. זי האָט געוואָלט האָבן אַלס גרונטקאַפּיטאַל פינף מיליאָן פראַנק, האָט אָבער געהאַט בסך־הכל עטלעכע צענדליק טויזנטער, און נאָך אַ קורצער צייט איז די באַנק אונטערגעגאַנגען מיט אַ דעפיציט פון עטלעכע און דרייסיק טויזנט פראַנק. די אידעע פון אַזאַ מוטואַליסטישער באַנק איז פונדעסטוועגן נישט לגמרי אונטערגעגאַנגען. פאַרשידענע אָנהענגער פון פּרודאָנען האָבן געפּרוווט איינצופירן אַזעלכע בענק אין דער פּראָווינץ. אָבער אַלע זענען זיי, פריער אָדער שפּעטער, אונטערגעגאַנגען.

דערווייל ברעכט אויס אין פּאַריז די רעוואָלוציע פון 1848. פּרודאָן דער פאָלקסטריבון נעמט אַ טייל אין איר. נאָכדעם, ווי די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט אַזוי טראַגי־קאָמיש, ווערט פּרודאָן אַרעסטירט. ער אַנטלויפט קיין בריסעל. מען כאַפּט אים און מען זעצט אים ווידער איין אין געפענגניש. ער ווערט אָבער באַלד באַפרייט.

פּרודאָן ציט זיך צוריק פון דעם אַקטיוון פּאָליטישן לעבן און אַרבעט שוין כמעט אויסשליסלעך וויסנשאַפטלעך. אין יאָר 1858 פאַר־עפנטלעכט ער זיין גרויס ווערק: „די גערעכטיקייט אין דער רעוואָ־לוציע און אין דער קירכע", אַ בוך, אין וועלכן ער באַמיט זיך

ווידעראַמאָל אויסצואַרבעטן אַ געשיכטס-פילאָזאָפיע אויפן גרונט פון דעם גערעכטיקייטס-פרינציפ.

דאָס ווערק האָט דערוועקט דעם צאָרן פון די קירכלעכע און וועלטלעכע מאַכטהאָבער. ער ווערט פראָצעסירט, פאַרמשפט צו דריי יאָר געפענגניש און 4000 פראַנק שטראָף.

ער אַנטלויפט קיין בריסעל און לעבט דאָרט ביזן יאָר 1859, ביז דער אַמנעסטיע פון לואי נאַפּאָלעאָן.

אין בריסעל פאַרפאַסט ער אויך זיין באַרימטן ווערק „איבער קריג און פרידן", אין וועלכן ער באַווייזט, לויט זיין ליבלינגס-מעטאָדע, דער דיאַלעקטיק, די גוטע און שלעכטע זייטן אי פון קריג, אי פון שלום. יעדנפאַלס איז ער אַקעגן דעם עקסטרעמען פאַציפיזם. ער האָט ליב קריג, קאַמף, און חזרט איבער העראַקליטס ווערטער: „קריג איז דער פאָטער פון אַלעמען". אָבער זיין „קריג" איז נישט פאַר דעראָבערונג און הערשאַפט, נאָר פאַר פּראָגרעס און פאַרבע-סערונג פון דער מענטשהייט.

ער שרייבט נאָך אַ פּאָר ווערק איבער טאָגפראַגן — „רעאַ-ליסטישע מאַלעריי", די „פרויענפראַגע", און ער טרעט אויף פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי און פאַר שטרענגער געשלעכטלעכער מאָראַל.

אין יאָר 1865 איז ער געשטאָרבן אין פּאַסי, ביי פּאַריז.

דאָס איז אין קורצע שטריכן דאָס לעבן און דאָס ווערק פון פּרודאָן. זיין שטעלונג אין דער וויסנשאַפט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע איז נישט אַזוי ערשטקלאַסיק, ווי ער אַליין האָט געהאָפט און דערוואַרט. די שאַרפע קריטיק פון מאַרקס האָט אים געטויט אין די אויגן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע; די נאַציאָנאַל-עקאָנאָמען זענען זיינע קעגנער, און די „ריינע וויסנשאַפט" פון היינט, די נאַציאָנאַל-עקאָנאָמיע פון דער סוביעקטיווער און מאַטעמאַטישער שול, האַלט אים פאַר אַ דילעטאַנט.

דער פראַנצויזישער סאָציאָלאָג בוגלע דעפינירט די שטעלונג פּרודאָנס מיט פאָלגנדיקע קלאָרע ווערטער: „אין דער געשיכטע פון דער פאַר-סאָציאָלאָגיע, ווי די סיסטעמען פון באָנאַל און סען-סימאָן, פוריע, און א. קאָנט, האָט פּרודאָן זיין אייגענעם פּלאַץ,

**וואָס איז באַצייכנט דורך זיין מוטיקן פּראָגראַם: צווינגען דעם** קאָלעקטיוון פאַרשטאַנד צו סאַנקציאָנירן דאָס פּערזענלעכע רעכט".

מיט אַנדערע ווערטער: פּרודאָנס ווערט איז נישט זיין פּאָזי-טיווע לערע, נאָר זיין קריטיק; נישט זיין סיסטעם, נאָר זיין אַנאַליז, און נאָכמער: דער פּאַטאָס פון זיין לאָגיק, **ד ע ר פ אַ ט אָ ס פ ו ן ג ע ר ע כ ט י ק ײ ט.**

# קראָפּאָטקין.

פּעטער קראָפּאָטקין האָט אין זיינע לעצטע יאָרן געשוויגן, אין די לעצטע צוויי-דריי יאָר פון זיין לעבן, ווען ער וואָלט, אייגנטלעך, געזאָלט רעדן. אַרום אים איז אַ וועלט אונטערגעגאַנגען, איז אַ וועלט אין בלוט, אין רויטן בלוט אויפגעגאַנגען, אַ צייט, ווען די גאַנצע אַרבעט פון זיין לעבן איז געשטעלט געוואָרן אויף פּראָבע, ווען ער האָט מיט זיינע אויגן געקאָנט זען, ווי אַזוי עס זעט אויס די געזעלשאַפט, פון וועלכער ער האָט געטרוימט יאָרן און יאָרן, אין סיביר, אין דער שווייץ, אין לאָנדאָן. ער האָט געפּרעדיקט רעוואָלוציע — זי איז געקומען; קאָמוניזם — איז דאָ; אַנאַרכיע — ס'פעלט דאָס אויך נישט. אַנאַרכיע פאַרקליידט אין פאָרם פון „שטאַט" — אָבער פאָרט אַנאַרכיע.

„אין דער קומענדיקער רעוואָלוציע, האָפן מיר, אַז דאָס וועט ווערן דער לאָזונג: פאַרברענט די גיליאָטינעס, צעשטערט די טורמעס, פאַרטרייבט די ריכטער, די פּאָליציי און די מוסרים, באַהאַנדלט ווי אַ ברודער דעם מענטשן, וואָס האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון זיינע ליידנשאַפטן צו טאָן שלעכטס, און דער עיקר, נעמט אַוועק ביי די מענטשן די מיאוסע פּראָדוקטן פון דער מיטלקלאַס-פוילקייט, די מעגלעכקייט אויסצושפּרייטן זייערע עקלהאַפטע מידות און אָנציענדיקע קאָלירן, און דעמאָלט קאָנט איר זיין זיכער, אַז ווייניק פאַרברעכנס וועלן פאַרשענדן אונדזער געזעלשאַפט. ווייל די הויפּטשטיצן פון פאַרברעכנס זענען: פוילקייט, געזעץ און מאַכט... קיין געזעצן, קיין ריכטער! פרייהייט, גלייכהייט און פּראַקטישע מענטשלעכע סימפּאַטיע זענען די איינציקעווירקלעכע גראַטעס, וואָס מיר קענען אַנטקעגנשטעלן די אַנטי-סאָציאַלע אינסטינקטן". — אַזוי האָט קראָפּאָטקין

פאַרענדיקט זיין באַקאַנטן פאַמפלעט איבער "געזעץ און מאַכט", אָדער „געזעץ און אויטאָריטעט", ווי עס הייסט אין דעם אָריגינאַל.

גוט — זיין נביאות איז מקוים געוואָרן. דער לאָזונג פון דער „קומענדיקער" רעוואָלוציע איז געוואָרן טאַקע דערדאָזיקער רוף: נידער מיט דעם געזעץ! נידער מיט די אַלטע יסודות פון דער געזעלשאַפט! און די רעוואָלוציע האָט — אין אַ טייל, אין אַ גרויסן טייל פון דער וועלט — געזיגט.

און פונדעסטוועגן איז פעטער קראָפּאָטקין געזעסן די לעצטע פאָר יאָר, נאָך דעם „זיג", אַ פאַריאָמערטער, אַ פאַרצערטער, און האָט געפילט, אַז זיין גאַנצע אַרבעט איז געווען געטאָן אומזיסט.

— ווו ער האָט אַ קוק געטאָן — חורבן. זיינע פריינט, זיינע קעגנער — אַלע אויף קרומע וועגן, אַלע פאַרבלאָנדזשעטע.

זיינע פריינט! אָט גייען זיי מיט די שוואַרצע העמדלעך, מיט די שוואַרצע פאָנען, אויף וועלכע עס איז אויסגעמאָלט אַ טויטנקאָפּ — די „אַנאַרכיסטן" — די מאַטראָזן פון דעם באַלטישן פלאָט, די מאָסקווער אַנאַרכיסטן, די „חברים" בלייכמאַן (אָדער סאָלנצעוו), די „ברידער גאָרדאָן", דעם סמאַרגאָנער רבס יורשים, דער „חבר" ראַבּ־טשין, אָדער ריכטיקער, יהודה גראָסמאַן. אָט האַלטן זיי זייערע מיטינגען, שרייבן זייערע בראָשורן, טוען זייערע מעשים. וואָס ווילן זיי? אַ דור הפלגה. איינער פאַרשטייט נישט דעם צווייטן. דער באַלטישער מאַטראָז וויל אמתע אַנאַרכיע, וויל נישט קיין געזעץ, נישט קיין אָרדענונג, נישט קיין מאַכט איבער זיך. ווייל ער וויל זי — פ א ר ז י ך. ווייל ער וויל מיט זיין באַיאָנעט רעגירן אי־בער רוסלאַנד. די „ברידער גאָרדאָן", האָס איז, אייגנטלעך, איין ברודער — לייגן אין דער ערד די גאַנצע וועלטקולטור, פאַרניכטן ספּענסער און מאַרקס, און דאַרווין און קראָפּאָטקין און פרעדיקן אין אַ משונהדיקער שפּראַך נאָך משונהדיקערע אידעען. און „חבר" יהודה גראָסמאַן פאָרט אַרום איבערן לאַנד און האַלט לעקציעס איבער אַלע וועלטפּראָבלעמען פון דעם אַנאַרכיסטיש־סאָוויעטיסטישן שטאַנד־פּונקט.

און רוסלאַנד — לאַכט. אָדער ווען די אַנאַרכיסטן ווערן ווילד, — ווי פאַר דריי יאָרן אין מאָסקווע אויף דער מאַלאַ־דמיטראָווסקע — ווען זיי הייבן אָן צו שיסן, דעמאָלט אַרגומענטירט מען מיט זיי מיט פייערדיקע אַרגומענטן.

דאָס זענען די פּריינט. און די קעגנער? און די, וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע מיט אַלע לאָזונגען פון קראָפּאָטקין? „פּאַר-ברענט די גיליאָטינעס" — טראָצקי האָט געסטראַשעט אין דעצעמ-בער 1917, אַז מען וועט מוזן אויפשטעלן אויפסניי די גיליאָטינע, און זי איז אויפגעשטעלט געוואָרן. „צעשטערט די טורמעס" — אַלע טורמעס פון רוסלאַנד זענען פול. אויף דער לוביאַנקע אין מאָסקווע הערט מען טאָג און נאַכט קרעכצן פון געפייניקטע, געפייניקטע פון דער „טשרעזוויטשייקע"; די גאָראָכאָוואַיאַ אין פּעטערבורג, ווו די טשע-קאַ געפינט זיך, איז געוואָרן אַ שרעקוואָרט; אין דער קיעווער לו-קיאַנאָווקע שטאַרבן די אַרעסטירטע פון הונגער, פון קעלט, פון טי-פוס. „טרייבט אַרויס די ריכטער" — און יעדע שטאָט, יעדעס שטעטל האָט זיינע „רעוואָלוציאָנערע טריבונאַלן". „פרייהייט, גלייכ-הייט, סימפּאַטיע" — און מיר האָבן טעראָר, בירגערקריג, צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין קאַטעגאָריעס און קעגנזייטיקן מיסטרויען, שנאה, מלחמה צווישן מענטש און מענטש.

אַזוי האָט זיך געענדיקט קראָפּאָטקינס חלום.

האָט זיך געמוזט ענדיקן אַזוי, ווייל זיין גאַנצער געבוי איז אָן אַ פונדאַמענט, ווייל זיין גאַנצע טעאָריע איז געווען איינאיינציקע מיספאַרשטענדעניש.

די מיספאַרשטענדעניש פון דער מענטשלעכער נאַטור.

עס זענען דאָ צוויי מינים אַנאַרכיסטן: פּעסימיסטן און אָפּטי-מיסטן. באַקונין איז געווען פון דער ערשטער קאַטעגאָריע, קראָ-פּאָטקין פון דער צווייטער. באַקונין האָט נישט ליב געהאַט קיין מענטשן, נישט פאַרשטאַנען זיי, נישט געהאַט קיין דרך-ארץ פאַר זיי. ער האָט געהאַט אַ ווילדן, באַרבאַרישן „אינסטינקט פאַר פרייהייט" און אַליין נישט געוווּסט, וואָס דאָס מיינט, וואָס פרייהייט איז. ער האָט באַשולדיקט מאַרקסן, אַז ער האָט נישט קיין „אינסטינקט פאַר פרייהייט". מאַרקס, דער ייד, וואָס האָט אין זיינע ביינער געפילט, וואָס הייסט פאַרפאָלגונג — האָט נישט געהאַט דעם אינסטינקט, האָט נישט געפילט, וואָס פרייהייט איז, און ער, דער רוסישער אַריסטאָ-קראַט, האָט יאָ געוווּסט! פון דעם אַליין קאָן מען שוין זען, ווי טיף באַקונין האָט זיך אַריינגעטראַכט אין די פראַגן, פון וועלכע ער

האָט גערעדט, ווי ערנסט ער האָט עס געמיינט מיט זיינע אידעען· „אַ טאָג פאַר דער רעוואָלוציע איז ער אַ העלד, אַ טאָג נאָך דער רעוואָלוציע מוז מען אים דערשיסן, ווייל ער איז מסוכן" — אַזוי האָט איבער אים געזאָגט דער פירער פון די פראַנצויזישע אַרבעטער ביי דער רעוואָלוציע פון 1830 אין פּאַריז. ווייל ער איז געווען אַ געפערלעכער מענטש, אַ מענטש אָן צוריקהאַלטונג, מיט ווילדע אינסטינקטן, וואָס האָבן זיך פאַרקליידט אין פילאָזאָפישע אָדער פּאָליטישע פראַזן. זיין גרונטפּרינציפּ איז געווען — אָן אויטאָריטעט, אָן אַ האַר איבער זיך. מענטש אָדער גאָט, פיזיש אָדער גייסטיק — יעדע הערשאַפט האָט ער פיינט געהאַט, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז הערשאַפט איז קנעכטשאַפט, פירט צו אונטערדריקונג, ווייל ער האָט נישט פאַרשטאַנען און נישט געגלויבט אין דעם מענטשן. פרייהייט האָט פאַר אים באַטייט — די פרייהייט פון דעם אורמענטשן, וואָס האָט געוווינט אין זיין הייל, מיט אַ דובינע אין דער האַנט, פון דעם מענטשן נאָך פאַר דער געזעלשאַפט.

קראָפּאָטקין איז געווען פונקט דער היפּך. ער האָט ליב געהאַט אי מענטשן, אי געזעלשאַפט, אי קולטור. ער האָט בלויז צופיל ליב געהאַט, צופיל געגלויבט אין איר. ער האָט געמיינט, אַז אַלע מענטשן זענען פון דער נאַטור גוט און פיין. לאָזט זיי בלויז גיין אויף דעם נאַטירלעכן וועג, און זיי וועלן שוין געפינען דעם דרך־הישר. דער שטאַט לאָזט די גוטע אינסטיקטן זיך נישט אַרויסווייזן, דערפאַר — נידער מיט דער שטאַט.

ער האָט זיין אָפּטימיזם געוואָלט אויך באַגרינדן וויסנשאַפטלעך און האָט אַרויסגעשטעלט אַקעגן דעם דאַרוויניש‌ן פּרינציפּ פון „קאַמף פאַר עקזיסטענץ" דעם פּרינציפּ פון „קעגנזייטיקער הילף" אין דער וועלט פון חיות, אין דער געזעלשאַפט פון מענטשן. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם יצר־טוב, אויף די גוטע אינסטינקטן, און געוואָלט בויען אַ געזעלשאַפט אויף דעם יצר־טוב.

ווען קראָפּאָטקין וואָלט געווען אַ מער אָריגינעלער דענקער, וואָלט ער פאַר זיין טעאָריע געפונען אַן אַנדער נאָמען, ווי אַנאַרכיזם. ער וואָלט זי אָנגערופן רוסאָיזם, אַפילו ליבעראַליזם וואָלט אויך נישט געשאַדט. ליבעראַליזם מיט אַ סאָציאַליסטישער פאַרפאַרבונג. וואָרים מער איז דאָס נישט געווען, און מער האָט ער נישט

אויפגעטאָן. רוסאָ האָט דאָך אויך געגלויבט, אַז דער מענטש ווערט געבאָרן גוט און פריי, נאָר דער שטאַט פאַרשקלאַפט אים. און וויליאַם מאָריס, וואָס איז געווען ווייט פון אַנאַרכיזם, וואָס איז געווען נישט מער ווי אַ גוטער ענגלישער ליבעראַל מיט סאָציאַל־רעפאָרמערישע נייגונגען, האָט זיך תּמיד געוווּנדערט, ווי אַזוי קאָנען עס מענטשן צולאָזן צו „האָבן אַ האַר איבער זיך". דאָס איז אַ פראַגע, וואָס איז זייער נאַטירלעך ביי יעדן הויך־אַנטוויקלטן מענטשן, ביי דעם מענטשן, וואָס לעבט אַליין, ביי דעם קינסטלער, ביי דעם דענקער, אָבער נישט ביי דעם פּאָליטיקער, ד. ה. ביי דעם, וואָס האָט פאַר זיך די אויפגאַבע אַריינצוטראָגן אָרדענונג אין דעם כאַאָס, אָרדענען דעם רויען מענטשן־מאַטעריאַל.

קראָפּאָטקין איז געווען אַ נאַטורפאָרשער, נישט קיין מענטשנפאָרשער. און דאָס איז געווען זיין גרעסטער פעלער. די נאַטור, ווי מיר זעען זי, אָרדנט זיך תּמיד איין, און ווי מיר מיינען, צום גוטן. עס איז נאָך ביז אַהער נישט פאָרגעקומען, אַז עס זאָל אינמיטן דערינען צערייסן ווערן אַ „געזעץ" פון דער נאַטור, אַז עס זאָל צעשטערט ווערן די האַרמאָניע. ערד אַרום זון, זון אַרום אַנדערע זונען, אַטאָמען צו אַטאָמען — עס איז אַ געבונדענע און דאָך פרייע וועלט, אָן אַ האַר, אָן אַ מושל, און פאַרט אין האַרמאָניע.

אמת — מיר זענען בלויז זייטיקע צושויער. מיר קוקן אויף דער נאַטור, ווי, למשל, אַ מאַרס־איינוווינער וואָלט געקוקט אויף אונדז. ער וואָלט אויך געזען אַ נאַטורקאַמף, וואָס ענדיקט זיך אין שלום און אויסגלייך. פונדערווייטנס זעט אַלצדינג אויס זייער גלאַט. מיר, מענטשן, ווייסן, אַז עס איז גאָרנישט גלאַט, ווייל מיר לעבן איבער אָט דעם נאַטורגעזעץ, ווייל מיר ליידן, ווייל מיר פילן. און מיר ווייסן, אַז אַלע נאַטורגעזעצן קאָנען נישט אויסשעפּן אונדזער לעבנסאינהאַלט. געשיכטע און פּאָליטיק זענען נישט קיין נאַטורוויסנשאַפטן, ווייל עס קומט צו נאָך עפּעס: דאָס פערזענלעכע, דאָס מענטשלעכע.

קראָפּאָטקין האָט פאַרמישט די צוויי מאָמענטן: נאַטור און מענטש. די נאַטור איז פריי. ווו זענען די טריבונאַלן, ווו זענען די

טורמעס צווישן מוראַשקעס, אָדער בינען, אָדער אַטאָמען ? — פאַרוואָס זאָלן זיי זיין צווישן מענטשן ?

און ער האָט אַריבערגעטראָגן זיין נאַטורפרייהייט אויף דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און אָנגערופן איר מיט דעם נישט פּאַסנדיקן וואָרט : אַנאַרכיזם. נישט פּאַסנדיק פאַר קראָפּאָטקין, ווייל באמת איז ער גאָרנישט געווען קיין אַנאַרכיסט, נישט אין דעם זין פון באַקונין און נישט פון שטירנער. ער האָט געוואָלט נישט די באַפרייונג פון דעם יחיד, נאָר פון דער געזעלשאַפט. ער האָט בלויז נישט געפונען קיין ריכטיקן וואָרט פאַר זיין טעאָריע. און געפונען האָט ער אים דערפאַר נישט, ווייל ער אַליין האָט נישט דורכגעטראַכט די טעאָריע ביז צום סוף, ווייל ער איז געווען מער אַ גוטער און ווילמיינענדיקער מענטש, ווי אַ טיפער סאָציאַלער דענקער, ווייל ער איז געווען אַ נאַטורפאָרשער און נישט קיין מענטשנפאָרשער.

איך וויל זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ ווייטערדיקן אַנאַליז פון קראָפּאָטקינס סאָציאָלאָגישער אַרבעט. עס איז איצט וויכטיקער ווי ווען עס איז אויף דער טאָגאָרדענונג. וויכטיקער ווי ווען עס איז דער אַנאַרכיזם, אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל נישט זיין, אַ צייט־פּראָבלעם. די אַנטוויקלונג גייט דעם פאַרקערטן וועג, נישט פונם שטאַט צו דעם יחיד, נאָר צום שטאַט. קיינמאָל איז דער שטאַט נישט געווען אַזוי שטאַרק, ווי היינט, און די גרעסטע קאָנצענטראַציע פון מאַכט איז היינט דווקא דאָרט, ווו קראָפּאָטקינס לערע — דער אַנאַרכאָ־קאָמוניזם — איז אין איין העלפט אויפגענומען געוואָרן, דאָרט, ווו דער קאָמוניזם איז געוואָרן דער גרונט־יסוד פון דער געזעלשאַפט — אין רוסלאַנד. און נישט נאָר דאָס. די געשיכטע באַווייזט, אַז גראָד דאָרט, ווו די געזעלשאַפט איז האַלב אָדער גאַנץ קאָמוניסטיש, איז די פאַרשקלאַפונג פון דעם יחיד די גרעסטע און די שווערסטע. אַזוי איז דאָס געווען אין כינע, ווו מען האָט שוין דורכגעמאַכט אַמאָל — אין דעם משך פון פופצן יאָר — דעם קאָמוניסטישן עקספּערימענט ; אַזוי איז דאָס געווען אין דער פּאַראַגווייער קאָמוניסטיש־יעזויטישער קאָלאָניע ; אַזוי איז דאָס אומעטום, ווו דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן ווערט צוגענומען פון יחיד און איבער

געגעבן צום כלל, צו דער געזעלשאַפט. איינס ציט נאָך זיך דאָס צווייטע. קוים פאַרשטאַטלעכט מען איין צווייג פון דעם לעבן, ווערט די עקאָנאָמיק פאַרגעזעלשאַפטלעכט, גייט דאָס ווייטערע ממילא נאָך. קראָפּאָטקין האָט געוואָלט שאַפן דעם אַנאַרכאָ־קאָמוניזם, נישט זעענ־דיק, אַז דאָס איז אַ „הילצערנער אייזן", אַז די ערשטע העלפט איז ממש אַ פאַרניינונג פון דער צווייטער.

אָבער פאַר מיר שטייט דאָ אַן אַנדער פּראָבלעם: קראָפּאָטקין אַליין, קראָפּאָטקין דער מענטש. אַ גאַנץ לעבן ווייט פון רעאַלן לעבן, אַ קאַבינעט־געלערנטער, אַ גוטמוטיקער טרוימער. דאָס גאַנצע לעבן אַ גלויבער, אַן אָפּטימיסט. דער מענטש איז פאַר אים געווען הייליק, ער האָט געהאַט רעספּעקט פאַר אים, איבערהויפּט פאַר דעם רוסישן מענטשן. ער איז דאָך פאַרוויגט געוואָרן אין אַ וויגעלע, ווי יעדער רוס. ווי די גרעסטע רוסן, ווי טאָלסטאָי, ווי דאָסטאָיעווסקי, האָט ער געגלויבט, אַז דער רוסישער מענטש האָט אַ מיסיע, איז אַ גאָט־טראָגנדיקער, אַז ער איז בטבע גוט און פריי. און קראָ־פּאָטקין קומט נאָך לאַנגע יאָרן אַהיים און דערזעט דעם רוסישן מענטשן פּנים אל פּנים, מיט אייגענע אויגן, דערזעט אים אין אַלע זיינע ניואַנסן: דעם פאַנאַטיקער, דעם גלייכגילטיקן, דעם פויער, דעם אַרבעטער, דעם אינטעליגענט; דעם עגאָיזם, די גראָבקייט, די שקלאַפּישע נאַטור. ער זעט, ווי מענטשן בענקען נאָך מאַכט, נאָך געזעצן, נאָך טריבונאַלן, ווי זיי האָבן קיין צייט נישט, האָבן קיין ווילן נישט צו זיין פריי כאָטש אויף איין רגע. נעכטן גע־פאַלן איין מאַכט, אין אַ פאָר שעה אַרום אַ נייע, מיט געזעצן, מיט ביקסן, מיט טורמעס. און צווישן איין מאַכט און דער צווייטער — אַנאַרכיע, ד. ה. — די צעבושעוועטע אינסטינקטן, פּאָגראָמען, גזילה, אַלע שרעקלעכע אינסטינקטן אַראָפּ פון דער קייט, ביז עס קומט די נייע קייט און שמידט ווידער צו דעם מענטשן. און דער מענטש דאַנקט גאָט און קושט די קייט, ווייל זי האָט אים באַפרייט פון זיך אַליין, פון דער אחריות — זיין פריי און אַליין.

דאָס איז געווען דער שווערסטער נסיון אין דעם לעבן פון פעטער קראָפּאָטקין: פאַרלירן דעם גלויבן אין דעם מענטשן. אפשר האָט ער אין די לעצטע יאָרן פאַרשטאַנען, אַז האָבס — דער גרוי־

סער ענגלישער מענטשנקענער — איז געווען גערעכט, חען ער האָט געזאָגט: אַ מענטש צו אַ מענטש איז אַ וואָלף.

קראָפּאָטקין האָט געמיינט זיין גאַנץ לעבן, אַז אַ וואָלף צו אַ וואָלף איז אַ מענטש. אָבער ער האָט דעם מענטשן זייער ווייניק געקענט, נאָך ווייניקער אפשר ווי די וועלף. און זיי האָט ער אידעאליזירט.

# וולאַדימיר קאָראָלענקאָ.

פאַר געוויסע קינסטלער שטעלט זיך אָפּ דער קריטיקער. ער האָט נישט וואָס צו זאָגן. און וואָס ער האָט — וויל ער נישט. ווייל דער מענטש אינם קינסטלער, דער מענטש הינטער דעם קינסט־לער פאַרצויבערט, אַנטוואָפנט, שטימט איין ווייך און מילד.

עס איז זעלטן, אַז זיי זאָלן זיך צונויפקומען, זיך דעקן: מענטש און קינסטלער. וואָס גרעסער דער קינסטלער איז — פאַר־באָרגענער דער מענטש. וואָס גרעסער דער מענטש, וואָס פיינער און ליבער, קומט דער קינסטלער אַ פאַרשלייערטער.

טאָלסטאָי איז געווען — אַן אומסימפּאַטישער מענטש. וואָס מער מען באַקענט זיך מיט אים, אַלץ אומסימפּאַטישער ווערט ער — אַלס מענטש, אַלץ גרעסער און אימפּאָנירנדיקער — אַלס קינסטלער. באַלזאַק, אפשר דער גרעסטער ראָמאַניסט פון אַלע צייטן, איז גע־ווען אין פּריוואַטן לעבן אַן עגאָיסט, אַ בעל־תּאוותניק, קליינלעך אין זיינע שטרעבונגען און אַמביציעס. עס איז בכלל אַ ספק, צי קאָן דאָס גיין האַנט אין האַנט: מענטשלעכקייט, גוטסקייט, פיינקייט און — קינסטלערטום. ווארים נאָר דער קאָן זיין אַ קינסטלער, ווער עס פילט אין זיך אַליין די גאַנצע צעריסנקייט פון דעם לעבן. אַ קינסט־לער מוז זיך ערשט אַרויסאַרבעטן, דורכבייסן צו — גוטסקייט. אָבער ווער עס איז גוט און ליב און צאַרט פון נאַטור אויס — האָט גאָר־נישט דעם צוגאַנג צו דער וועלט.

און אַזאַ גוטער און איידעלער מענטש, אויסגעטאָן פון אַלע שלעכטע מידות, איינגעטונקט אין ווילמיינענדיקייט, איז געווען וולאַ־דימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש קאָראָלענקאָ.

עס איז דאָך זייער כאַראַקטעריסטיש: מען האָט איבער אים

קיינמאָל נישט געקעמפט. מען האָט אים קיינמאָל נישט דיסקוטירט. מען האָט אים קיינמאָל נישט געשטעלט אונטער אַ פּראַגעצייכן, ווי דאָסטאָיעווסקין, אָדער ווי טשעכאָוון, אָדער אפילו ווי גאָרקין. ער איז אַריינגעטראָטן אין דער ליטעראַטור, אויפגענומען געוואָרן מיט אַ וואַרעמען, גוטן שמייכל, און דער אייגענער שמייכל האָט אים באַגלייט ביז צום קבר. דער אייגענער שמייכל — אָן אַן אייינציקער העכערונג אָדער מינדערונג, נישט ענטוזיאַסטיש-שטראַלנדיק און נישט סאַטיריש-פייַנטלעך בלויז — רויק און מילד, ווי ער אַליין.

פרעגט עמעצן אין רוסלאַנד, וואָס ער ווייסט פון קאָראָלענקאָן, און ער וועט אייך צווערשט ענטפערן: ער איז אַ הייליקער מענטש, ער איז אַ פרייהייטסקעמפער, ער איז דער אמתער פאַרטרעטער פון דער ליבעראַלער, ברייטפילנדיקער רוסישער אינטעליגענץ פון אַמאָל. און ער וועט אייך דערמאָנען אָן קאָראָלענקאָס פּאָליטישע טעטיקייט, אָן זיין שטענדיקן פּראָטעסט אַקעגן יעדער עוולה, אָן זיין טרייער אַרבעט פאַר אַלע ליידנדיקע און געטראָטענע, פאַר די הונגעריקע און פאַרצווייפלטע אין רוסלאַנד. ער וועט ווייטער דערמאָנען אָן דער „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", דעם זשורנאַל, וואָס קאָראָלענקאָ האָט לאַנגע יאָרן רעדאַגירט, דעם זשורנאַל, וואָס איז געווען נישט אַזוי אַ זייער ליטעראַרישער, ווי אַ געזעלשאַפטלעכער צענטער.

און פרעגט איר ווייטער — וועגן קאָראָלענקאָ דעם קינסטלער — וועט אייך דער רוסישער אינטעליגענט, אויב ער איז נישט קיין ספּעציאַליסט אין ליטעראַטור-געשיכטע, ענטפערן מיט אַ שמייכל: „יאָ, געוויס — „דער בלינדער מוזיקאַנט", „מאַקאַרס חלום", „די פייערלעך", „הויז נומער דרייצן". קונסט? כ'ווייס נישט, דאַכט זיך, אַז נישט, אָבער וואָס מאַכט עס אויס, אַבי דער מיין איז געווען גוט, אַבי די כּוונה איז געווען אַ ריכטיקע און דער עפעקט אַ נוצלעכער.

די כּוונה. יעדער קינסטלער האָט אַ כּוונה, יעדער, דער גרעסטער און דער קלענסטער. פּושקין האָט געוואָלט „צינדן מיט זיין וואָרט דאָס האַרץ פון די מענטשן", טאָלסטאָי האָט געוואָלט אַריינפירן זיי גלייך, ווי זיי שטייען און גייען, אין דעם גן-עדן העליון, אוגטער די פליגלען פון דער שכינה. דאָסטאָיעווסקי האָט געהאַט די כּוונה אויפטרייסלען די מענטשן, אַרויסגראָבן פון די טיפעניש

דאָס שוואַרצסטע, דאָס טונקלסטע, דאָס פאַרבאָרגנסטע — כּדי זיי צו דערהייבן, אָדער אפשר צו דערנידעריקן.

קאָראָלענקאָס כּוונה איז געווען נישט אַזוי הויך, ער האָט זיך נישט אַזוי ווייט פאַרמאָסטן. זיין וועלט איז געווען מער פּאָליטיש, סאָציאַל. אָבער זיין פּאָליטיק איז געווען מאָראַליש. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט דעם, וואָס מען קאָן דערגרייכן: ערד פאַר דעם פּויער, גלייכהייט פאַר אַלע בירגער, יושר פאַר נאַציעס, שלום — אַלץ אי־דעאַלן, וואָס קאָנען זיך לאָזן איינפאַסן אין אַ פּראָגראַם, וואָס קאָ־נען ווערן דורכגעפירט פון אַ פּאַרלאַמענט, אָדער אַ גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג. טאָלסטאָיס אידעאַלן האָבן נישט געקענט דורכגעפירט ווערן פון אַ קערפּערשאַפט. טאָלסטאָי האָט אויסגעטאָן דעם מענטשן פון די אויסערלעכקייטן, פון דעם, וואָס ער איז געוואָרן, און אַוועקגע־שטעלט אים פּנים אל פּנים מיט דער אייביקייט, מיט גאָט, מיט זיך אַליין.

קאָראָלענקאָ האָט קיינמאָל נישט דערווייטערט דעם מענטשן פון דער געזעלשאַפט. זיין גאַנצע בענקעניש איז געווען — נאָך געזעלשאַפט. איינזאַמקייט האָט אים געשראָקן. דער מענטש אַליין — אָן מחיצות — איז פאַר אים געווען אומנאַטירלעך. ווייל דער, וואָס קאָן זיין אַליין, מוז זיין האַרב, האַרט, מוז קאָנען פיינט האָבן, מוז אויך קאָנען ליב האָבן מיט דער ליבע, וואָס איז „שטאַרק ווי דער טויט", מיט דיזער ביטערער ליבע, וואָס האָט נישט קיין גרענעצן.

קאָראָלענקאָ האָט געהאַלטן דערביי צו ווערן איינער פון די זיסע און ליבע שרייבער, וואָס ווירקן אפשר אויף אונטערוואַקסנדיקע קינדער און יונגע מיידלעך. זיין נאַטור האָט אים געצויגן דערצו. זיין „בלינדער מוזיקאַנט" האָט עס צוגעזאָגט; אָבער אים האָט געראַ־טעוועט דערפון די — פּובליציסטיק. ער האָט עס בחוש, מיט דעם גוטן געשמאַק, וואָס ער האָט געהאַט, דערפילט, אַז ער גייט אויף אַ בעפּערלעכן וועג — און ער האָט זיך אַ קער געטאָן אָן דער זייט. פון דער ריינער, פּסיכאָלאָגישער קונסט צו דער האַלב־פּובליציסטישער, פּאַרטייאישקנדיקער, פירנדיקער, סאָציאַלער.

ער האָט, אייגנטלעך, אויך נישט געהאַט קיין נאָענטע, אינער־לעכע באַציִונג צו ריינער קונסט. דעם זשורנאַל, וואָס ער האָט לאַנגע יאָרן אַרויסגעגעבן, די „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", איז געווען דער צענ־

טער פון אומקינסטלערישקייט אין רוסלאַנד, אַ זשורנאַל, ווי מעלשי׳ן — אָדער פּע. יאַ. — איז געווען דער געשוואָרענער דיקטער, דער דיכטער פון „בירגערלעכן שמערץ“, אָדער פון בירגערלעכן, פּאָליטישן צאָרן. און דאָס בעסטע, דאָס שטאַרקסטע, וואָס וו. ג. קאָראָלענקאָ האָט אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר געשריבן, איז אויך נישט געווען קונסט — ס׳איז געווען פּראָפּאַגאַנדע, פּאָליטיק, אַגיטאַציע אין פּיינער, סטיליזירטער פאָרם. ווידער די כוונה, נישט דער אינהאַלט. אַ קינסטלער קאָן ווירקן דורך זיין פּאַרביקער פאַנטאַזיע, אַ קינסטלער קאָן אימפּאָנירן דורך דער ארכיטעקטור, דורך זיין מוט, דורך דעם אומדערוואַרטן, וואָס ער דעקט אויף.

קאָראָלענקאָ האָט געווירקט דורך זיין — פּשטות. צווישן די רוסן וואָס זענען פּשוט בטבע, איז ער געווען דער פּשוטסטער. און ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס ער, דער אוקראַינער, דער „מאַלאָראָס“ האָט געהאַט אַזוי ווייניק דרומדיקס און אַזויפיל צפונדיקס אין זיך. קאָן מען זיך אויסמאָלן אַ גרעסערן קאָנטראַסט, ווי צווישן אים און גאָגאָל? ביידע פון קליינרוסלאַנד, ביידע פאַרוויגט פון דעם דניעפּעררויש און ביידע דיכטער פון גרויסרוסלאַנד. אָבער גאָגאָל, ווי ער זאָל נישט זיין גרויסרוסיש, האָט תמיד אויף זיך דעם חותם פון דרום און דערפאַר איז ער אַזוי אָריגינעל, אַזוי איינזאַם. ער שטייט אַליין. ער איז פול מיט סודות. מען זעט דעם קאַמף פון דעם דרום-מענטשן אַקעגן דעם קאַלטן צפון. מען הערט, ווי דער דניעפּער קעמפט מיט דער נעוואַ. ביי קאָראָלענקאָן מערקט מען כמעט קיינמאָל נישט, אז ער איז אַ קליינרוסישער, אַ חוץ זיין נאָמען. און דאָס איז דער בעסטער באַווייז פון זיין — אומקינסטלערישער אינדיווידואַליטעט. דער קינסטלער גיט זיך און קאָן פון דעם נישט אַנטלויפן. עס לויפט אים נאָך די יוגנט, דורות פאַרפאָלגן אים. קאָראָלענקאָ איז געווען פריי — אין שטימונג, אָבער אומפריי — אין דענקען. תמיד דער ליבעראַל, דער כמעט-סאָציאַליסט, דער גוטמוטיקער, גוטמיינענדיקער, דער פּראָטעסטירנדיקער, דער שלום-זוכער.

און גראָד דאָס — חסרונות, צי מעלות — האָט אים געשאַפן די גרויסע, די איינציקע שטעלונג, וואָס ער האָט פאַרנומען אין רוסלאַנד. יעדער דור דאַרף האָבן זיין פּרנס, זיין פירער, זיין צענטראַל-פיגור. אַמאָל האָט רוסלאַנד געהאַט אַזאַ פירער אין הערצען, דערנאָך אין מיכאַילאָווסקין, גרויסע פּערזענלעכקייטן, פּובליציסטן מיט שטאַרקן טעמ־

פּעראַמענט, קאַמף=נאַטורן, שטורעמפירער. דאָס איז געווען די „שטורעם= און דראַנג=פּעריאָדע״ פון רוסלאַנד. זי איז פאַרביי.

קורץ פאַר דער רעוואָלוציע — אין 1905 — און בפרט אין דער צווישנצייט ביז דער סאָוויעטער רעוואָלוציע, איז רוסלאַנד געווען אָן א גייסטיקן פירער, אָן א ווילנס-צענטער. טאָלסטאָי איז גע= שטאָרבן, און זיין איינפלוס מיט אים. הערצען איז שוין געוואָרן א היסטאָרישע פיגור. מיכאַילאָווסקי אויך. און קיין נייע שטאַרקע פּער= זענלעכקייט האָט נישט געקאָנט געפינען קיין פּלאַץ אין דעם רוסישן לעבן. ס׳האָט געגאָלטן — אָפּהיטן די צוואה און — וואַרטן. און אן אָפּהיטער, אן אַפּוטרופּוס מוז זיין רויק, פּאָרזיכטיק, טאָר נישט שפּעקולירן אויף זיין אייגענעם חשבון, נישט מיט אידעאַלן און נישט מיט אידעען. אַמאָל גערעכט די שפּעקולאַציע נישט און די אַפּוטרופּסות קאָן ווערן באַנקראָט.

קאָראָלענקאָ איז געווען דער אידעאַלער צוואה-אָפּהיטער פונם רוסישן ליבעראַליזם. ער האָט נישט געענדערט אויף א האָר זיינע אידעען. ער האָט נישט געמינערט די ירושה אויף א גראָשן. ער האָט זי אויך נישט באַרייכערט. ער האָט זי בלויז אָפּגעהיט — טריי און מיט מסירת=נפש, און געהאָפּט אויף דער צייט, ווען ער וועט קאָנען קומען צום רוסישן פאָלק, צו דער רוסישער אינטעליגענץ און איבערגעבן איר דעם אוצר און זאָגן איר: „אָט איז די ירושה, נעם זי איבער, דו ביזט שוין דערוואַקסן, טראָג זי איצט אליין און טראָג זי מיט דער אייגענער ערלעכקייט, מיט ריינע הענט, ווי איך״.

עס איז געקומען אַנדערש, ווי ער האָט געחלומט. דאָס רוסישע פאָלק האָט נישט געוואָלט.

ווי דאָסטאָיעווסקי האָט אַמאָל נביאות=געזאָגט, האָט דער רוסי= שער מענטש מיטאַמאָל א טראַכט געטאָן: „וואָס וועט זיין, ווען איך וועל מיט מיין שטיוול א שטופּ טאָן אָט די שיינע און טייערע צאַצ- קעס, וואָס מען האָט אָנגעגרייט פאַר מיר: סאָציאַליזם און פרייהייט און קולטור? לאָמיר א קוק טאָן, וואָס ס׳וועט אַרויסקומען דערפון״. און מיר ווייסן, וואָס דערפון איז שוין אַרויסגעקומען. די גאַנצע ירושה, וואָס קאָראָלענקאָ האָט אַזוי אָפּגעהיט, איז פאַנאַנדערגעפאַלן, רינג נאָך רינג איז אַרויסגעפאַלן פון דער קייט. אַלצדינג איז צע= בראָכן: אידעאַלן און אידעען.

און קאָראָלענקאָ איז געשטאַנען איינער אַליין — ביים קבר פון אַ טראַדיציע. דער לעצטער שומר, דער לעצטער ליבעראַל. אַ נייע קונסט: בייז, שטורמיש, גראָבנדיק, גרויזאַם און כּאַרוויקלט. אַ נייע פּאָליטיק — פול מיט פּאַראַדאָקסן, אומגעריכטיקייטן. אַ ניי סאָציאַל לעבן — אָן מילדקייט און גוטסקייט.

און נישט „פייערלעך" באַלייכטן דעם וועג פון דעם זוכנדיקן, נאָר אָן אומגעהייער פייער, אַ שריפה פון אַ גאַנץ לאַנד.

קאָראָלענקאָ האָט איבערגעלעבט זיין צייט און זיך אַליין. נישט פארגעסן — אָבער פארשפּעטיקט. ער איז צו שפּעט געשטאָרבן. און דאָס איז געווען זיין אייגנטלעכער רייץ. ער איז געשטאַנען אַליין מיט זיין קוים-שימערירנדיקן פאקל און האָט געוווּנקען און האָט גערופן. קיינער האָט נישט געזען די סיגנאַלן. און די, וואָס האָבן אים געזען, האָבן אים נישט געקאָנט פאָלגן. אָבער — ער איז געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ — און דאָס אַליין איז אַ פארדינסט.

קונסט איז אַ גרויסע זאַך — אָבער מוט, פּערזענלעכקייט, מענטשלעכקייט איז אפשר נאָך גרעסער, אפילו ווען זי איז פלאַך-ביי-דערערדיק, אפילו ווען זי פירט נישט צו די שפּיצן.

אונדזער צייט איז נישט מער מסוגל אַרויסצוברענגען גוטע און מילדע מענטשן. און דער טאָן איז אַן אַנדערער, אַ האַרבערער און אַ טרויעריקערער. אָבער דערפאַר, און טאַקע דערפאַר, הערט זיך אַזוי גערן — ווי דורך דעם שלאָף — דאָס אַלטע וויגליד פון די אַמאָליקע, גלויבנדיקע און האָפנדיקע טרוימער...

# לעאָניד אנדרייעוו.

ווען ער איז נאָך געווען א יונגערמאַן, אין דעם אָנהייב פון זיין שאפן, און האָט געהאַלטן — אפשר טאַקע דערפאַר — אויף דער העכסטער מדרגה פון באַרימטקייט, פלעגט ער שרעקן. דערציילט מוראדיקע מעשיות: פון מענטשן, וואָס זוכן און גייען אונטער, פאַלן, ווערן פאַרשלונגען פון דעם תהום פון פינסטערע, טונקעלע, פאַרבאָרגענע אינסטינקטן, וואָס רייסן זיך דורך און קערן מיטאַמאָל, נאָר פלוצלונג, איבער דאָס גאַנצע לעבן, פון דער צעשפּאַלטנקייט פון דער מענטשלעכער נשמה אין איר טיפסטער שלעכטקייט. „ער שרעקט מיך, אָבער איך האָב קיין מורא נישט", האָט טאָלסטאָי פון אים געזאָגט. און ס'האָט זיך אויסגעוויזן דעמאָלט, אז טאָלסטאָי איז גערעכט און אַנדרייעוו איז א בהלה־מאַכער.

איר געדענקט אנדרייעווס דערציילונג, וואָס הייסט „תהום". די מעשה פון אַ יונגן גימנאזיסט, וואָס גייט אַרויס שפּאַצירן מיט א יונג מיידל. אַ גימנאַזיסטקע —ביידע, יונגע, פרישע קינדער; ביידע אזוי גרינגראָזיק, אזוי ווייסקנאָספּעדיק, אזוי שמעקנדיק מיט מאַי, מיט יונגער זון. און ס'איז אַ פריילינגנאַכט און די וועלט שמייכלט און ס'איז אַזוי גוט און תמימותדיק און צניעותדיק אַרום און אַרום.

און איר געדענקט, ווי אַזוי דערדאָזיקער שפּאַצירגאַנג האָט זיך געענדיקט: דאָס ווייסע זוימעלע פון דעם אונטערשטן קליידל פון דער גימנאַזיסטקע, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזוי חנעוודיק, ציכטיק, פון אונטער דעם ברוינעם שול־מלבושל, האָט צערייצט עפּעס אַ פינסטערן אינסטינקט ביים גימנאַזיסט. ער האָט זי מאנס געווען, ער האָט זיין ערשטע ליבע באַשמוצט און פאַראומרייניקט מיט מיאוסער תאווה און מיט בלוט. דער גימנאַזיסט ? — ער איז אפשר

אומשולדיק. ווער ווייסט, ווער ס'האָט זיך אין אים דערוועקט, וואָסע־
רע נשמות ס'בלאָנדזשען אַרום אויף דעמדאָזיקן עולם התוהו, וואָס
וואַרפן זיך אַריין אין מענטשלעכע גופים, האַקן איבער דעם וועג
דער אייגענער נשמה פון דידאָזיקע מענטשן, מאַכן זיי פאַר זינדיקע,
פאַר רשעים, פאַר פאַרברעכער, און פאַרקערט — פאַר הייליקע. און
ווו איר זאָלט נישט אויפשלאָגן אַ בלעטל פון אַנדרייעוון, וועט איר
געפינען דעם אייגענעם מאָטיוו: עולם התוהו:

עפּעס אַ וועלט פון רעטענישן, פון פאַרשלאָסענע טויערן; אַ
געפּענגגעניש מיט אייזערנע גראַטעס און אַ גרויע, גרוי־לאַנגווײַלי־
קע שטיינערנע וואַנט אַרום און אַרום. איר קאָנט קיינמאָל נישט
ערב זיין פאַר זיך אַליין. איר ווייסט נישט, וואָס וועט איר ווערן
אָט באַלד, איר ווייסט נישט אפילו, וואָס איר זענט איצט. דאָס
איז אַ טעמע פאַר אַ גרויסן — פאַר אַ דאָסטאָיעווסקי, פאַר אַ באַל־
זאַק. און אפילו פאַר זיי אויך נישט. איטלעכע קונסט — און אַזוי
ווייט ליטעראַטור איז קונסט אויך ליטעראַטור—מוז האָבן צו טאָן מיט פאַר־
טיגקייטן, מיט פאָרמען און געשטאַלטן פון קימות. דער מאָלער
קען נישט מאָלן די פאַרענדערלעכקייטן פון דער וועלט, סיי מענטשן,
סיי זאַכן. ער קען מאָלן בלויז די פאָרם פון דער וועלט. און דער
בעלעטריסט, דער דערציילער, דער דראַמאַטיקער, איז ביכולת אונדז
צו ווייזן דעם מענטשן נאָר אין אַ באַשטימטן צושטאַנד און נישט—
ווי דיווירקלעכקייט איז — אַ צושטאַנד פון אַהין־און־אַהער, פון
יאָ־און־ניין, פון כוואַליעדיקייט. דער קינסטלער מוז זיין פּראָסט.

איך בין מסופק, צי אַנדרייעוו איז געווען אַן אמתער קינסטלער.
איינער, וואָס שאַפט טיפן פאַר דורות, איינער, וואָס זעט מיט אַ שאַרפן
אויג דעם ק ע ר ן — ער האָט מער פון אַלעמען געזען די מאַסקע.
און האָט זיך באַשאַפן אַזאַ וועלט פון מאַסקעס. ער האָט געמאָלט
נישט קיין געשטאַלטן, נאָר די קרומע וועגן, די קינדערשע העוויות,
וואָס די שאָטנס פון דידאָזיקע געשטאַלטן מאַכן. שאָטנס זענען פאַנ־
טאַסטיש, און דערפאַר איז אַנדרייעווס וועלט אויך געווען אַזאַ פאַנ־
טאַסטיש־דערשרעקנדיקע. ער האָט געמאָלט געדאַנקען, אידעען, און
דערפאַר איז ער געווען אַזוי סימבאָליש, פול מיט כוונות, מיט אָנצו־
הערענישן, מיט רמזים.

זיי זענען געווען צוויי צייט־חברים און קאָנקורענטן — אַנדרייעוו
און גאָרקי. זיי האָבן ביידע איבערגענומען די ירושה פון טשע־

באָוון, געקעמפט פאַרן ערשטן פּלאַץ אין דער רוסישער ליטעראַטור. ביידע — ראָמאַנטיקער, ביירע האָבן זיי געדרשנט און נביאות גע-זאָגט. דאָס ליגט שוין אין דעם כאַראַקטער פון דעם רוסישן פאָלק. דער רוס קאָן נישט לעבן דאָס מיטעלע לעבן, גיין אויף דעם אויס-געטראָטענעם „גאָלדענעם" מיטלוועג, אויף דעם גלייכן, דרך-הישר-דיקן. ער פאַרבלאָנדזשעט תמיד — אַראָפּ, צי אַרויף, אין אָפּגרונטן אָדער צו באַרגשפּיצן. און צום רוב — ווען ער דראַפּעט זיך אַרויף אויף דעם הויכן באַרג — פאַלט ער מיט איינמאָל אַראָפּ טיף און ברעכט זיך האַלדז און נאַקן. אבער גאָרקי איז געווען דער קינסטלע-רישער פון זיי ביידע. ער איז אויך אַ מאָלער פון דעם, וואָס איז אין אמתן נישט פאַראַן, אַ צופּוצער פון טיפּן, אַ פאַרטייטשער פון דערשיינונגען, א ראָמאַנטיקער. אָבער אַפילו צוגעפּוצט און אויסגע-מאָלט זענען זיינע מענטשן לעבעדיקע — מיט פלייש און ביין, מיט מעלות און חסרונות; ס'איז נישט די רעאַלע וועלט, אָבער אין דער גרענעץ פון דער נישט-אמתדיקייט איז די פאָרם רעאַל. און ווייטער: גאָרקי האָט אַ גלויבן — אין דעם מענטשן. ער איז אַ חלום-זעער, אַ מאמין, ער האָט אַ גרויסע ליבע, ער איז פראָסט, ער וויל עפּעס טאָן.

אנדרייעוו האָט תמיד געוואָלט בלויז איינס: זיך מפלפל זיין איבער דער וועלט. זי איז שלעכט, ביטער, פול מיט סודות; ס'איז נישטאָ, וואָס צו העלפן, וואָס צו מתקן זיין, ווייל מיר — בלויז יורשים — און זי איז נישט זי — נאָר אַ דורכגאַנג — זי איז אַ טורמע און מיר, די פאַרשפּאַרטע. און וואָס קען געטאָן ווערן אין אַ טורמע? מען קען זיפצן, רעדן, טראַכטן, שלאָגן זיך ביז בלוט, דער קאָפּ אָן דער וואַנט, און שטאַרבן. זעט דעם אונטערשיד: גאָרקיס מענטשן זענען תמיד וואַנדערער, זיינע „באָסיאַקעס", זיין לוקאַ (אין „אויף דעם גרונט"), אַלע זיינע ראָמאַנטישע געשטאַלטן גייען אַרום אין דער וועלט, זוכן, נאַרן זיך אָפּ, טוען אָפּ מעשים און גייען ווײַ-טער — לופט, פרישע און פרייע ווייעט אַרום זיי.

אַנדרייעווס מענטשן זענען געווען תמיד צוריקגעקומענע, מידע, אָדער קיינמאָל נישט אַרויסגעקומענע מענטשן, וואָס האָבן אַ צו ענגן ממשותדיקן האָריזאָנט און דערפאַר אַ צו ווייטן האָריזאָנט פון גע-דאַנקען. וואָס זיי מוטשעט, איז נישט די פראַגע פון אַ לעבן, פון אַ דור אפילו, נאָר די אייביקייט, דער „פונוואַנען" און „וווּהין", דער

„צוליב וואָס“ פון דעם גאַנצן. ס'איז אַ ביסל נאַיוו. „נאָר אַ נאַר וואַרט אויף אַן ענטפער“, האָט שוין היינע געפסקנט. און נאַיוו איז אַנדרייעוו אַליין אויך געווען, איינער, וואָס גלויבט נאָך אין דעם ווערט פון פרעגן, פון טענות האָבן צו דעם סוד פון דער וועלט. קיין ענטפער האָט אַנדרייעוו, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל נישט באַקו-מען, קיינמאָל נישט געגעבן. ער האָט נישט געקאָנט. ער האָט נאָר פּראָבלעמען אויפגעשטעלט. ער האָט בלויז אָנגעוויזן אויף די מאַס-קעס פון דעם לעבן און געפרעגט: וואָס ליגט דאָרט הינטער די מאַסקעס? וואָס איז דער אמתער פּנים פון דער וועלט? און קיינ-מאָל, קיין איינציקס מאָל האָט אַ מאַסקע אים צוליב געטאָן און זיך אויפגעדעקט...



אין די שווערע, ווילדע, משוגעדיק-שיינע, משוגע-גרויסע טעג פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע — ד. ה. ביז אָקטאָבער 1917 — פלעגן מיר זיך כּמעט יעדן אָוונט טרעפן מיט לעאָניד אַנדרייעוון אין דער רעדאַקציע פון אַ גרויסער פּעטראָגראַדער צייטונג. איך האָב דאָרט געשריבן פעליעטאָנען, טעאַטער און אויסערע פּאָליטיק. ער איז דאָרט געווען כּלומרשט דער הויפּטרעדאַקטאָר, רעדאַקטאָר, נישט דערפאַר. וואָס ער האָט געהאַט אין זיך אַ פּובליציסטישן אָדער, וואָס האָט געוואָלט פירן און אָרגאַניזירן, נאָר — איין אויף צו להכעיס גאָרקין. גאָרקי האָט געהאַט אַ צייטונג — די „נאָוואַיאַ זשיזן“ — האָט אַנדרייעוו אויך געמוזט האָבן. האָט גאָרקי געקעמפט פאַר איין זאַך, האָט אַנדרייעוו געוואָלט זאָגן פאַרקערט. געהאָלט, אָבער נישט געקענט. זיי ביידע, סיי גאָרקי, סיי אַנדרייעוו, האָבן נישט געפונען דאָס וואָרט, וואָס מען האָט באַדאַרפט זאָגן. זיי האָבן נישט געקאָנט ווערן די אינטעלעקטועלע פירער פון דעם לאַנד אין דער שעה פון זיין העכסטער נויט. גאָרקי אָבער האָט געמיינט, אַז ער האָט אַ שיטה — אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע — נאָר אַ פּאָזיטיווע. ס'האָט זיך אָנגערופן אינטערנאַציאָנאַליזם. מער בעלעטריסטיק, ווי פּאָליטיק, אָבער פאָרט אַ פּרווו.

אַנדרייעוו האָט זיך אפילו נישט געפּרוווט. ער האָט געזען אַ תּהום און האָט געשראָקן און זיך אַליין געשראָקן. אָבער געזען האָט

ער אפשר בעסער און קלאָרער, ווי גאָרקי און די איבעריקע. ער האָט מיט דעם חוש פון אַ קינסטלער דערפילט, אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד פירט אויף אַזעלכע וועגן, פון וועלכע מען האט נישט גע־חלומט, פון וועלכע אפילו די באָבע האָט נישט נביאות געזאָגט ביי איר וויג. און אַנדרייעוו האָט נביאות געזאָגט. מיט גרויס התלהבות, אָבער מיט צופיל מליצה, צו שיין, אַז ס'זאָל רירן, רירן אַ רוסישן סאָלדאַט, וואָס האָט, ווי אַ ווילדער, צעבראָכן אַלצדינג אויף פיצלעך, אויסגעדריקט זיין אַלטע שנאה און זיין טיפן כעס אין דער צעשטע־רונג פון רוסלאַנד, פון איר גאַנצקייט און גרויסקייט.

אַנדרייעוו האָט געהאַלטן מאָנאָלאָגן, געטענהט, נביאות געזאָגט, געבעטן רחמים פאַר רוסלאַנד. אָבער דעם עצם פון דער קראַנקהייט פון רוסלאַנד האָט ער נישט פאַרשטאַנען. ער האָט געוואָלט היילן דאָס קראַנקע לאַנד מיט אָפּשפּרעכן. און דאָס איז געווען דער גרוי־סער חטא פון דער גאַנצער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס האָט גע־פירט דעמאָלט דאָס לאַנד. ער איז אויך געווען בלויז אַ רוסישער אינטעליגענט !

און אַן אַדוואָקאַט דערצו. איר זעט : טשעכאָוו איז געווען אַ דאָקטאָר און געוווסט, ווי אַזוי מען היילט, אָדער, לכל הפחות, וואָס מען דאַרף האָבן, כדי צו היילן. גאָרקי איז אַ מענטש פון פאָלק, אַ דיכטער פון אַ פאָלק, וואָס פאַראַכט זיך אַליין און גלויבט אומגעהייער אין זיך. אַנדרייעוו איז געווען יוריסטיש געבילדעט. עפּעס פון אַן אַדוואָקאַט איז געבליבן אין אים : די איינבילדונג, אַז די וועלטגעשיכטע איז אַ בית־דין און מען קאָן די דינים איינרעדן, זיי איבעררעדן.

ביז ער האָט זיך אינגאַנצן מיאש געווען. און איך געדענק אַ סצענע — פאַר דעם לעצטן געזעגענען זיך, אַ פּאָר טעג איידער די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען די מאַכט און צעשטערט די בריקן פון ווערטער און טענות. לעאָניד אַנדרייעוו איז געווען אויסגע־קליבן אין דעם „פאָר־פּאַרלאַמענט“, די אומגליקלעכע המצאה פון קערענסקין, כדי צו ראַטעווען אַ לאַגע, וואָס קיינער האָט נישט גע־קאָנט ראַטעווען. אַ פּאָר טעג נאָך דער דערעפענונג פונם דאָזיקן כלומרשטן פּאַרלאַמענט זענען מיר געזעסן אין רעדאַקציע און זיך מתווכח געווען איבער דער לאַגע. אַ גרופּע פּאָליטיקער און שריי־

בער. אַ טייל האָט געהאַפּט, אַ טייל האָט שוין אויפגעהערט. דאָ האָט זיך אַנדרייעוו אויפגעהייבן, און אַרומגייענדיק איבערן חדר מיט אַראַטאָרישע זשעסטן, מיט אַן אַדוואָקאַטיש־פּאַטעטישער באַרעד־זאַמקייט, האָט ער אונדז אויסגעמאָלט דאָס, וואָס איז דער פאַרלאַ־מענט: אַ פאַרזאַמלונג פון מאַסקעס. רוסלאַנד גייט אַרום אָנגעטאָן מיט אַ מאַסקע, אָדער פאַרשטעלט זיך, קלעפּט זיך אָן אַ צעטעלע, אַ בענדעלע: פאַרטיי. אָבער וואָס איז דער תוך? די אמתע גע־שטאַלט, דער פּרצוף, וואָס באַהאַלט זיך הינטער דער מאַסקע? און מיטאַמאָל האָט די גאַנצע פראַגע באַקומען אַן אַנדער צורה. ס'האָט אונדז אַלע אַרומגענומען אַ מורא, אַ פּחד: וואָס פאַרבאָרגט זיך הינטער דער מאַסקע?

אַנדרייעוו האָט אונדז געשראָקן. און מיר האָבן זיך געוואָלט טרייסטן מיט טאָלסטאָיס ווערטער איבער אים. אָבער מיר האָבן געפילט, אַז דאָסמאָל איז אַנדרייעוו גערעכט, אַז זיין קינסטלעריש אויג נאַרט אים נישט אָפּ, און ווי שוואַרצע פלעדערמייז זענען אַרומגעפלויגן איבער אונדזערע קעפּ חזיונות פון אַ שרעקלעכן אמת.

און אַנדרייעוו איז געבליבן גערעכט. דאָס איז לעצטע מאָל, ווען מיר האָבן זיך געזען. ער איז — דאַכט זיך מיר — נאָך דעם אייגענעם אָוונט אַוועק קיין פינלאַנד און מער נישט צוריקגעקומען. באַלד איז נישט מער געווען צו וואָס צו קומען פאַר אים.

גאָרקי איז געבליבן. דער דיכטער פון דעם פאָלקסגלויבן איז געבליבן ביים פאָלק אין זיין שווערסטן נסיון, געגאַנגען מיט אים אויף זיינע קרומסטע וועגן, מיט אים, פאַרויס אים, לעבן אים. פאַר אים האָט געשפּילט אַ ראָלע נישט די אידעע, נאָר דער מענטש; ראַטעווען די מענטשן, דערציִען זיי, — כאָטש מיט די ציין, ווייזן אַ וועג, שטרייפן, איינהאַלטן, לערנען. אָבער אַנדרייעוו איז געווען דער אינטעליגענט. ער האָט געזען דעם חורבן און געגאַנגען אין גלות אַריין און אַנידערגעזעצט זיך אויף אַ שטיין און געוויינט.

געשטאָרבן אין גלות, אין יאוש, נישט נאָר איבער רוסלאַנד, נאָר אפשר אויך איבער זיך. וואָרים איצט זענען אַלע מאַסקעס אַראָפּגעריסן. ווען דער „אמת" איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן — וואָס האָט ער געזאָלט נאָכפרעגן און זוכן?

אָדער אפשר טאַקע איצט — ערשט איצט וואָלט אַנדרייעווס צייט געווען, זיין גרעסטע צייט? אָנווייזן די נייע מאַסקע — די רויטע, די נייע וואַנט, — די גרויע, די נייע ספקות און פלאָנטערס פון דער רוסישער נשמה, און אפשר, ווען ער וואָלט אונדז איצט גע־שראָקן, וואָלטן מיר שוין נישט מורא געהאַט, און עפּעס געטאָן אויס פּחד פאַר דעם נעכטן...

# מיכאַיל אַרציבאַשעוו.

מיט אַ יאָר אָנדערהאַלבן צוריק זענען מיר אַריינגעפאַלן אין האַנט צוויי ביכער. די לעצטע ביכער פון אַרציבאַשעוו: אַ באַנד פובליציסטיק „נאָטיצן פון אַ שרייבער“, און אַ דראַמע — „דער טייוול“. איבערגעלייענט — מער פון קוריאָזיטעט, ווי פון אמתן ליטעראַרישן אינטערעס — איבערגעלייענט און אַוועקגעלייגט זיי מיט אַ שמייכל: אָרעמער אַרציבאַשעוו! קינדישע פובליציסטיק, נאַיווער, היסטערישער אַנטי-באָלשעוויזם, און נאָך אַ קינדערשערע דראַמע. פון דעם גאָר אַמאָליקן טיפ, ווו דער דראַמאַטורג פאַרמעסט זיך נישט מער און נישט ווייניקער, ווי צו פאַרענטפערן דעם פראָבלעם פון לעבן, ווו פאַוסט קעמפט קעגן גאָט און וועלט, ווו דער טייוול טריומ-פירט און ווערט סוף כל סוף באַזיגט.

אָרעמער אַרציבאַשעוו! גייט זיך אַ יינגעלע מיט אַ פינגערהוט צום ים און וויל אים אויסשעפן. און וויינט זיך פאַנאַנדער, ווען ער קען נישט.

עס קאָן זיין, אַז מיין באַציונג איז געווען אַ שטיק פאָראורטייל. עפעס האָט זיך פאַר מיר מיט דעם נאָמען אַרציבאַשעוו אַסאָ-ציאירט פון אַ גרויסן, אומגעלומפערטן רוסישן סעמינאַריסט, וואָס קומט צו יונגע גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס און שושקעט זיי אַריין אַ „סוד“ אין אויער, און די גימנאַזיסטן הייבן אָן צו ציטערן און ווערן בלייך, און די גימנאַזיסטקעס ווערן רויט, און דערנאָך גנבעט זיך אַוועק איין פּאָרל נאָך דעם צווייטן. איר ווייסט דאָך, איר גע-דענקט דאָך — מיט צוואַנציק יאָר צוריק: „ליגעס פון פרייער ליבע“, „אַטענישע נעכט“, יונגע מיידלעך, וואָס האָבן זיך „אַנטשלאָסן“

און דערנאָך אויף טויט זיך דערשראָקן, און אָפט טאַקע אויפן רעכטן אמת, ביז צום זעלבסטמאָרד.

איך געדענקט דאָך — די פּרעסע אין רוסלאַנד האָט זיך צע־קאָכט, די אידעאַליסטן און די היטער פון דער מאָראַל האָבן געטייטלט מיט די פינגער: דער פאַרדאַרבער, דער פאַרפירער, דער דערוועקער פון דעם יצר־הרע: סאַנין!

און איך ווייס נישט — דעמאָלט, ווי היינט, האָב איך געהאַט אַ מין געפיל פון — איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז — ווידערווילן, פאַרדרוס, אָדער אפשר גאָר ערגעץ ווו פאַרבאָרגענע, פוריטאַנישע פאַרשעמטקייט, יעדנפאַלס אַ נעגאַטיווע באַציונג צו דידאַקטישע אַלע פּראָפּאַגאַנדעס פון „געבורט-קאָנטראָל", „פרייע ליבע", סעקסועלע באַ-ציונגען, א. אז. וו.

עס האָט זיך מיר תמיד אויסגעוויזן, אז די דיסקוסיעס וועגן סעקסועלע באַציונגען זענען אין זיך אַליין סעקסועלע צורייצונגען. עס איז אַ מין „לאָמיר רעדן פון בראָנפן", עס איז אַ מין סעקסואַליטעט מיט אַ פּראָבקע.

און ווען איך האָב דעמאָלט — אין 1906 — — געלייענט דעם באַרימטן ראָמאַן פון אַרציבאַשעוו „סאַנין", ווי אַלע אַנדערע יונגע מענטשן פון דער צייט, האָב איך נישט געקאָנט האָבן קיין קלאָרן, קיין ריכטיקן איינדרוק. איינס אָבער האָב איך געפילט — עס איז נישט קיין קונסט. עפּעס פּרעדיקט ער צופיל, וויל צופיל באַווייזן, וויל זיין ציניש און איז נאַיוו, קערט-איבער דעם פעלץ און פאַרשטעלט זיך פאַר אַ וואָלף און שרעקט קליינע אָדער גרויסע קינדער.

און מיט דעם אומקלאָרן געפיל בין איך געבליבן. און יעדעס נייע ווערק פון ארציבאַשעוון האָט אַרויסגערופן ביי מיר — און איך בין זיכער, אַז ביי אַלע — דעם אייגענעם געפיל: עס איז סאַניניזם, עס איז ווידער אַ מין ציניש און געוואַגט-זיין־וועלנדיקע בויך=סברה, עס איז נישט עכט, עס איז נישט קיין קונסט.

אָבער אַט שטאַרבט אַרציבאַשעוו. נאָך נישט אַלט, אין די מי־טעלע יאָרן. שטאַרבט פון אַ שווערער קראַנקהייט אין ווארשע. אַן עמיגראַנט. אַ פאַרשפעטיקטער. אָפּגעווען כמעט זעקס יאָר מיט די באָלשעוויקעס, דערנאָך זיך אַרויסגעריסן פון רוסלאַנד, באַזעצט זיך אין פוילן, אָנגעהייבן גיסן פעך און שוועבל אויף די קאָמוניסטן, גע־וואָרען כמעט, כמעט אַ רעאַקציאָנער; כמעט, כמעט, אָדער אפשר

אינגאַנצן אָן אַנטיסעמיט, אָנגעוואָרן זיין אַמאָליקן אימפּעט און אפילו דעם פריערדיקן גלוסט צו אָריגינאַליטעט.

און אַרציבאַשעוו האָט מיך פאַראינטערעסירט. און איך בין זיך מודה, איך האָב אַוועקגעגעבן עטלעכע טעג אויף זיינע ביכער, איבערגעלייענט אויפסניי זיינע ראָמאַנען, דערציילונגען, דראַמען, אַר־טיקלען, געוואָלט איבערפּרווון מיין אייגענעם יוגנטאיינדרוק (מען וואָלט, אייגנטלעך, אַזוי באַדאַרפט טאָן מיט אַלע ביכער, וואָס מען האָט געלייענט אין דער יוגנט), געוואָלט געפינען אַ שליסל צו דער אייגנאַרטיקער פּסיכישער דערשיינונג, וואָס האָט געהייסן אַרציבאַשעוו. לכתחילה — אַ פאַרווּנדערונג. דאָס איז סאַנין? אָט די אומשול־דיקע, איך וואָלט שיער נישט געזאָגט — קינדערגאָרטנדיקע דערציי־לונג פון אַ סטודענט, וואָס האָט פאַרפירט אַ מיידל, די כלה פון זיין פריינט; פאַרפירט נישט דערפאַר, וואָס ער האָט „זי ליב גע־האַט״ און געוואָלט חתונה האָבן מיט איר, נאָר ליב געהאַט אויף זיין אופן, ווי אַ מאַן אַ פרוי, נישט טראַכטנדיק וועגן מאָרגן, אָן ראָ־מאַנטישע פראַזן און אָן באַלעבאַטישע פּלענער. אָט דאָס איז דער „שרעקלעכער״, דער געפערלעכער סאַנין?

וואָס פאַר אַ דור פון נעוורואַסטעניקער און פון היסטעריקער האָבן מיר געמוזט זיין, ווען דאָס האָט אויף אונדז געקאָנט אַזוי ווירקן! וואָס פאַר אַ מערקווירדיקע יוגנט איז דאָס געווען, ווען אַזאַ נאַרישע, הויך־פראַזיקע, אומקינסטלערישע געשיכטע האָט געקאָנט אַרויסרופן אַ שטורעם! ווי עראָטיש האָט געמוזט זיין די פאַנטאַזיע פון דער יוגנט און ווי אויסגעהונגערט איז זי געווען פון דער פאַר־גלעטנדיקער, אומאויפריכטיקער, אָפּנאַרערישער „רעאַליסטישער״ ליטע־ראַטור פון דער „קלאַסישער״ צייט!

אָך, יאָ, איז דאָך געווען אַ צייט, צום ווייניקסטן, אין רוסלאַנד, ווען אַ יונג מיידל האָט גאָרנישט געטאָרט וויסן, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ באַשעפעניש, ווי אַ מאַנסביל! עס איז געווען די צייט, ווען מען האָט געלעבט אין אַ וועלט פון אילוזיעס און פראַזן. ליבע — האָט געמיינט די ליבע פון ראָמעאָ און דזשוליעטע, די ליבע פון נאַטאַשאַ ראָסטאָוו, אָדער פון טאַטיאַנאַ. זי האָט געמוזט זיין אַ ווייסע בלום, נישט ווייניקער. איר געדענקט דאָך, ווי מען פלעגט זינגען אין די זומערנעכט, גייענדיק איבער די גאָרטנס און פּאַרקן און אויף די לבנה־באַשיינטע אַלעען: „דו בליסט ווי אַ שנייווייסע

בלום. די זון שיקט איר גרוס — ווענען וועסטו שענקען דיין צאַרטן קוש", א. אז. וו. גוטע יאָרן, שיינע יאָרן, יוגנטיאָרן! אָבער זענען זיך די פּאָרלעך צעגאַנגען, זענען די יונגעלייט געבליבן צווישן זיך און די מיידלעך באַזונדער. די גאַנצע אידיליע, די רות-און בועז-זיסקייט האָט זיך געביטן. און עס איז געקומען — ווער האָט עס נישט באַשריבן? טשעכאָוו איז זיין באַרימטער דערציילונג „פּרי-פּאַדאָק", קופּרין, גאָרקי — אַלע. און יעדער האָט דערפון געוווסט, און אַלע האָבן זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. „זי" האָט עס געהאַלטן פאַר איר חוב צו שטעלן „אים" פאַר אָדער נאָך דעם ערשטן קוש די סטערעאָטיפּנע פראַגע: „זאָג מיר, וואָלאָדיע אָדער סאַשאַ, זאָג מיר: ביזטו ריין?" זי איז דערביי רויט געוואָרן, און טרערן האָבן געצווגען פון די אויגן; ער האָט געציטערט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און — אָדער געזאָגט אַ ליגן, אָדער זיך „מודה" געווען, און זיך געשלאָגן על חטא, און זיך אָנגערופן נעמען: איך בין אַ נידערי-קער, אַ געמיינער, אַ מיאוסער תאווהניק. און זי האָט געוויינט — זי קאָן אים נישט מוחל זיין; זי וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, זי וועט — ביז זי האָט זיך איבערגעבעטן, מוחל געווען, און דער-נאָך האָבן זיי ביידע פאַרגעסן און געוואָרן — ווי אלע מענטשן — ווייטער געזינדיקט. ער, ווי ער האָט נאָר געקענט — און צוגעזינדיקט, און זי, אויב עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

אָבער די הקדמה האָט געמוזט זיין. דער נוסח האָט עס גע-פאָדערט.

און אַ צייט איז עס דאָך געווען, ווען די ליטעראַרישע שפּראַך האָט אויסגעמידן יעדעס וואָרט, וואָס האָט, חלילה, געקאָנט דערמאָנען אָן אַווירקלעכקייט, ווו אפילו די פויערים אין דאָרף האָבן גערעדט אין אַן אייגענעם ליטעראַטור-קינסטלעכן דיאלעקט. און אַ צייט איז עס געווען, ווען די פּראָסטיטוטקע איז געווען אַ „הייליקע", סאָניאַ מאַרמעלאַדאָוואַ — נישט אַנדערש.

און מען האָט שטילערהייט געשלונגען נאַנאַס רעאַליזם — און געסליונעט דערביי.

קומט אַ יונגערמאַן, אַ מענטש מיט אַ מערקווירדיקן נאָמען, עפּעס אַזוי האַמעטנע, אַזוי מעלאַנכאָליש שווער — טאָטעריש נאָך דעם קלאַנג — אָן אַ פּיזיאָנאָמיע נאָך דער שפּראַך, נאָך דעם סטיל און דעקט אויף אויף אַ ווייל דעם פאָרהאַנג; קומט אַרציבאַשעוו און

באשאפט אַ מענטשן, וואָס האָט געטאָן דאָס, וואָס אומצייליקע פאַר אים האָבן געטאָן. אָבער באַרימט זיך דערמיט און באַפּוצט עס מיט ווערטער.

ארציבאַשעוו האָט אין דער יוגנט איבערגעלייענט מאַקס שטירנערס ביכל: „דער איינציקער און זיין אייגנטום”, אַ בוך פון אַ גאַיוון אָפּטימיסט, אַ בוך פון אַ מענטשן, וואָס האָט נישט פארשטאַנען דעם גרונטפּרינציפּ פון דעם לעבן, דעם פּרינציפּ פון דער „נישט איך'הייט”. ער, דער דייטשער גימנאַזיאַל־פּראָפעסאָר, קאַספּאַר שמיט, האָט באמת געגלויבט, אַז עס איז פאראן אַ פריי איך, אַז מען קאָן שטיין אויף „גאָרנישט”, און אַז די אַלע מאָראַלן און גלויבנס־עיקרים אין סאָציאַלע צאַמען זענען געקינסטלטע און דערפאַר שעדלעכע. מע דאַרף זיי בלויז אַראָפּרייסן, און דער מענטש איז פריי — און, אַי, ווי גוט עס וועט זיין אין דער וועלט.

און ער האָט גאָרנישט געוווסט, דער ביכערמענטש, אַז דער מענטש איז נישט, קאָן נישט זיין פריי, אַז קיינער איז קיינמאָל נישט געווען פריי, אַז רוסאָ האָט זיך געשאַפן אַ כימערע, אַז דער מענטש איז נישט מער ווי אַ כלי, וואָס וויל אָנגעפילט ווערן; אַ שפּיגל, וואָס שטראַלט־אָפּ — אַז דער „איך” איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע. און אויב ער האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען, אָט דער מיטליעריקער דייטשער געלערנטער מיט די ברילן — טאָ פונוואַנען זאָל דאָס האָבן פאַרשטאַנען דער יונגער, האַלב־געבילדעטער כמעט־מאָלער, האַלב־טאָטער און האַלב־פּאָליאַק מיכאַיל ארציבאַשעוו?

ער האָט געגלויבט שטירנערן און אָנגעשריבן אויף זיין בוך אַ בעלעטריסטישן פּירוש און אויסגעמאָלט אָט דעם „איינציקן און זיין אייגנטום”, דעם סטודענט סאַנין, וואָס לייקנט די אָנגענומענע מאָראַל.

עס איז דאָך אַ מערקווירדיקע זאַך. עס זענען דאָך פאַר סאַנינען אויך געווען סאַנינס — און שטאַרקערע, און גרעסערע, און אמתערע. געווען — דאָן זשואַן, געווען קאַזאַנאָוואַ, געווען באַזאַראָוו, געווען בייראָנס טשאַילד האַראָלד און לערמאָנטאָווס פּעטשאָרין. האָט באמת אונדזער דעמאָלטיקע יוגנט באַדאַרפט וואַרטן אויף אַ שלעכטן ראָמאַן, כדי צו דערגיין צו אַזעלכע פשוטע אמתן? פאַרוואָס האָט סאַנין אַזוי געווירקט?

איך גלויב גאָרנישט, אַז ער האָט געווירקט. עס איז די שולד פון דער מיטלמעסיקער, איינזייטיקער און מאָראַליזירנדיקער רוסישער

קריטיק. זי האָט עס סאַניבעץ דערהייבן צו דער דאָן-זשואַן-מדרגה. זי האָט עס אָנגעהייבן צו שרייען קאַראַול, ווייל זי האָט נישט געהאַט נישט דעם מוט און נישט די דרייסטקייט צו קוקן דעם לעבן אין דעם פנים אריין און צו זען, וואָס עס איז און נישט בלויז וואָס עס וואָלט באַדאַרפט זיין.

די רוסישע קריטיק האָט מיט איר כעס, מיט אירע טענות צו אַרציבאַשעוון געמאַכט פון אים כמעט אַ קולטור-סימבאָל. ער האָט עס, נעבעך, נישט פאַרדינט. ער איז גאָרנישט שולדיק געווען. אַ חוץ אפשר אין דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ קליינינקן טאַלענט און אַזוי ווייניק שכל.

איך לייען איין דערציילונג נאָך דער צווייטער. אָט, למשל, זיין צווייטן „באַרימטן" בוך: „ביי דער לעצטער גרענעץ" (או פּאָסלעדנעי טשערטי). פילאָזאָפיע פון יאוש, פון זעלבסטמאָרד. „נאַומאָווטשינאַ" רופט ער זי אָן, נאָך דעם הויפּטהעלד פון דער דערציילונג, נאומאָוו. אָדער די דערציילונג „דער טויט פון לאַנדע", די געשיכטע פון אַ גוטן, אַ האַרציקן מענטשן, וואָס קאָן נישט לעבן אָן גלויבן אין מענטשן, און שטאַרבט אַזוי נאַריש, אַזוי אידיאָטיש, צופעליק, אויף דעם [illegible] צו אַ קראַנקן, פאַרצווייפלטן פריינט, וואָס האַלט ביים שטאַרבן. איין דערציילונג נאָך דער צווייטער, איין דראַמע נאָך דער אַנדערער. אָט איז זיין אַזוי באַליבטע דראַמע „אייפערזוכט", אָדער „מלחמה", אָדער „די ווילדע" — תמיד איין מאָטיוו: אַ וועלט פון ליגן, פון תאווה, אַ ווילדע וועלט, אַ לעבן אָן אַ ציל, און איין ענטפער: טויט.

אפשר איז דאָס אַזוי. איך ווייס נישט. קיינער ווייסט נישט. וואָס מען זאָל נישט זאָגן וועגן דער „וועלט" — עס איז אמת, און ווי מען וויל דאָס לעבן — אַזוי איז עס. אַלע שטאַנדפּונקטן זענען ריכטיק, אַלע זענען פאַלש, ווייל, ווייל — וואָס איז דאָ צו רעדן — נאָר אַ קינד, נאָר אַ נאַר גלויבט, אַז ער פאַרשטייט, וואָס דאָס איז, צי וואָס דאָס איז.

אַלעקסאַנדער מוקדון איז טאַקע געווען גרויס, אָבער צו וואָס דאַרף מען ברעכן די בענקלעך? איז די וועלט ווילד, שלעכט, אַ טעות, אַ צופאַל, וואָס איר ווילט — נו, וואָס-זשע דאַרף מען אַזוי ליאַרמען? גלייך ווי מיר קאָנען זי איבערמאַכן! גלייך ווי מיר זענען עפּעס מער, ווי אַ כוואַליע צווישן כוואַליעס! טראַכט, מי

זיך צו פאַרשטיין, קנייטש דעם שטערן, ברעך זיך דעם מוח, — עס איז נוצלעך, עס איז גוט, עס גיט אַ זין אין לעבן — אָבער מאַך נישט קיין געוואַלט! און פּאַך נישט מיט דעם רעוואָלווער!

איך ווייס נישט, צי די ראַסנטעאָריע איז אַ ריכטיקע, צי אַ פאַלשע; אָבער עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז נישט אומזיסט האָט אין אַרציבאַשעוון געדונען טאָטעריש-פּויליש בלוט (ער איז געווען, ווי ער זאָגט, אַן אייניקל פון קאָשטשושקאָ). אָט דאָס אייביקע מעסער-וואַרפן, וואַרגן, האַרגענען — אַלע העלדן ביי אים האַרגענען זיך אָדער אַנדערע, און אַלץ צוליב יאוש און וועלטשמערץ. דאָס איז טאָטעריש, דאָס איז שלאַכציצן-שטיפעריי.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ מעשה, וואָס איך האָב געלייענט ביי דעם באַקאַנטן רוסישן שרייבער א. פיאָדאָראָוו: „די סטעפּ רופט". אַן אַדוואָקאַט אין איינער פון די גרויסע רוסישע שטעט האט געהאַט אַ שיינע פרוי. ער אַליין האט געשטאַמט פון באַשקירן, אָדער קירגיזן, אָבער ער איז געווען דורך און דורך אַסימילירט — אין דעם צווייטן, אָדער דריטן דור, אַ רוסישער אינטעליגענט, כמעט אַן אייראָפּעער. אָבער דאָס ווייב אַנטלויפט מיט אַן אַנדערן, און מיטאַמאָל פאַלט די גאַנצע קולטור אַראָפּ פון דעם רוסישן אינטעליגענט. ער וואַרפט פון זיך אַוועק די שטאָט און די אינטעליגענטקייט, גייט אַוועק צוריק אין סטעפּ און ווערט אַ באַשקיר, אָדער אַ קירגיז, ווי זיינע זיידעס זענען עס געווען.

מיר דאַכט, אַז ביי אַרציבאַשעוון רופט אויך תמיד די סטעפּ. עס איז אים ענג געווען אין דער שיער נישט אייראָפּעישער קולטור-וועלט. עס האָט אים געצויגן אין אין דער ווייטקייט. ער האָט פיינט געהאַט דאָס לעבן, ווייל ער האָט פיינט געהאַט געזעלשאַפט. ער האָט געהאַט דעם נאָמאַד אין בלוט, און דערפאַר גייט סאַנין אַוועק אין דער סטעפּ אַריין, אָן אַ ציל און ווערט פאַרפאַלן. און דערפאַר גייט נאַומאָוו, גייט דער סטודענט טשיזש (אין דעם „או פּאָסלעדנעי טשערטי") אַוועק אינגאַנצן פון דעם לעבן, ווייל זיי מוזן ערגעץ גיין און ווייסן נישט וווהין.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך דערוואַרט, אַז אַרציבאַשעוו זאָל ווערן דער שריפטשטעלער פון און פאַר דער באָלשעוויסטישער רוס-לאַנד. פאַרוואָס אויך נישט? זיי פירן דאָך אויס, וואָס אַרציבאַשעוו האָט געוואָלט, וואָס שטירנער האָט געפּרעדיקט: מאַכט — ווער

עס איז שטאַרק, זיגט — אָן נאָרמען, סטענקאַ=ראַזינטום, וואָס נאָך?

אָבער דאָ איז געווען אַרציבאַשעווס דורכפאַל. ער איז געווען צו ווייניק קינסטלער, און זיין אינטעלעקט איז געווען צו קנאַפּ אַנט-וויקלט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געוואָלט; ער האָט נישט דערפילט דעם אמתן זין פון דער רוסישער רעוואָלוציע. און ער האָט געוואָלט זיך „אויספּיינען", אויך ווערן אַ גוטער און פיי-נער און בירגערלעכער מענטש — מיט אַלע גלייך; ער האָט זיך, דער אָרעמער, געוואָלט כאָטש אויף אַזא אופן אריינרייסן צו די „הוי-כע", צו די „פּאַרנאַסיער", צו בונין און זאַיצעוו און די איבעריקע „אָנערקענטע".

דער אָרעמער אַרציבאַשעוו!

# פיאָדאָר סאָלאָגוב.

דערלעבט זיך — געשטאָרבן... דערלעבט דעם טויט.

לאַנגע יאָרן געוואַרט אויף אים; באַזונגען, גערופן, געחנפעט זיך צו אים — יאָרן נאָכאַנאַנד; כמעט פון דעם ערשטן טאָג, ווען ער האָט זיך אַנטפּלעקט — פאַר אַ דיכטער.

אַ מענטש — פון פאַרקערט. געוויינלעך האָבן מענטשן ליב דאָס לעבן, גארן נאָך אים, דאָרשטן נאָך יעדן טראָפּן, וואָס פאַלט אַריין אין זייער כוס און האָבן מורא, טאָמער וועט עס נישט קלעקן, אפשר וועט דער כוס ווערן ליידיק. געוויינלעך האָבן מיר אַלע מורא פאַר דעם לעצטן, דעם אומבאַקאַנטן, דעם טונקעלן, פאַר אונדז רינגע־לעך און האַטשעקלעך אָן אַ שיער און אָן אַ צאָל. מיר אויך — יעדער פון אונדז אַ רינגעלע, אַ קליינס, אַ קיילעכדיקס, ערגעץ ווו פאַרקייט׳ט, מיט עפּעס וואָס באַהעפט.

אָדער — אַ האַטשיקל, ערגעץ ווו פאַרבויגן, צו עפּעס צוגע־קרומט.

רינגלעך זענען אַראָפּגעפאַלן, האַטשיקלעך זיך אַראָפּגעגליטשט, זיך פאַרלוירן. און מיר ווייסן — באַלד אויך מיר, באַלד.

ווייסן און שרעקן זיך און יאָגן פון זיך דעם געדאַנק.

„איך האָב קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן טויט״, זאָגט גאָרקי וועגן זיך אין זיין „ווידוי״.

וועגן וואָס זשע האָט ער זיין גאַנצן לעבן געטראַכט? פון וואָס קאָן אַ מענטשן טראַכטן, אויב נישט פון „דעם״? איז עס טאַ־קע אַזוי ווכטיק, ווער עס וועט הערשן די פּאָר יאָר, ווער עס וועט האָבן די מאכט, אָדער צי נאָך עטלעכע מענטשן וועלן האָבן רייגע געלעגערס און פרישע האַנטוכער יעדן פרימאָרגן און אז עס זאָל

יעדן זיין גלייך וואָרעם אין די ברענענדיקע פּרעסט? ריכטיק, עס דאַרף אַזוי זיין — עס איז נייטיק. און מען מוז דערפון טראַכטן ביי דער טעגלעכער אַרבעט.

אָבער ביינאַכט? מיט זיך אַליין? פאַר זיין אייגענעם שטומען עדות?

און אָט די שטילע, נאָגנדיקע, די פּחד־געדאַנקען — עך, וואָס געדאַנקען? מער ווי געדאַנקען, מער ווי ווערטער נישט־אַרויסגעזאָגטע, מער ווי געפילן, נאָך אַ וועלט פון בילדער, וואָס שווימען פאַר דיינע אויגן, שווימען אויף טונקעלן וואַסער צווישן רויכיקע ברעג־קאָנטורן — שווימען און פאַרשווימען. שוואַרץ, אַ מיטה, מענטשן איילן זיך, טראָגן; איינער רוט, ליגט אויסגעצויגן — דערנאָך טיף — ערד — אַליין — און ווייטער — און שפּעטער — נישטאָ קיין דערנאָך, נישט פאַראַן קיין שפּעטער.

און אָט דער מאָמענט, ווען עס איז נישט מער פאַראַן קיין „דערנאָך" — ווי קאָן מען לעבן און נישט טראַכטן דערפון? ביינאַכט, ווען מען איז אַליין, און דערנאָך ביי טאָג, ווען מען דערפילט די אַליין־פאַרמשפּטקייט?

ווי קאָן מען לעבן און נישט טראַכטן, און נישט גאָרן נאָך „דעם" — פאַרוואָס רופט מען אים „סוף", פאַרוואָס — „טויט"? און נישט — ווייס איך — „ניי", אָדער „אַנדערש", אָדער "נאָכאַמאָל"?

לעבן מענטשן און שרעקן זיך, און אַנטלויפן פון דעם געדאַנק, ווי דער פויגל־שטרויס, וואָס פאַרדעקט זיין קאָפּ אין זאַמד, אין דעם רינענדיקן זאַמד פון דער צייט. און רינט דער זאַמד אויס, בלייבט אַ נאַקעטער שאַרבן.

בלויז רעליגיעזע מענטשן האָבן ליב צו טראַכטן פון טויט. און דערפאַר האָב איך ליב רעליגיעזע מענטשן.

בלויז רעליגיעזע מענטשן זענען נייגעריק, קוקן אַריין אין די „שפּעלטעלעך", און דערפאַר זענען רעליגיעזע מענטשן פּאָעטן, אָדער פּאָעטן — רעליגיעזע מענטשן. ווייל דאָס איז דאָס איינציקע אין רעליגיע, וואָס גיט איר פאָרם און אינהאַלט און אייביקן זין: זי איז די פאַרטייטשונג פון דעם טויט, זי איז די הקדמה צו אים.

און דאָס איז — פאַר מיר — אַ פּרוּוושטיין: שפּילט דער טויט־מאָטיוו אַריין אין אַ לעבנסגעזאַנג, איז דאָס פּאָעזיע; נישט — נישט.

און דערפאַר איז פאַר מיר תמיד געווען פיאָדאָר סאָלאָגוב מיט אַלע זיינע משוגעתן און שטיפערייען, מיט אַלע זיינע געמאַטערטקייטן און וואָרס־געפּוצטקייטן, מיט אַלע זיינע נאַרישקייטן און אָנשטעלן — פאָרט אַן עכטער און א גרויסער פּאָעט; איינער פון די ריינסטע און מעלאָדישסטע, וואָס רוסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן און איינער פון די טיפסטע אין אונדזער צייט.

גייט זיך אַרום אויף דער ערד אַ קליינער, אַ קיילעכיק־פּליי־ציקער, אַ גרויינקער, אַ גרויס־פּליכיקער, בויכיקער, גלאַט־פּנימדיקער, א פרוי־פּנימדיקער — גייט זיך ארום אַ לערער אין אַ גימנאַזיע מיט דעם נאָמען טעטערניקאָוו.

איינער פון הונדערט פּופּציק מיליאָנען רוסן. איינער פון הונדערטער און טויזנטער מיליאָנען אויף דער ערד פון גרויע און איינגעבויגענע און ערד־צוגעבויגענע מענטשן. שטאַמט פון רוסישע סוחרים אין אַ קליין רוסיש שטעטל.

אויף א גרויער קופּע מיסט
ביי א פאַרשטויבן פּלויט,
אויף א גאַס א וויסטער —
— — — — — — —
יף אַש־באַדעקטער ערד,
אַן ליכטיק־קלאָרע בילדער,
האָט אָן פרייד און פול מיט מאַטער
מיין טאַלאַנט אין מיר געבליט.

סאָלאָגוב־טעטערניקאָוו האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן זיין יוגנט, זיין שטעטל, דעם גרויען מיסט און דעם פאַרשטויבטן פּלויט. אומעטום, אין יעדער דערציילונג, אין יעדן געדיכט, קומט דער מאָטיוו צוריק. „אַ וועלט פון טרייסלענדיקע אילוזיעס״. „אַלצדינג איז געווען שאָטנדיק, פאַרגייענדיק — עס זענען געגאַנגען און האָבן געקלאַפּט מיט די שטיוול אויף די שטיינערנע שאָסעען צופּעליקע, איבעריקע, העסלעכע מענטשן״. און ווידער, אויפסניי, קערט ער זיך אום צו דעם מאָטיוו: העסלעך איז דאָס לעבן, דיווירקלעכקייט, העסלעך איז דער מענטש.

אונטערגיין, דערטרונקען ווערן אין דעם זומפּ, אָדער זיך באַפרייען, זיך ראַטעווען, ווי אַזוי?

און סאָלאָגוב טוט דאָס, וואָס יעדער זיך טרינקענדיקער טוט: ער כאַפּט זיך אָן אָן אַ שטרוי. ער רופט זיך אָן: איבערוועלטלעכ־קייט, שיינקייט פון ווייטקייט, דעם שטערן „אָילע" — טראַכט צו בעמען, שפּילט זיך מיט ווערטער, מיט פאַנטאַזיעס, און ווייסט, אַז דאָס איז שפּיל, און עס ציטערט אין אים ווייטער די בענקשאַפט און דער יאוש.

„איך שטיי אין אַ קרייז פון כּישוף" — זאָגט סאָלאָגוב פון זיך אין אַ ליד, און ווייסט, אַז דאָס איז אַלץ נאַרישקייט, אַז עס איז נישטאָ קיין קרייז און קיין כּישוף, אַז עס איז פאַראַן בלויז אַ וועלט פון „טרייסלענדיקע אילוזיעס".

סאָלאָגוב ווערט — וואָס מען רופט אָן אַזוי באַנאַל אין די ליטעראַטור־קרייזן — אַ „דעקאַדענט". נאָר די „ליטעראַטור־קריטיקער" ווייסן דאָך אַזוי גענוי, וואָס איז נאָרמאַל און וואָס נישט, וואָס איז געזונט און וואָס איז „קראַנק", „נפילהדיק"־דעקאַדענט.

פאַר זיי איז אַלצדינג אַזוי קלאָר! וואָס פאַר אַ וווּנדער? וואָלטן זיי דען געקאָנט זיין קריטיקער, ווען זיי וואָלטן נישט געהאַט אפילו אַ ניצוץ פון אַ פונק פון אַ פּאָעט?

גלייך ווי זיי ווייסן נישט, אַז אויב פּאָעזיע איז בכלל עפּעס, איז דאָס טאַקע דאָס „נישט־נאָרמאַלע", דאָס, וואָס ציטערט און האָט מורא פאַר דעם טאָג, דאָס, וואָס לאָזט זיך נישט אויסשעפּן, בלויז אָנדייטן. אָט גייט, דאָס איז עס, איך זע עס, ווייס נישט, וואָס דאָס איז — און סאָלאָגוב שרעקט די געגנדז און די גאַנערס אויף צו להכעיס, אָדער אויף וואָר־נאַריש. ער שרייבט עראָטישע דערציילונ־גען, מיט סאַדיסטישע מאָטיוון. שרייבט פון „בלייכע יינגעלעך", פון כּישוף", פון „סודות", און שרייבט דאָס אין אַ שפּראַך, וואָס איז האַלב־אומפאַרשטענדלעך.

ער שפּיקעוועט אָן זיינע דערציילונגען און אָפּט זיינע לידער מיט אויסדרוקן, וואָס געפינען זיך בלויז אין ספּעציעלע ווערטערביכער. און ווידער זענען די קריטיקער און די לעזער ברוגז, בפרט די אינ־טעליגענץ און נאָכמער די ליבעראַלן, און גאָר שטאַרק — די סאָציאַ־ליסטן. זיי קאָנען אים נישט מוחל זיין, די גוטע און די ריינע און די הייליקע מאַרקסיסטן, וואָס סאָלאָגוב „שרעקט איבער", וואָס ער „פאַרפירט", וואָס ער דערוועקט „שלעכטע אינסטינקטן".

מאָלט אייך אויס — ער דערציילט, ווי אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע

„טוערין" קומט צו א פּאַרטיי־רער — טריראָדאָוו — זיך איבערצו־רעדן מיט אים וועגן פּאַרטיי־ענינים. און דערנאָך, קוים האָט זיך דער ערנסטער שמועס פאַרענדיקט, זאָגט זי צו אים: „געאָרגי סער־גייוויטש, איר וועט מיר אָנטאָן פאַרגעניגן", און דער „טאָוואַרישטש" טריראָדאָוו טוט איר א טובה. זי וויל אָבער מער און מער, — זי וויל, זי דאַרשט — „ליגן אויף דער ערד אַ נאַקעטע, אַ געבונדענע און איר קערפּער זאָל געשלאָגן ווערן ביז נישט דעם איבערטראָגן, און זי זאָל שרייען פון שרעקלעכן, פון תאוותדיקן ווייטיק".

נאַטירלעך, עס איז נישט נאַטירלעך; אוודאי, עס איז פּאַטאָ־לאָגיש.

קראַפּט־עבינג האָט עס שוין פון לאַנג באַשריבן זייער גענוי, אַלס קלינישע פאַלן. אָבער עס איז דאָך פאַראַן. און אויך אַ פאָרם פון עקסטאַז, אַ ווילדע, באַרבאַרישע, פּרימיטיווע, קראַנקע, — אָבער זי איז מעגלעך, זי איז פאַראַן.

און וואָס איז דאָס, אויב נישט דער ווילדער פאַרלאַנג פון פון דעם מענטשן צו אַנטלויפן פון דער גרויער טאָגטעגלעכקייט, אַראָפּלאָזן זיך אין תהומות, כדי צו דערהייבן זיך ערגעץ הויך — ער ווייסט אַליין נישט ווו. דאָס איז דאָך די טאַקטיק פון דעם מענטשן: ער ווייסט, ווי מען קאָן „פאַלן" און ווי צו דערהייבן זיך — ווייסט ער נישט.

פאַלן — איז אויך אַרויספאַלן פון דער קייט, פון דער ליניע, איז אַ מין באַפרייונג, אָדער, ריכטיקער — אַ וועג צו באַפרייונג. אָבער ער פאַלט און קען זיך נישט דערהייבן און בלייבט נאָך עלנטער, ווי פריער.

פרייהייט — פון אַלעמען, פון אַלצדינג, פון זיך, פון דער וועלט, פון דעם קרייז: ווידער און ווידער זיפצט און שרייט און בעט סאָלאָגוב.

נאַקעטקייט פון דעם גוף — דער איינציקער פּאָעט, וואָס האָט אַזוי — כמעט ציניש — באַזונגען די נאַקעטקייט, ביז צום פּאַטאָ־לאָגישן. נאַקעטקייט פון דעם גוף, אַ באַפרייונג פון אַלעמען, וואָס פאַרדעקט, וואָס דערווייטערט. וואָס שטייט ווי אַ פאַרקאָן צווישן דעם מענטשן און דער לעצטער, ציטערנדיקער, ברענענדיקער, אָדער רוענדיקער און שטילער, פאַרשטילנדיקער ממשות.

צוערשט נאַקעטקייט פון דעם גוף, און דערנאָך אַ ווייטערע

באַקעטקייט, — אַ וועלט אָן אַ גוף, פאַרשמאָלצן אַלצדינג, צונויפגעגאָסן, נישטאָ קיין „איך", נישטאָ קיין „דו" — גאָרנישט, די וועלט פון ניין.

עס קאָן זיין, עס איז אַ שרעקלעכע וועלט-פאַרשטעלונג, וועלט-איינשטעלונג.

נאָר דער, וואָס האָט ליב דאָס לעבן מיט ליידנשאַפטלעכקייט, קאָן עס אויך פיינט האָבן. און דאָס איז ווידעראַמאָל די שווערסטע מדרגה פון רעליגיעזיטעט, די איובשע. פאַרשעלט — ווייל ער וויל בענטשן.

סאָלאָגוב האָסט ליידן, האָט מורא פאַר אים, און בפרט דעם ליידער פון דעם גרויען טראָט-נאָך-טראָטיקן וואָכנטאָג. ער וויל וואַכן טאָג און וואַכן נאַכט, אָנגעשפּאַנט אַלע נערוון, ווי סטרונעס, ביז זיי פּלאַצן. ער האָט פיינט דעם „דריבנעם שד" אין דעם מענטשן. און ער מאָלט אויס אין איינעם פון די שטאַרקסטע ראָמאַנען, וואָס די רוסישע ליטעראַטור פאַרמאָגט, — אין דעם „מעלקי ביעס" — דעם „דריבנעם שד", אַזא טיפּ, דעם באַרימטן פּערעדאָנאָוו, פול מיט פּחד, אַ טרייסלענדיקער, אַן איינגעבויגענער, אָן מוט, אָן כאַראַקטער, אָן אימפּעט, אָבער מיט קליינע תאוותלעך; אַ קליינער וואָרעם, וואָס נאָגט און גראָבט זיך אין דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם. אַ רוסישער, עכט-רוסישער טיפּ. טונקעלע, אומבאַפרידיקטע אינסטינקטן; ווידערשפּרוך צווישן דער קולטור, וואָס מען האָט אים אָנגעבונדן אָן דעם געגירשנטן „תּוך".

פּערעדאָנאָוו — אַ לייבלעכער ברודער פון פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, בלויז מאָדערנער, נאָר אָן פּאַטאָס, פּעסימיסטישער, מיט אַן ענגן פּאַרנעם, אָבער אַ טיפּ, וואָס לעבט און בלייבט.

און סאָלאָגוב פילט אין זיך אַליין און אין זיין סביבה דעם פּערעדאָנאָוו-וואָרעם. און עס נאָגט אין אים. און ער בעט נאָך באַפרייונג.

„וואָס איז דער געשמאַק פון דעם לעבן?" — פרעגט איינער ביי זיין געליבטער אין סאָלאָגובס ראָמאַן „שווערע חלומות". און זי ענטפערט: „מיר דאַכט זיך — אַ נודנער".

„און וואָס איז די פאַרב פון דעם לעבן?" — „גרין און געל, — „דאָס הייסט פון האָפענונג און פאַראַכטונג?" — „ניין, פּשוט, פון אומצייטיקייט און פון וויאַנען".

אַזוי אַ גאַנץ לעבן. ער האָט געזוכט — אין פאַנטאַסטישע ווערטער, אין פוסטע חלומות — צו אַנטלויפן, צו אַנטרינען, זיך צו באַפרייען פון דעם אייביקן קרייז. און האָט זיך אָפט געפרעגט: אפשר איז אָט דער פעסימיזם אויך בלויז אַ שפּיל און אַ מליצה?

אַלצדינג, וואָס אַרומיק, ווייס איך —
איז בלויז אַ מיסטישער קרייז,
אָדער פאַרשליס איך אַליין זיך
אין אַ שטורמיק־טונקעלן אייז?

ער פרעגט אין איינעם פון זיינע לידער פון דער שטורעמצייט (אין דער זאַמלונג „תּיר־וּיכן", 1918):

ליבן, צו וואָס? די ערד איז נישט ווערט
קיין ליבע פון דיר;
שווער גיכער אַוועק ווי אַ שטערן־שפּריצל —
אַוועק פון איר.

און אַזוי ליד נאָך ליד, תּפילה נאָך תּפילה. ווארים תּפילות זענען זיינע לידער. און אַלע לידער זענען נאָר לידער, ווען זיי זענען תּפילותדיק.

אָבער תּפילות פון איינעם, וואָס גלויבט נישט, וואָס קאָן נישט גלויבן אין גאָרנישט; תּפילות פון אַן איינזאַמען — אויף דער ערד און — ווו? ווו נאָך, ווו וואַרט אויף אונדז אַ ווייטערע איינזאַמקייט?

און ער זינגט אַ ליד אַ ווידוי, אַ ליד אַ צוואה:

איך האָב פאַרזוכט אַלע ביטערנישן פון דעם לעבן,
אַ סך געזען אויף דעם שטח ערד;
מיט שווערער מי מיין גוף דערנעהרט
און פרייד געהאַט, און ווי איז מיר געגעבן.
און אויף דער ליבער אויסגעפּרוּווטער ערד
האַלט מיך שוין איצט נישט קיין שום ווערט.

און ער טראַכט — באַלד קומט דער טויט. און ער קומט צו די טויערן פון דעם גן־עדן. און מען וועט אים דאָרט פרעגן (אַפּאָסטעל פּיאָטער מיט דעם אייזערנעם שטעקן): וואָס האָסטו געטאָן? און

ער וועט ענטפערן: פיל געזינדיקט האָב איך — פאַרנאַרט, פאַרפירט, אין ראָמאַנען און לידער, אָבער איך בין אַ פּאָעט, און דער, וואָס היט די טויערן, וועט שמייכלען:

די ערד איז געווען אַ טורמע פאַר מיר,
אָבער איך האָב נישט אומזיסט געלעבט אויף איר.

און רו וועט קומען איבער דעם אָרעמען פּאָעט.

די רו איז געקומען. אַ גאַנץ לעבן געחלומט פון דעם טויט, וואָס רייניקט און דערלייזט. און ער איז געקומען צו פיאָדאָר קוז־מיטש טעטערניקאָוו, דעם קיילעכדיק־פּלייציקן, אַלטינקן, פליכיקן, דעם מאַן מיט דעם „דריבנעם שד", וואָס האָט זיך „געפּלאָנטערט ביי אים צווישן די פיס".

און סאָלאָגוב האָט באַזיגט פּערעדאָנאָוון — זיין פּראָגע איז גע־לייזט. אפשר איז ער איצט נישט מער אזוי איינזאַם. אפשר.

# וולאַדיסלאַוו רײמאָנט.

פאַרוואָס האָט פוילן נישט באַצאָלט אויפן וועקסל? זי, די איינציקע פון אַלע? די טשעכן האָבן נישט אָנגעזעצט. וואָס זיי האָבן צוגעזאָגט, האָבן זיי געהאַלטן. ווייניק צוגעזאָגט — און מער געצאָלט. וואָס זענען געווען די טשעכן פאַר דער באַפרייונג? א פאָלק אָן גרויסע פּרעטענזיעס. זיי זענען נישט אַרומגעפאָרן אין דער וועלט און געשפּילט הויכע טראַגעדיע. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיצקעוויטש און קיין סלאָוואַצקי און קיין טאָוויאַנסקי — קיין „משיח"־עלעגיקער און אויסלייזונגס־נביאים. אָן א ברעקל ראָמאַנטיק, אָן הויכע און שיין־קלינגענדיקע פראַזן איז זיך וואַצלאַוו אָדער בעדזשיך, דער פּשוטער טשעכישער מענטש, דער פּויער אויפן דאָרף, דער אַרבעטער אין שטאָט, נאָכגעגאַנגען זיין אַרבעט — און האָט געלעבט, און האָט געוואַרט, ביז די שעה פון דער באַפרייונג איז געקומען. ביז א פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע האָט אָרגאַניזירט דעם טשעכישן שטאַט, געמאַכט פון אים א מאָדערן לאַנד, מיט מער, אָדער ווייניקער פרייע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס. קליינבירגערלעך, נישט הימלשפּאַלטנדיק — אבער לייטיש, אָבער רויק. זיי לעבן און לאָזן אַנדערע לעבן.

אונגאַרן האָט נישט באַנקראָטירט. ווער האָט ווען עס איז עפּעס דערוואַרט פון די מאַדיאַרן? א פּרימיטיוו פאָלק, א ציגיינערלאַנד א לאַנד פון שוואַרצע וואָנצעס און סעקעלי־גולאַש און דעם ציגיינער־פּרימאַס, וואָס שפּילט דעם „גראַף יאַנאָש" אין אויער אַריין; דאָס לאַנד פון לייכטזין, פון פּעליטאָן און פון מאָנגאָלישע אויגן.

ווער האָט עפּעס דערוואַרט פון רומעניע? א געמישעכץ פון אַלע באַלקאַן־ראַסן. אַרום א פאָלק רוימישע סאָלדאַטן, אַוואַנטורויסטן

פון טראַיאַנס צייטן — אָנגעוואַקסן אַ נאַציע: ציגיינער, גריכן, טערקן, אַלבאַניער, בולגאַרן, קליינרוסן — אַלץ רעשטלעך, אַלץ צוגעשלאָגן פון דעם שוואַרצן ים.

זיי האָבן קיינמאָל נישט געגעבן קיין וועקסל — און קיינער מאָנט נישט בײַ זיי.

אָבער פוילן, דאָס איינציקע לאַנד אין אייראָפּע, וואָס האָט באַשאַפן אַרום זיך אַ לעגענדע, די „ריטערלעכע נאַציע”, דאָס „גע־קרייציקסטע פאָלק”, „די צערטראָגנער פון אייראָפּע” — מיט וואָס פאַר שיינע, ראָמאַנטישע נעמען האָט מען זיי נישט באַשענקט פאַר די לעצטע הונדערט יאָר!

„וויוו לאַ פּאָלאָן!” — פוילן זאָל לעבן! — האָט מען גע־שריגן אין דער פראַנצויזישער קאַמער אין 1830, אין 1848 און אין 1897, בײַ יעדער געלעגנהייט, ווען מען האָט געוואָלט דעמאָנסטרירן פאַר פרייהייט. צו מיצקעוויטשעס לעקציעס אין דער סאָרבאָן איז זיך צונויפגעלאָפן די פראַנצויזישע אינטעליגענץ. און גאַנץ אייראָפּע האָט געזיפצט מיט פוילן און געהאָפט פאַר איר און מיט איר. גע־האָפט אויף איר אויסלייזונג, ווייל דאָס איז נישט געווען בלויז די פּאָליטישע באַפרייונג פון אַ פאָלק — עס איז געווען אַ מאָראַלישע אידעע. ווייל פוילן האָט אַזוי שיין געקענט צוזאָגן, אַזוי שיין גע־רעדט.

און אָט איז געקומען **די שעה**. אייראָפּע האָט געמיינט, אַז פוילן וועט האַלטן וואָרט, פוילן וועט ווערן דער מוסטער־שטאַט. סלאַווישע מעלאַנכאָליע און מערב־אייראָפּעישע פאָרם, שאָפּענס זיס־האַרבסטיקע קראַנקע שיינקייט, בלייכע פּנימער, ריינע הענט, בלויע אויגן מיט אַ נאַסן גלאַנץ — און בכלל ליידן. זיי, וואָס ווייסן, וואָס דאָס מיינט דינען, וואָס דאָס באַטייט זיין דערנידעריקט; זיי, וואָס קענען דעם ביטערן טעם פון אָפּהענגיקייט און פון אונטערטעניקייט — זיי וועלן דאָך זיכער זיין די איידלסטע, די פיינפילנדיקסטע פון אַלע. אַזוי האָט מען געהאָפט. אַזוי האָבן אַלע געגלויבט דער פּוי־לישער אונטערשריפט אויף דעם מאָראַלישן וועקסל, דער אונטער־שריפט פון אירע שריפטשטעלער.

אָבער פוילן איז געקומען און האָט צעריסן דעם וועקסל און פאַרלייקנט די אונטערשריפטן. ווי אַזוי איז דאָס געקומען? מיט וואָס איז וואַיטעק אדער אַנטעק ערגער פון וואַצלאַוו און בעדזשיך?

ער איז נישט ערגער. עס איז אויך גאָרנישט זיין שולד. ער האָט בלויז אַן אַנדער אינטעליגענץ.

די אינטעליגענץ פון פוילן האָט פוילן גרויס געמאַכט. און פוילנס רוין איז איר ליטעראַטור.

עס איז נישטאָ קיין איין ליטעראַטור אין דער וועלט, וואָס זאָל זיין אַזוי לירישׂ, ווי די פוילישע, אַזוי קרום-שפּיגלדיק, אַזוי אָפּנאַרעריש. זי נאַרט אָפּ נישט אַנדערע, נאָר זיך אַליין.

דער היפּוך פון דער רוסישער. דאָרט איז דער אָנהייב און דער סוף — דער אמת, דער ברוטאַלער, דער נאַקעטער. אפילו ווען די רוסישע שרייבער האָבן אידעאַליזירט, האָבן זיי קיינמאָל נישט געשאַנעוועט דעם מענטשן, דעםווירקלעכן. פאַרקערט, וואָס מער זיי האָבן געפאָדערט, אַלץ מער האָבן זיי געלייקנט.

דער פוילישער שרייבער איז געווען פון שטענדיק אָן אַ זעלבסטצופרידענער, אפילו ווען ער איז געווען שוואַרץ-פּעסימיסטיש, ווי די נאַכט אַליין, אפילו ווען ער האָט געשטראָפט און געריסן פאַסן פון זיך און פון אַנדערע — אפילו דעמאָלט איז ער געשטאַנען פאַר דעם שפּיגל און געהאַט הנאה פון זיך: זעט, ווי איך בין הייליק! זעט, ווי טרויעריק און שיין איך בין. און וואָס מער ער האָט זיך דערנידעריקט, אַלץ גרעסער איז געוואָרן זיין שטאָלץ.

זיי האָבן דערהייבן פוילן און דעם פּוילישן מענטשן צו אַ מדרגה, וואָס ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געקאָנט דערגרייכן. זיי האָבן אים אויף שטריק אַרויפגעצויגן צו דעם העכסטן שפּיץ פון דעם באַרג — און האָבן אפילו נישט באַמערקט, אַז זיי האַלטן עס די שטריק און אַז די שטריק רייסן זיך.

און אייראָפּע האָט זי געגלויבט. זיי האָט געגלויבט שענקעוויטשן, ווען ער האָט אידעאַליזירט פוילנס פאַרגאַנגענהייט, ווען ער האָט אויסגעמאָלט אַ ראָמאַנטישן, אַן אויסגעטראַכטן, אַן אָפּנאַרערישן טיפּ, ווי פאַן זאַגלאָבאַ, אָדער פאַן וואָלאָדיאָווסקי, אָדער פון דעם העלד אין דעם ראָמאַן „אָן דאָגמען" — און אייראָפּע האָט שענקעוויטשן געגעבן דעם נאָבלפּריז.

און זיי האָבן ווידער געגלויבט דעם צווייטן אויסמאָלער פון דער פוילישער אומווירקלעכקייט — וולאַדיסלאַוו ריימאָנט, ווען ער האָט

אויסגעטראַכט דעם פּאַן זאַרעמבאַ — אין זיין ראָמאַן: דאָס יאָר 1794, דער ראָמאַן פון פּוילנס צעטיילונג, אָדער די גאַלעריע פון מיטישע פּויערים אין דער טעטראַלאָגיע „די פּויערים" — פאַנטאַס־טישע געשטאַלטן, ווי דער אַלטער גוי באָרינא, דער יונגער אַנטעק, די דאָרפס־ווענוס יאַגנאַ און דעם דאָרפס־הייליקן ראָך.

פּוילן האָט זיך אין אים „דערקענט" — און סטאָקהאָלם האָט ריימאָנטן געגעבן דעם נאָבל־פּריז.

פאַרוואָס זאָל זי זיך אויך נישט לאָזן דערקענען אין אים? ער איז דאָך אַלצדינג געווען, האָט אַלצדינג דורכגעמאַכט. געווען אין דער יוגנט אַ דאָרפס־מענטש, אמת נישט קיין פּויער, אמת — אַ שלאַכציץ, אַ פּריץ, אַ „פּאַן", בלויז אַ ליבהאָבער־פּויער, אָבער פּאָרט ביי דער ערד; דערנאָך געווען אַן אַקטיאָר, אַרומגעפאָרן מיט אַ טרופּע, געדינט דערנאָך אויף דער באַן, געהאַט אַ שטיקל שייכות צו אינדוסטריע, געוואָרן אַ ליטעראַט, אַ זשורנאַליסט, גע־לעבט אין דער „קרולעווסטוואָ" און אין גאַליציע, געקענט יעדן ווינקל פון דעם פּוילישן לעבן — ווער וואָלט נאָך געווען אַזוי באַ־רופן צו זאָגן דעם אמת איבער און וועגן און צו פּוילן, ווי ער? אָבער ער איז געווען אַ פּוילישער אינטעליגענט, מיט דער גאַנצער סענטימענטאַליטעט פון דעם שפּעט־געבוירענעם שלאַכציץ.

איינער האָט זיי געזען, די פּוילישע אינטעליגענץ, און איינער האָט עס זיי געזאָגט, ווער זיי זענען — און דאָס איז געווען סטאַ־ניסלאַוו בזשאָזאָווסקי, דער קריטיקער: „חלומות, חלומות... אַרום און אַרום בלויז מאַסקעס, שאָטנס, געשטאַלטלאָזע... אַ באַשעפעניש אָן אַ פּנים, אָן אַ נאָמען, אָן אַ ן אמת... געדענקט נישט זיין איי־גענעם נאָמען און ענטפערט אויף יעדן — זיין נאָמען איז: פּוילי־שער אינטעליגענט".

אָן אַ נאָמען — און אָן אַן אמת! עס איז אַ גרויזאַם וואָרט. אָבער בזשאָזאָווסקי האָט געקענט זיין פּוילנטום. דאָס אַלטע, אַלטע און דאָס נייע — דאָס פּוילנטום פון די לאַנגע זאַגלאָבאַ־וואָנצעס און דאָס זאַקאָפּאַנע־פּוילנטום פון די זשולאַווסקיס און ווייספּיאַנסקיס און טעטמאַיערס — און ריימאָנטס; דאָס פּוילנטום, וואָס זוכט כּלומרשט דעם אמת, וואָס שלאָגט זיך על חטא פאַר דעם „פאָלק" — און זוכט אַ וועג צו אים.

רײמאָנט האָט עס אַלײן געפּילט. אין אײנער פון זײַנע ערטשען דערצײלונגען — „דער טרוימער", מאָלט ער אויס יוזשאָ, דעם באַקאַסיר, וואָס פאַרטרוימט זײַן לעבן, פּאַפּלאָנטערט זיך אין דער ווירקלעכקײט און ענדיקט זײַן לעבן אונטער די רעדער פון דעם צוג. און דער ראָמאַן פון דעם טרוימער פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „אַלצדינג איז אַ ליגן — אַפילו די חלומות".

אַ שאַרף וואָרט, אַ האַרב וואָרט. עס קאָן ווערן אַ פּרעלודיע צו אַ גרויסער רעוויזיע פון אַלע לעבנסווערטן. עס קאָן — ווען מען נאַרט זיך נישט, ווען מען פאַרשיכורט זיך נישט מיט שײנע ווערטער, מיט זיסע, שמעקעדיקע מליצות.

אָבער דאָס קאָן דער פּוילישער אינטעליגענט נישט. ער ווײסט נישט, ווי צו קעמפן מיט זיך אַלײן — און דאָך לעבן. ער ווײסט נישט, ווי מען קוקט דער ווירקלעכקײט אין די אויגן — אָן אילוזיעס.

רײמאָנט קוקט אויף דער שטאָט, ד. ה. אויף דער דערמאָנטער קולטור, אויף דעם וואַקסנדיקן, אײראָפּעיִשן, פּוילישן לעבן — און פאַרנײַנט אים. דאָס, וואָס די אַזשעשקאָווא האָט באַזונגען — די אינדוסטריאַליזירונג, ריכטיקער, די אויפלײזונג פון דעם אַלטפּוילישן שליאַכטאַ־טיפּ, פון דעם אײגנאַרטיקן פּוילישן פעאָדאַליזם — דאָס, וואָס אַפילו שענקעוויטש האָט, אַזוי צו זאָגן, האַלב געבענטשט — פאַרשעלט רײמאָנט. און אין אײנעם פון זײַנע באַקאַנטע ראָמאַנען, „דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד", מאָלט ער אויס די נײַע, אינדוסטריאַליזירטע פּוילן: באַשרײַבט ער לאָדז, פאַבריקן, מאַשינען, געשעפטן, געלט, דײַטשן, ייִדן, פּאָליאַקן, מאַקס, מאָריץ, באָראָוויקאָווסקי. און ווידער אַ טראַגעדיע. די מאַשין, די אינדוסטריע טויט דעם מענטשן, און ווידער ענדיקט זיך דער ראָמאַן מיט אַ צוזאָג: „איך האָב פאַרשפּילט מײַן אײגן גליק — מען מוז עס איצט שאַפן פאַר אַנדערע", באַשליסט בײַ זיך קאַראָל באָראָוויקאָווסקי, די הויפּטפיגור פון דעם ראָמאַן, דער פּאָליאַק פון דער נײַער וועלט, נאָך דעם קראַך פון זײַן נײַעם אידעאַל.

און ווי האַלט רײמאָנט זײַן נײַעם צוזאָג?

אַ פּאָר יאָר שפּעטער פאַרעפנטלעכט ער זײַן „עפּאָכאַלן ראָמאַן"

— „כלאָפּי״ — דעם ראָמאַן פון דער פּוילישער ערד. שוין נישט מער שטאָט און קאָסמאָפּאָליטיזם און מאַשין. וועלדער, פעלדער, פּרימיטיווע מענטשן, נאַטור. מאַזורישע פּויערים, „סאַרמאַטן״ — מיט דער גאַנצער ווילדקייט פון דעמדאָזיקן אוראַלטן, פון דער קולטור כמעט אומבאַרירטן מענטשנטיפּ. אַלצדינג איז דאָרט פּרימיטיוו — דאָס הויז און דער גלויבן, די ליבע און דער האַס. טונקעלע כּוחות הערשן איבער די מענטשן. און אַזאַ טונקעלער ערד-כּוח איז יאַגנאַ, די שיינע דאָרפשיקסע, וואָס האָט חתונה פאַר דעם אַלטן, רייכן „בעל גוף״ באָרינאַ. אַ מין שיינע העלענע פון דעם דאָרף, מיט דער גאַנצער טראַגיק און ווילדקייט פון דער העלענע-לעגענדע. אָפט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, לייענענדיק די טעטראַלאָגיע, אַז איך זע פאַר מיר אַ מין צווייטע איליאַדע אין אַ פּויליש נוסח. אַזוי גראָב-רוי איז דאָרט דאָס לעבן, אַזוי פרעמד, אַזוי לעגענדאַריש.

אָבער ריימאָנט איז אַ פּוילישער אינטעליגענט און קאָן נישט לאַנג בלייבן ביי דער שטרענגער, ריינער, אמתדיקער ליניע. ער פאַלט אַרויס אויף יעדן שריט פון דעם רעמל, ער ווערט ליריש, ער ווערט רעטאָריש.

ער דערציילט נישט, ער באַשרייבט נישט, ער זינגט — ריכ-טיקער, ער רעציטירט מיט אַזאַ מערקווירדיק-געצויגענעם, אומישנע-דיקן טאָן. און איר ווערט באַלד מיד פון דעם איינטאָניקן רעטשי-טאַטיוו, און איר הערט אויף צו גלויבן.

איר גלויבט נישט דער ווילדקייט, איר גלויבט אויך נישט דער גוטסקייט און דער הייליקייט פון דעם דאָרפס-משיח ראָך. דער עפּאָס פון דער פּוילישער ערד ווערט אַ מין ראָקאָקאָ-אידיליע, ווו די פּריצים און זייערע שיינע דאַמען פאַרקליידן זיך פאַר פּויערים און פּויערטעס און שפּילן דאָרף און „נאַטור״.

און ווי דער עפּאָס פון דאָרף, אַזוי אויך דער עפּאָס פון פּוילן, דער גרויס-פאַרטראַכטער ראָמאַן „1794״. די טראַגעדיע פון פּוילן זאָל דאָ באַשריבן ווערן, די אויפלייזונג פון דעם פּוילישן שטאַט. עס איז דער עפּאָס פון דער שליאַכטע. און ווידעראַמאָל איז ריי-מאָנט אומאויפריכטיק. ער מאָלט דעם שלאַכציץ, ווי אַ פּוילישער קריטיקער האָט אַמאָל באַמערקט, צו שטאַרק נאָך דעם מאַזורישן

פויער. „עס שפילט אין זיי ביידע, ווי אין ראַסיקע אָגערס, דער אויפגערעגטער סאַרמאַטישער טעמפּעראַמענט. דערזעען זיי אַ שיינע פרוי, קאָנען זיי נישט איינשטיין אויף אַן אָרט״ א. אַז. וו.

דער טעות פון דעם קריטיקער איז בלויז דער, וואָס ער מיינט, אַז ריימאָנט טראָגט איבער די פּסיכאָלאָגיע פון איין קלאַס, פון איין שיכטע, אויף אַ צווייטער. דאָס אַליין וואָלט נאָך געווען נישט קיין פעלער. וואָרים פאַן זאַרעמבאַ און פאַן זאַגלאָבאַ און אַנטעק באָרינאַ, דער שלאַכציץ און דער פויער — אַלע, אַלע זענען זיי דאָך סאַרמאַטן און טאַנצן אַ מאַזור, און טופּען מיט די פיס. העי-העי, מיט די הענט אין זייט, פאַרקאַטשעט די פּאָלעס פון דעם קאַנטים און די וואָנצעס אַראָפּגעלאָזט. נישט דאָס וואָלט געווען דער פעלער. ריימאָנט האָט אָבער אויך די סאַרמאַטן בלויז „פּאָעטיזירט״. ער האָט איבערגעגאָסן מיט מליצה אַפילו די אינ־סטינקטן פון דעם פּוילישן מענטשן. מען דאַרף בלויז איבערלייענען אַ פּאָר זייטן פון איינעם פון זיינע ראָמאַנען — און דווקא פון די באַרימט־געוואָרענע — כדי צו זען ביז צו וואָס פאַר אַ גראַד מליצה עס קאָן דערגיין אַ פּוילישער אינטעליגענט.

„עס זענען דאָרט געווען רויזן, ווי פאַרגליווערטע פלעקן בלוט. געווען דאָרט אַזעלכע, ווי געהיימנישפול־גלאַנצנדיקע קאַרפונקלען, ווי אָטעמס פאַרשיכורט פון תאווה, ווי ליפּן נישט אָנגעזעטיקטע מיט באַגער און אַ שמייכל פון מלאכימשן צווזאַג... עס זענען געווען דאָרט רויזן — רויטער, ווי אייביק לעבעדיקע וווּנדן״... א. אַז. וו. אַזוי ציט עס זיך כמעט אויף אַ גאַנצער געדרוקטער זייט — אין אַ היסטאָרישן ראָמאַן, וואָס זאָל אַנאַליזירן, לעבעדיק מאַכן די טראַגעדיע פון פּוילנס צעפאַל.

און עס איז נישט ריימאָנט. עס איז אויך טעטמאַיער און וויספּיאַנסקי. עס איז זשולאַווסקי און אפילו זשעראָמסקי, דער איינציקער, וואָס איז געווען טיפער, ערנסטער און אייראָפּעישער פון זיי אַלע.

מליצה — אַ ים פון מליצה. און די אייביקע „שטימונג״ — — איך וואָלט כמעט געזאָגט, ווי ריימאָנט, די „אייביק־לעבעדיקע וווּנד״ פון שטימונג. און חלומות — חלומות אָן גלויבן אין זייער

אויספירבארקייט, אָן ווירקלעכן ווילן צו זיי. „אלצדינג איז ליגן, — אפילו חלומות". ריימאָנט האָט קיינמאָל נישט געזאָגט דעם אמת — זיך און דער פוילישער אינטעליגענץ און דעם גאַנצן פוילישן פאָלק.

ער האָט זיך באמיט זייער גיך צו פארגעסן אין זיינע אייגענע ווערטער. דער וועג צום נאָבעלפריז פירט זעלטן פון און דורך דעם אמת.

# נאַפּאָלעאָן.

הונדערט טעג האָט געדויערט נאַפּאָלעאָן דעם ערשטנס, נאַפּאָלעאָן דעם גרויסנס צווייטער קומען צו מאַכט. הונדערט טעג — צווישן עלבאַ און וואַטערלאָ. און נאָך די הונדערט טעג בליץ און דונער איז געקומען סט. העלענאַ, נאַפּאָלעאָנס זעקס־יעריקע געפּאַנגענשאַפט און גסיסה.

צווישן סט. העלענאַ און היינט זענען פאַרגאַנגען הונדערט יאָר — אפשר די רייכסטע הונדערט יאָר פון דער גאַנצער וועלטגעשיכטע. אַלצדינג, וואָס מענטשן האָבן שטיל געטראָגן אין זיך הונדערטער, טויזנטער יאָרן, שטיל געטראָגן, שטיל געליטן — איז אויסגעגאַנגען, אויסגעוואַקסן. נישט אויסגערייפט — געוויס, אָבער אויפגעשפּריצט און אָנגעפילט מיט זאַפט.

די רעוואָלוציע פון 1789 האָט פאַר אונדז געאַרבעט, אַלע מלחמות זענען פאַר אונדז געווען געפירט. וואָלטער האָט פאַר אונדז געלאַכט, און רוסאָ האָט פאַר אונדז זיינע דרשות געהאַלטן. דאָס, וואָס איז פריער געווען צעשפּרייט אויף לאַנגע שטרעקן צייט, איבער דער גאַנצער ברייטער ערד — האָט זיך מיטאַמאָל צוזאַמענגעהעפט, ווי אַ געדיכטער וואָלקן איבער אַ פּינטעלע שטח, און ווי אַ שווערער האָגל זיך אַראָפּגעלאָזט.

אין די הונדערט יאָר.

און ווען היינטיקע שעה, נאָך דעם גאַנצן, רייכן, שווערן, נישט צו דערזעטיקנדיקן לעבן, היינט, נאָך די הונדערט יאָר, ווערט דערמאָנט דער נאָמען נאַפּאָלעאָן — ווערט די וועלט דערציטערט, שלאָגט דאָס האַרץ העכער און שטאַרקער. און ווען היינט, נאָך הונדערט יאָר, וואָלט דער קליינער, פעטער, שוואַרצער איטאַליענער, מיט זיין גרויסן

דריי־שפּיץ אויפן קאָפּ — דורך אַ נס — זיך באַוויזן פאַר אונדז, וואָלטן מיר אַלע גערופן: „עס זאָל לעבן דער אימפּעראַטאָר!“ און גע־גאַנגען מיט אים, וווּהין ער וואָלט אונדז געפירט. אפשר אויך בלויז אויף הונדערט טעג, אפשר צו אַ צווייטן וואַטערלאָ און סט. העלענאַ, אָבער מיר וואָלטן געגאַנגען.

וואָס איז דער סוד פון דעררדאַזיקער פּערזענלעכקייט? ווו איז דער איבערמענטשלעכער כוח פון נאַפּאָלעאָנען? דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט אים אַמבעסטן און אַמטיפסטן פאַרשטאַנען. זיי — די פראַנצויזישע פויערים — פלעגן אים נישט רופן ביים נאָמען, אָדער ביים טיטל; פאַר זיי איז ער געווען נישט נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט און נישט דער קייזער; פאַר זיי איז ער געווען — „ער“ אָדער „דער מאַן“. אַזוי האָט מען גערעדט פון אים אין די דערפער און אין די אַרבע־טער-קוואַרטאַלן פון פראַנקרייך, און אפשר פון דער גאַנצער וועלט.

דער מאַן — און נישט מער. דער יחיד, אָן שום פאַרגאַנגענ־הייט, אָן שום טראַדיציעס, דער איינציקער, וואָס האָט זיך באַפרייט פון די פּענטעס און פון די קייטן. האָט רוסאָ געזאָגט, אַז דער מענטש ווערט געבוירן פריי, נאָר די געזעלשאַפט פאַרשקלאַפט אים, האָט נאַ־פּאָלעאָן באַוויזן, אַז דער מענטש קאָן געבוירן ווערן נישט פריי און אַראָפּוואַרפן פון זיך די קייטן. אַראָפּוואַרפן — אַרויפוואַרפנדיק. קייטן האָבן אַ טבע, אַז זיי קאָנען נישט הענגען אינדערלופטן — פאַר אַ צירונג. זיי דאַרפן האָבן אַן אָביעקט, זיי מוזן עמעצן בינדן. די פראַ־גע איז בלויז וועמען — און ווי אַזוי און צוליב וואָס.

די רעוואָלוציאָנערן פון 1789 האָבן געמאַכט דעם גרויסן פּסיכאָ־לאָגישן טעות, וואָס זיי האָבן געוואָלט באַפרייען דעם מענטשן, בשעת ער איז געווען נאָך נישט מסוגל דערצו, נאָך נישט געווען פעיק צו זיין פריי. פריי קען מען קיינעם נישט מאַכן, פריי מוז מען ווערן; — יעדער פאַר זיך, יעדער אין זיין טיפסטער נשמה. עס איז נאָך זייער ווייניק, ווען עטלעכע אַדוואָקאַטן אָדער זשורנאַליסטן אָדער אַזויגערו־פענע „פאָלקסמענטשן“ פאַרכאַפּן די מאַכט און גיבן אַרויס דעקרעטן און געוועלטיקן. דער אויסערער פּאַראַד פון פרייהייט האָט גאָר אַ קליינעם ווערט. דער עיקר איז, אַז עס זאָל זיין אַ סביבה פון וועלן זיין פריי. דער עיקר איז, אַז דאָס אַלטע זאָל פאַרגעסן ווערן און אַ נייע וועלט זאָל געבוירן ווערן.

די היסטאָרישע ראָלע פון נאַפּאָלעאָן — אין פראַנקרייך —

איז געווען, וואָס ער האָט געראַטעוועט פון דער רעוואָלוציע דאָס, וואָס מען האָט געקאָנט ראַטעווען. ווארים איז דער רעוואָלוציע זע־נען געווען צוויי פּרינציפּן — גלייכקייט און נייע אָרדענונג; און די רעוואָלוציאָנערן האָבן די הויפּט־געוויכט געלייגט אויף גלייכקייט און פאַרגעסן די אָרדענונג. אָבער גלייכקייט איז אַן אַבסטראַקטער באַגריף. מען קען פון איר רעדן, מאָן קאָן זי פאָדערן, אָבער זי איז נישט פאַראַן. קיינער איז קיינעם נישט גלייך. ס'איז דאָ אַ פאָר־מעלע גלייכקייט — פאַר דעם געזעץ. דאָס מיינט, אין געוויסע גרע־נעצן האָט יעדער גלייכע רעכט. יעדער האָט אַ רעכט צו לעבן, קיינער טאָר נישט משיג גבול זיין דעם צווייטן, נישט שטערן זיין לעבנס־גלייכגעוויכט; אָבער דאָס מיינט נאָך נישט, אַז אַלע זענען גלייך אין זייערע פעיקייטן, אין זייער פערזענלעכקייט.

און דאָס האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק געפילט מיט זיין טיפן אינסטינקט, און די רעוואָלוציע האָט פאַרשפּילט. נישט אין עצם, אָבער אין די פאָרמען. דאָס אַלטע איז געוואָרן צעשטערט, קיין נייע אָרדענונג איז נישט באַשאַפן געוואָרן, ס'איז געווען אַ כאַאָס. די מאַכט איז געלעגן, ווי נאַפּאָלעאָן האָט געזאָגט, „אין דער בלאָטע". מען האָט זי באַדאַרפט אויפהייבן. די טעראָריסטן האָבן זי געוואָלט אויפהייבן מיט האַק פון דער גיליאָטינע. אָבער דאָס הענטל פון דער האַק איז אַרויסגעפאַלן פון זייערע הענט. איז געקומען נאַפּאָלעאָן, אַ יונגער קאָרסיקאַנער, אַ רעפּובליקאַנישער אָפיציר, און האָט זי אויפגעהייבן מיט דעם שפּיץ פון זיין שווערד.

ער איז געווען דער ערשטער קאָנסול פון דער רעפּובליק, דער דיקטאַטאָר און דערנאָך דער אימפּעראַטאָר. ריכטיקער — דער אימפּעראַטאָר, נישט דער קעניג. און דאָס איז געווען, וואָס האָט אים געמאַכט אַזוי שטאַרק, אַזוי גרויס, אַזוי ניי. וואָלט נאַפּאָלעאָן זיך באַגנוגנט מיט דעם אַלטן שאַבלאָן, אָנגעטאָן אויף זיך די קרוין פון פראַנצויזישע קעניגן, געוואָרן אַ „קעניג", וואָלט ער זיכער זיך נישט געקאָנט האַלטן אפילו אַ חודש. די רעפּובליקאַנער, דאָס פאָלק וואָלט אים אַראָפּגעוואָרפן, גיכער און גרינגער, ווי לואי דעם 16-טן. ווארים געשיכטע — איז געשיכטע פון ווערטער און פון באַגריפן. קעניגטום באַטייט טראַדיציע; קעניגטום איז פאַרבונדן מיט ירושה, מיט קלאַסן, מיט פאַרגאַנגענהייט. קעניגטום איז נישט אינדיווידועל. אַ קעניג ווערט מען געבוירן, מען קאָן עס נישט ווערן.

אַן אימפּעראַטאָר איז נישט קיין קעניג. דאָס איז דער הער־שער, דער, וואָס באַפעלט, דער, וואָס האָט די גרויסע מאַכט אין זיך צו פירן. אימפּעראַטאָר איז אַ רעוואָלוציאָנערער באַגריף. אַ מענטש, וואָס שטייט איבער קלאַסן, וואָס איז מיט קיינעם נישט פאַרבונדן, וואָס שעפּט זיין קראַפט פון זיך אַליין. ער איז דער פאַרקערפּערטער ווילן פון דער געזעלשאַפט.

דער פילאָזאָף העגעל האָט נאַפּאָלעאָנען אָנגערופן: דער „וועלט־גייסט אויף אַ פערד", דער וועלטגייסט, וואָס רייט איבער דער וועלט, ווי אין אַ שטורעם, און נעמט זי איין מיט שטורעם. עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג, וואָס מען האָט קיינמאָל אין אײ־ראָפּע נישט געזען, קיינמאָל, פון אַלעקסאַנדער מוקדונס און צע־זאַרס צייטן. אַזיע האָט געהאַט אַן ענלעכע דערשיינונג, און דאָס איז געווען — מאַכמעד.

אָבער מאַכמעד איז געווען דער טרעגער פון אַ רעליגיעזער אי־דעע, אַ פאַנאַטיקער, אַ צעשטערער, ענג און פול מיט שנאה צו אַלעמען, וואָס איז געווען פאַר אים און אַ חוץ אים. איין גאָט — איין נביא. און דערפאַר האָט מאַכמעד געקאָנט ווירקן בלויז אויף האַלב ווילדע פעלקער, אויף מענטשן אָן טראַדיציע. נאַפּאָלעאָן איז געווען דער אייראָפּעער. ברייט ווי אַ ים, אָן דאָגמען, אָן פאָראורטיילן און — אויב מען וויל — אפילו אָן פּרינציפּן, אַ חוץ איינעם: אָרדענונג.

אָבער אַ נייע אָרדענונג. צווישן די מערקווירדיקע ווערטער, וואָס זענען אונדז געבליבן פון נאַפּאָלעאָנען, איז אפשר דאָס כאַ־ראַקטעריסטישסטע דאָס, וואָס ער האָט פאַרשריבן אויף אַ בלאַט, בעת ער איז געווען אויף דער אינזל עלבאַ: „איך האָב אַרויפבאַ־שווירן דעם גייסט פון נייהייט, און ער שפּאַצירט איצט אַרום אי־בער אייראָפּע".

דער גייסט פון נייהייט, פון נייער אָרדענונג — דאָס איז גע־ווען נאַפּאָלעאָן אַליין. ניי, ווי די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז גע־ווען — איז זי דאָך בלויז געווען אַן אויפשטאַנד און אַ כאַאָס. און אפשר אין זי גאָרנישט געווען אַזוי ניי. אירע פּרינציפּן — ווער האָט זיי דען נישט געוווסט? פרייהייט, גלייכקייט, ברידערלעכקייט — וועלכע רעליגיע האָט זיי דען נישט געפּרעדיקט? וואָסער מאָראַל האָט זיי דען נישט פאַרהייליקט? מיט פּרינציפּן קומט מען נישט

זייער ווייט. דער עיקר איז נישט די תורה, נאָר די „מעשה", די פּאַקטישע אַרבעט, די דורכפירונג, די פּערזענלעכקייט, דער מענטש.

כדי צו מאַכן פון טויטע בוכשטאַבן פריש לעבן, פון אַלטע פּרינציפּן אַ נייע ווירקלעכקייט — מוז מען האָבן אַ נייעם מענטשן, מוז מען האָבן אַ נייעם גייסט. דאַגטאָן איז נישט געווען קיין נייער מענטש. ראָבעספּיער נאָך ווייניקער. זיי האָבן נאָך באַדאַרפט צע־שטערן, אויסטראָגן אויף זייערע פּלייצעס דעם שווערן קאַמף אַקעגן דער ירושה פון טויזנטער יאָרן. זיי זענען געווען איבערגאַנגס־מענטשן.

נאַפּאָלעאָן איז געווען דער ערשטער מלוכה־מאַן פון דער נייער דעמאָקראַטיע, איר ערשטער העלד, איר ערשטער געניאַלער פירער. פון דער דעמאָקראַטיע — כאָטש ער אַליין איז געווען אַ דיקטאַטאָר. פון דער דעמאָקראַטיע, זייענדיק אַ קייזער. ער האָט עס אַליין פאַרשטאַנען. „איך, און איך אַליין, שטיי צווישן דער געזעל־שאַפט און דער רעוואָלוציע. איך קאָן הערשן, ווי איך וויל, אָבער מיין זון וועט מוזן זיין אַ ליבעראַל" — אַזוי האָט ער זיך, ווי מען דערציילט, אַמאָל אויסגעדריקט. אויב ער האָט עס אפילו נישט גע־זאָגט — האָט ער עס געמיינט.

דאָס איז געווען דער זין פון זיין לעבן. ער איז געשטאַנען צווישן דער רעוואָלוציע און די יסודות פון דער געזעלשאַפט, צווישן ביידע אינסטינקטן — פון צעשטערן און פון דערהאַלטן, פון דעם נייעם און דעם אַלטן. ביידע זענען זיי סכנות. געזעלשאַפט אַליין איז פאַרגליווערונג, רעוואָלוציע אַליין איז אייביקער זידן און קאָכן — ביידע זענען זיי טויט.

דער וועלטגייסט שטייט צווישן זיי, היט אָפּ דעם פייער, ער זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן, אָבער אויך דעם קעסל, ער זאָל נישט צעשמאָלצן ווערן. נאַפּאָלעאָן האָט נישט געלייקנט די געזעלשאַפט, ווי די רעוואָלוציאָנערן, אָבער אויך נישט די רעוואָלוציע, ווי די „שיצער פון דער געזעלשאַפט". ער האָט געוואָלט מאַכן שלום צווישן זיי — רעגולירנדיק, צעשיידנדיק, ווו מען דאַרף; ברענגענדיק זיי אין באַרירונג, ווו דער מאָמענט איז געקומען.

ס'איז געווען אַ צייט, ווען נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט און געזאָלט נאָכאַמאָל לאָזן אויפפלאַקערן דעם פייער, אויפהייבן די רויטע פאָן און טראָגן זי מיט טריומף פאַר דער וועלט. ס'איז געווען נאָך וואַ־

טערלאָ. ער האָט זיך מודה געווען אויף סט. העלענא, אַז ער האָט זיך דעמאָלט געטראָגן מיט דעם געדאַנק אויפצוועקן די יאַקאָבינער און פירן זיי קיין בערלין, מאַכן רויט אייראָפּע, פאַרטרייבן רוסלאַנד קיין אַזיע, און מיט דעם רויטן געדאַנק באַהערשן די וועלט. ס׳קאָן זיין, אַז ער וואָלט געווען געזיגט, אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם פייער. ער האָט געוווסט, וואָס דאָס מיינט רעוואָלוציע, און האָט זיך אַנטשלאָסן צו גלות, צו געפאנגענשאַפט — כדי צו ראַטעווען דעם קעסל פון דעם צעשטערנדיקן, צעשמעלצנדיקן פלאַם.

פעלער איבער פעלער האָט נאַפּאָלעאָן געמאכט, און איז צום סוף באַזיגט געוואָרן, ער אַלס מענטש, אָבער נישט אַלס דער וועלטגייסט. אמת — דער וועלטגייסט איז אַראָפּגעפאלן פון דעם פערד, אָבער צופוס איז ער געגאַנגען ווייטער, זוכנדיק, מוטערנדיק, רופנדיק, איינפלאַנצנדיק האָפענונג און דורכזעצנדיק צילן.

ניינצן יאָר נאָך זיין טויט האָט מען זיין קבר אַריינגעטראָגן אין דעם „דאָם דעז אינוואַליד" אין פאריז. אין דער קירך זענען געשטאַנען דער קעניג פון פראַנקרייך, דער אדל פון פראַנקרייך — אַלע, וואָס האָבן אַמאָל געקעמפט קעגן נאַפּאָלעאָנען, „לעגיטימיסטן", מענטשן פון אָרדענונג און טראַדיציע. און ווען דער קבר איז אַריינגעבראכט געוואָרן און דער הויף־מאַרשאַל האָט אויסגערופן: „דער אימפּעראַטאָר!" — האָט פראַנקרייך — און איר קרוין — אַ ציטער געטאָן, און ס׳האָט אַ ציטער געטאָן די וועלט. דער „אימפּעראַטאָר" — טויט, אָדער לעבעדיק — עס איז דער אימפּעראַטאָר, דער פירער, דער מענטש, וואָס קאָן נישט שטאַרבן, ווייל ער איז דער קאָנצענטרירטער ווילן פון אונדז אַלע, דער שטראַלן־בינטל פון אונדזער אַלעמענס פאַנטאַזיע, דער אָרדנער און קנעטער פון די מענטשן.

אַרום זיין לעבן האָט זיך געבילדעט אַ לעגענדע. וואָס עלטער זי ווערט, ווערט זי שענער און שטראַלנדיקער. די לעגענדע פון דעם וועלטגייסט, פון דעם וועלטווילן, וואָס האָט זיך פאַרקערפערט אין אַ מענטשן. די לעגענדע פון דעם גייסט פון ברייהייט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון אים און שטראַלט אַלץ מער און מער, אַלץ ווייטער און ווייטער.

און וואָס מיר זענען היינט און וואָס מיר טראָגן היינט —

ער איז דער מקור. ער האָט אַריינגעהויכט ווילן אין דעם ראָד — און עס דרייט זיך. ביז עס וועט אפשר קומען אַ נייער נאַפּאָלעאָן, אַ נייער וועלטגייסט אויף אַ פערד — און וועט געבן דעם ראָד אַ נייע ריכטונג.

• • •

אויף סט. העלענאַ לעבט נאָך אַן עדות, וואָס האָט געזען און געהערט נאַפּאָלעאָנען. עס איז אַ פּאַפּוגיי. ער איז געווען אין נאַפּאָלעאָנס חדר, ער האָט געהערט זיין שטים, און זאָגט נאָך עד היום — „נאַפּאָלעאָן״.

אַ סך פּאַפּוגייען האָט נאַפּאָלעאָן געהאַט. אין פראַנקרייך אַליין — נאַפּאָלעאָן דער דריטער, וואָס האָט דעם נאַפּאָלעאָניזם געמאַכט צו אַ פאָרם; גענעראַל בולאַנזשע, וועמען מען האָט, צום גליק, נישט דערלאָזט אינגאַנצן אָוועקהרגענען נאַפּאָלעאָנס טראַדיציע. און נישט בלויז אין פראַנקרייך — אין דער גאַנצער וועלט. אָבער מער ווי דעם נאָמען נאַפּאָלעאָנס קאָנען זיי נישט זאָגן, אָדער אפשר עטלעכע פראַזן, וואָס זיי האָבן אין זייער פּאַפּוגיי־מוח איינגעזאַפּט, און די ערגסטע, ווייל די שעדלעכסטע פראַזע איז: דיקטאַטור. ווער וויל היינט נישט זיין קיין דיקטאַטאָר? ווער האָפט נישט היינט צו ראַטעווען די מענטשהייט דורך אַזאַ אָדער אַן אַנדער דיקטאַטור?

פּאַפּוגייען־נאָכזאָגער, גרינגע פּאַפּוגיי־דיקטאַטאָרן! זיי פאַרגעסן, אַז נאַפּאָלעאָן איז געווען נישט דערפאַר דער רייטנדיקער וועלטגייסט, ווייל ער איז געווען אַ דיקטאַטאָר, נאָר ווייל ער האָט די קראַפט צו דיקטאַטור געשעפּט פון די געהיימניספולע אוצרות פון זיין פערזענלעכקייט. דיקטאַטור — יאָ, אָבער פון אַ נאַפּאָלעאָן, אָבער פון אַ געניאַלער פערזענלעכקייט. אָבער נישט דיקטאַטור פון פּאַפּוגייען!

צוויי מאָל איז דער וועלטגייסט אַראָפּגעפאַלן פון דעם פערד — דאָס ערשטע מאָל נאָך וואַטערלאָ, און דאָס צווייטע מאָל פאַר אונדזערע אויגן, אין אונדזער צייט, ווען די „דיקטאַטור״ האָט זיך געוואָלט אַוועקזעצן לעבן אים אויף דעם רוקן פון דער וועלט.

און דאָס איז שוין צופיל. איין נאַפּאָלעאָן קאָן די וועלט פאַר־

טראָגן, איין דיקטאַטור איז גענוג, אָבער פון אַ גרויסן. פאַר קליינע נאַפּאָלעאָנדלעך איז נישטאָ קיין פּלאַץ. ווי דער פּראָפעסאָר פון „חשמונאים" זאָגט, מאַלנדיק די לאַגע פון דער וועלט נאָך אַלעקסאַנדער מוקדונס טויט: „און זיי האָבן גענומען זיין גאָלדענע קרוין און זי צעטיילט אויף אַ סך קעפּ — צום גרויסן שאָדן פון דעם פאָלק".

# לינקאָלן.

מיר דאכט זיך, אז דאָס שענסטע וואָרט איבער לינקאָלן האָט געזאָגט וודראָו ווילסאָן. ער האָט עס געזאָגט אין זיין רעדע פון דעם 16־טן סעפטעמבער 1916 — אין האָדזשענוויל, דאָרט, וו לינקאָלן איז געבוירן געוואָרן. „איך פיל — האָט ווילסאָן דאָרט געזאָגט — אז לינקאָלן איז קיינמאָל נישט געווען ערגעץ וו אינדערהיים". אינדערהיים זיין — מיינט פאַרוואָרצלט זיין אין אַ לאַנד, נישט זען ווייטער, ווי די גרענעצן פון דעם לאַנד. אינדערהיים זיין הייסט — נאַציאָנאַלער עגאָיזם.

איז דאָס געווען לינקאָלן? האָט דאָס לינקאָלן געמיינט? איז ער געווען דער פּרעדיקער פון „אמעריקאניזם"? איז דער גרעסטער אידעאַל פון זיין לעבן געווען — אמעריקע?

מען וואָלט כמעט אַזוי געקאָנט מיינען, קוקנדיק אויף די יורשים פון לינקאָלן. זיי האָבן אים געמאַכט פאַר דעם נאַציאָנאַל-הייליקן פון אמעריקע. אים און וואשינגטאָן, אים און — רוזוועלט. און זיי זעען אפילו נישט דעם גרויסן, פונדאמענטאַלן אינטערשיד צווישן די דריי. זיי זעען נישט, אַז וואַשינגטאָן איז געווען אַ גרינדער, אַז רוזוועלט איז געווען אַ גרינדער, אָבער לינקאָלן — אַ באַגרינדער.

וואַשינגטאָן האָט געגרינדעט די אמעריקאַנער רעפּובליק. ער האָט געמאַכט אמעריקע. רוזוועלט האָט געגרינדעט דעם אַמעריקאנער אימפּעריאַליזם, דעם אמעריקאנער קאָנסערוואַטיזם — אָבער לינקאָלן האָט גאָרנישט געגרינדעט. אפילו נישט די „יוניאָן". ער האָט זי

שיער נישט צעשטערט. ער האָט בלויז באַגריַנדעט דעם זין פון אמעריקע. ער האָט געגעבן אַמעריקע איר מאָראַלישן ווערט.



נישט לאַנג צוריק האָט איינער פון די יונג-אַמעריקאַנער, פון די אינטעלעקטועלן, האַראָלד סטערנס, זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז די גאַנצע פּאָליטיק פון לינקאָלן, די „סיוויל וואָר", די מלחמה פאַר דער באַפרייונג פון די נעגער, איז געווען א היסטאָרישער פעלער. ער ווייזט, אַז דאָס איז די טראַגישסטע פּאַסירונג אין דער אמעריקאַנער געשיכטע. ווייל — אַרגומענטירט ער — די באַפרייונג פון די נעגער וואָלט געקומען ממילא, אויף א נאַטירלעכן וועג; די באַפרייונג מיט בלוט-זין האָט קיינעם נישט געבראַכט קיין גוטס: זי האָט געשפּאָלטן דאָס לאַנד אין צוויי טיילן, אונטערדריקט די אַלטע, פיינע קולטור פון „סאַוט" — מיט איין וואָרט, געשאַפן די היינטיקע, מאַטעריאַליסטישע, אינדוסטריעלע, טראַדיציעלאָזע אמעריקע.

עס איז גרינג צו זיין א נביא — אויף צוריק. עס איז זייער גרינג צו זאָגן, וואָס וואָלט געווען, ווען... אפשר איז די קריטיק פון סטערנס גערעכט. די קריטיק איז נישט ניי. די אַלטע „דזשענטלמענס" פון ווירדזשיניאַ האָבן זי לאַנג און אין נאָך שאַרפערע ווערטער אַרויסגעזאָגט. אָבער אפילו ווען עס זאָל זיין אזוי, — אפילו ווען לינקאָלנס פּאָליטיק וואָלט געווען מער שעדלעך, ווי נוצלעך פאַר אַמעריקע, — אפילו דאַן, און דווקא דערפאַר, איז לינקאָלן די גרעסטע פיגור, וואָס אמעריקע האָט אַרויסגעבראַכט. די גרעסטע, ווייל די איינציקע אינטערנאַציאָנאַלע, ריין-מענטשלעכע, אורמענטשלעכע, די איינציקע, פון וועלכער מען קאָן זאָגן, אַז זי „איז נישט אינ-דערהיים", אין ערגעץ נישט, ווייל זי איז אינדערהיים אומעטום.

וואָלט לינקאָלן געווען בלויז אן אמעריקאַנער פּאָליטיקער, א נאַציאָנאַלער שטאַטסמאַן, וואָלט ער זיכער נישט געפירט צו קיין מלחמה. ער האָט געוווסט, ווי יעדער אין זיין צייט, ווי יעדער נאָך אים, אַז שלום איז בעסער, ווי מלחמה, אַז יעדער בירגערקריג מוז פירן צו אן אויפרודערונג פון דעם גאַנצן לאַנד, אַז די קרבנות, וואָס ער קאָסט, קאָנען נישט ווערן אָפּגעשאַצט און אָפּגעצאָלט. קיי-

נער האָט עס נישט געוווּסט בעסער פון לינקאָלן אַליין. און דאָך — און דאָך האָט ער אויף זיך גענומען די פאַראַנטוואָרטונג פאַר דער געשיכטע. וואָס איז געווען זיין מאָטיוו?

איך קאָן זיך אויסמאָלן, אַז אַ היסטאָרישער מאַטעריאַליסט זאָל געפינען די דערקלערונג — און דער פאַרזוך איז שוין אויך געמאַכט געוואָרן — פון לינקאָלנס פּאָליטיק אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער „איסט", אין דער אינדוסטריאַליזירונג פון אַמעריקע, וואָס האָט נישט געקאָנט דורכגעפירט ווערן אַזוי לאַנג ווי דער שקלאַפעריי-סיסטעם האָט געבונדן די פרייע כוחות פון דעם לאַנד.

אָבער אויב עמעצער איז געווען ווייט פון דידאַקטיקע מאָטיוון — איז עס געווען לינקאָלן. עס איז זייער מעגלעך, אַז ווען די עקאָנאָמישע סיבות וואָלטן נישט געווען צוגעגרייט, וואָלט לינקאָלן נישט געקאָנט ווערן דער פּרעזידענט, פירער און אויספירער פון זיינע פּרינציפּן. עס קאָן זיין. אָבער אפילו ווען לינקאָלן איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט — איז דאָס געווען בלויז זיין מזל. זיין פּערזענלעכקייט האָט דערמיט גאָרנישט וואָס צו טאָן. ער, דער געוועזענער פאַרמע-אַרבעטער, ער, דער אָרעמער האָלצהעקער, האָט געהאַט ווייניק אינטערעס פאַר דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, אַלס אַזעלכע, פאַר די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן. ער האָט געוואָלט עפּעס אַנדערש, ער האָט געטרוימט פון אַ וועלט, וואָס האָט געהאַט ווייניק שייכות מיט דעם לעבן אַרום אים. ער האָט געוואָלט — מענטשלעכקייט, יושר, גערעכטיקייט.

„די נאַציע קאָן נישט עקזיסטירן — זייענדיק האַלב פריי און האַלב פאַרשקלאַפט" — דאָס איז געווען לינקאָלנס פּראָגראַם. קאָן זי נישט? האָט זי נישט געקאָנט? זיינע קעגנער האָבן עס געלייקנט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די „נאַציע", ד. ה. די ווייסע אַמעריקאַנער, די אַנגלאָזאַקסן קאָנען נישט „עקזיסטירן", אַפילו ווען אַ קליינער טייל פון דער באַפעלקערונג, שוואַרצע האַלבווילדע אַפריקאַנער זענען פאַרשקלאַפט. זיי האָבן עס זיך זייער גוט געקאָנט אויסמאָלן; און זיי האָבן געהאַט היסטאָרישע באַווייזן. איז נישט גריכנלאַנד, איז נישט רוים געווען האַלב-פריי און האַלב-פאַרשקלאַפט? האָט נישט אַריסטאָטעל געשאַפן אַ טעאָריע, אַז אַן אמתע דעמאָקראַטיע און אַ גרויסע קולטור קאָנען עקזיסטירן בלויז, ווען דער באַזיס

איז — שקלאַפעריי, ווען איין גרופּע מענטשן אַרבעט פאַר דער צווייטער און גיט איר די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען דאָס בעסטע, וואָס זי האָט אין זיך? און אפילו די אָנהענגער פון לינקאָלן האָבן אויך נישט געגלויבט, אַז די „נאַציע" קאָן נישט עקזיסטירן אַזוי לאַנג, ווי עס זענען דאָ שקלאַפן אין די דרום-שטאַטן.

אָבער לינקאָלן האָט עס געוווּסט. ער האָט עס געפילט. ווייל פאַר אים איז געווען דאָס וואָרט „נאַציע" נישט בלויז קיין געאָגראַפישער באַגריף, נישט איינהייט, נאָר אַן אַנדער וואָרט פאַר — מענטשהייט. און ווען אפילו די אַמעריקאַנער נאַציע וואָלט געקאָנט עקזיסטירן, וואַקסן און רייך ווערן — אויף דעם חשבון פון דער פרייהייט פון אַ קליינער מינאָריטעט פון שוואַרצע, און ווען אפילו די שוואַרצע אַליין וואָלטן זיך געפילט „גליקלעך" און צופרידן אין זייער שקלאַפעריי, — אפילו דעמאָלט וואָלט לינקאָלן געזאָגט: דאָס טאָר נישט נישט זיין, די נאַציע קאָן נישט עקזיסטירן.

די נאַציע — ד. ה. די מאָראַלישע איינהייט. די נאַציע. דאָס מיינט פאַר אים נישט די אַמעריקאַנער נאַציע, וואָס שטאַמט פון דער „מעי פלאַוער", די אַנגלאָ-זאַקסן, נישט די גרופּע פון „אויסדערוויילטע", אָדער אַן אַנדערערע, נאָר מענטשן, וואָס האָבן אַ חוב אין לעבן, וואָס האָבן אַן אויפגאַבע, וואָס זיי דאַרפן דערפילן. און די אויפגאַבע איז — יושר און פרייהייט.

איך ווייס נישט, צי עס איז געווען אַמאָל אַ מענטש, וואָס זאָל זיין אַזוי פריי, ווי לינקאָלן — פריי פון יעדער מורא, פון יעדער טראַגעדיע. ער האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן אפילו, אַז ער איז נישט — קיין קריסט. „איך בין נישט קיין קריסט. גאָט ווייסט, איך וואָלט עס געוואָלט זיין, אָבער איך האָב מיט זייער גרויס כּוונה געלייענט די ביבל און איך פאַרשטיי נישט אַזוי דעמדאָזיקן בוך". אַזוי האָט לינקאָלן געזאָגט אין אַ פאַרזאַמלונג פון פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע, אין אַ צייט, ווען ער האָט באַדאַרפט האָבן די אונטערשטיצונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, פון אַלע סעקטן, פון אַלע גרופּן. אָבער — דער אמת, די פרייהייט פון איבערצייגונג, דער מוט צום אמת איז געווען ביי אים שטאַרקער פון אַלצדינג.

קאָן מען זיך אויסמאָלן אַ היינטיקן פּאָליטיקער אין אַמעריקע אָדער ערגעץ ווו, וואָס זאָל האָבן דעם מוט צו זאָגן, אַז ער איז נישט קיין קריסט? ער וואָלט שוין געפונען אַ פּאָר שיינע גלאַטע

פראַזן, א פּאָר פיינע קאָמפּלימענטן פאַר דעם קריסטנטום. אָבער לינ־
קאָלן איז נישט געווען קיין מענטש פון פראַזן.

* *
*

אין איינעם פון די ביכער וואָס זענען געווידמעט דעם לעבן פון לינקאָלן (אין דעם ווערק פון א גלח — דזשיין וועסלי היל — „לינקאָלן, דער מאַן פון גאָט") איז דאָ אַ זייער אינטערעסאַנטע דער־ציילונג איבער איינעם פון לינקאָלנס „פּאָרלויפער" — אַ פּרעדיקער פון יענער צייט, פּעטער קאַרטרייט. דאָס איז געווען איינע פון די מערקווירדיקע פיגורן, וואָס זענען מעגלעך נאָר אין אַמעריקע. ער האָט געפּרעדיקט מאָראַל — מיט די פויסטן. ער האָט אַמאָל באַגעגנט איי־נעם פון די „גענגסטערס" פון יענער צייט, איינעם פון די רעוואָל־ווער=העלדן. ער האָט אים געצוווּנגען זיך שטעלן שלאָגן מיט אים. ער האָט אים באַזיגט אין פויסט-קאַמף, און וועראַנדיק אים, האָט ער אים געזאָגט: „אָדער דו טוסט תשובה, אָדער איך דערוואָרג דיך". און דער גענגסטער האָט געמוזט „טאָן תשובה".

פּעטער קאַרטרייט איז נישט דער פאָרלויפער פון לינקאָלן. עס איז זיין שאָטן, דער שאָטן, וואָס איז אים פאָרויסגעגאַנגען, דער שאָטן, וואָס האָט אים נאָכגעפאָלגט.

ווען מען נעמט אַוועק דאָס אייגנטימלעכע פון לינקאָלן, זיין מערקווירדיקע פּערזענלעכקייט, זיין טיפע טרויעריקייט, זיין בענקעניש, וואָס האָט זיך נישט געקענט אויסדריקן אין קיין ווערטער, זיין טריי־קייט צו דעם אייביק-מענטשלעכן, צו דעם זיין=זאָלנדיקן, זיין נישט־איינגעוואָרצלטקייט — האָבן מיר קאַרטרייט: די פּאָליטיק פון מאַכן מענטשן בעסער דורך כוח, פון צווינגען די וועלט צו תשובה.

דאָס איז אַלט, ווי די וועלט. עס איז די פּאָליטיק פון אַלע סעקטאַנטן. עס איז געווען פאַר לינקאָלן. עס איז געבליבן נאָך לינקאָלן.

און עס איז אויך שטאַרקער פון לינקאָלן. ער איז געפאַלן, אָבער זיין שאָטן, דער „קאַרטרייטיזם" פון אים איז געבליבן. און דער שאָטן פון אים האָט זיך צעשפּרייט איבער אַמעריקע, איבער דער וועלט — און אין דעם שאָטן לעבן מיר.

ער איז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז דער אַמעריקאַנער פון היינט האָט עוין כמעט פאַרגעסן, וואָס די ריכטיקע געשטאַלט איז געווען. מען מיינט, אַז מען גיט אָפּ כבוד לינקאָלן, אַז מען פאָלגט אים, און באמת האָט דער שאָטן פון לינקאָלן פאַרנומען זיין אָרט. לינקאָלן איז געבליבן איינזאַם נאָכן טויט, ווי ער איז געווען איינזאַם ביים לעבן.



מען דערציילט, אַז אין דער טראַגישער נאַכט, ווען די מערדער־קויל האָט אים דערגרייכט, איז ער געזעסן מיט זיין ווייב אין טעאַטער און גערעדט מיט איר פון זיין בענקעניש נאָך ירושלים. ער האָט געוואָלט מיט זיינע אייגענע אויגן זען די שטאָט פון דער ביבל. די קויל האָט אים געטראָפן אינמיטן דעם וואָרט „ירושלים". ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי „ירו..."

עס קאָן זיין, אַז דאָס איז איינע פון די לינקאָלן־לעגענדעס.

אָבער אפילו ווען אַזוי, איז דאָס איינע פון די שענסטע, וואָס איז איבער אים דערציילט געוואָרן. ער האָט זיין גאַנץ לעבן גע־בענקט נאָך עפּעס, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פאַסן אין ווערטער, געשטרעבט נאָך אַ „ירושלים של מעלה" — און נישט געקאָנט עס אַרויסזאָגן; ווייטער ווי ביז צו „ירו" — ביז צום האלבן וואָרט, ביז צו דער האלבער אידעע, איז ער נישט דערגאַנגען. ער האָט גע־זען אַ וועג — אָבער דער שאָטן האָט אים פאַרשטעלט. דער לאַנ־גער, גרויער שאָטן פון דעם לעבן, דער לאַנגער, שוואַרצער שאָטן פון דעם טויט. און דער שאָטן פאַרדעקט נאָך אַלץ דעם וועג.

# טשעמבערלען.

די טעג איז געשטאָרבן אין דייטשלאַנד אַן אַלטער ענגלענדער.
דער זון פֿון אַן ענגלישן אדמיראַל, פֿון אַן אַלטער שאָטישער משפּחה
אַ „דזשענטלמען" דורך און דורך. צום וויי:קסטן — טעאָרעטיש.
א דזשענטלמען מיט אַן עכט ענגלישער אייגנאַרט — אַן עקסצענט=
ריקער. און עקסצענטריזם מיינט נישט בלויז — צעדרייטקייט און
פֿאַנטאַסטישקייט, נאָר עפּעס מער. דאָס איז — דאָס פֿעלן פֿון אַ צענ=
טער, דאָס זוכן פֿון אַ מיטלפּונקט אין לעבן — אויסער זיך אַליין
און אויסער דער אייגענער סביבה. זוכט דער פֿראַנצויז אַ „צענטער" —
פֿאַרליבט ער זיך, אין אַ מענטשן, אָדער אין אַן אידעע. אַ דייטש—
פֿאַרגראָבט זיך אין די ביכער און חקירהט איבער מעטאַפיזיק. אַן
ענגלענדער — פֿאָרט, אַן ענגלענדער לאָזט זיך אַוועק אין דער וויי־
טער וועלט און שיסט לייבן אין אַפֿריקע, העלפֿאַנדן אין אינדיע —
אָדער זוכט דעם „בלויען פייגל" אין דייטשלאַנד.

און האָוסטאָן סטוּאַרט טשעמבערלען — דער ענגלישער עקס=
צענטריקער — האָט אויסגעקליבן דעם דריטן וועג — ער איז אַוועק
קיין דייטשלאַנד און געזוכט דאָרט דעם בלויען פייגל, אָדער ווי די
דייטשע טערמינאָלאָגיע גייט, די „בלויע בלום", די ראָמאַנטיק. אַריינ=
געפֿאַלן קיין ביירוט, אין ריכאַרד וואַגנערס מאַכט-ספֿערע, אין דעם
וואַטיקאַן פֿון דער דייטשער מוזיק, ווו וואַגנער איז געווען פּאַפּסט,
פֿאַרליבט ער זיך אין וואַגנערס מוזיק -און דערנאָך אין זיין טאָכטער—
און ווערט זיין איידעם. געשריבן ביכער — ער, דער ענגלענדער —
אויף דייטש וועגן וואַגנערן, געוואָרן אַ דייטש מיט לייב און לעבן—
און אָפּגעזאָגט זיך איגגאַנצן פֿון זיין ענגלענדערטום.

פֿאַרשטייט זיך, דאָס וואָלט קיינעם נישט געאַרט, און אויך

נישט אַ יפגערודערט אַ וועלט. מען קאָן זיין אַ וואַגנעריאַנער, אָדער אַ קעגנער פון וואַגנערס מוזיק — פאַר מוזיקער האָט עס אַ באַדייטונג — און אפשר פאַר זיי אויך נישט מער. אָבער טשעמבערלען — דער ענגלישער דייטש, אָדער דייטשער ענגלענדער, האָט זיך נישט באַנוגנט מיט דעם אומשולדיקן שפּיל אין אויסטייטשונג פון מוזיק. ער האָט זיך פאַרמאָסטן אויף מער — ער האָט געוואָלט אויסטייטשן געשיכטע, געוואָלט געפינען אַ פאָרמולע פאַר פּאָליטיק — און דאָ האָט זיך די וועלט אָפּגערופן, און עס איז געוואָרן אַ טומל.

מען האָט אין דער געלערנטער וועלט שוין כמעט פאַרגעסן. אָבער דער ברייטער עולם, די אינטעליגענץ פון אייראָפּע, און דער עיקר פון דייטשלאַנד, געדענקט נאָך עד היום דעם באַרימטן בוך פון ה. ס. טשעמבערלען — „די גרונטלאַגן פון דעם ניינצעטן יאָרהונדערט" — אַ בוך, וואָס איז געוואָרן אַ צענטער פאַר דער דיסקוסיע אין דער גאַנצער האַלב-געבילדעטער וועלט. קייזער ווילהעלם האָט אויף אים ארויפגעלייגט זיין הסכמה, אַלע רעאַקציאָנערן פון אייראָפּע האָבן זיך מיט אים געקוויקט — און די יידן האָבן זיך געבייזערט. וואָרים דער גאַנצער ענין איז געווען — אַ יידישער. ווייל מען ווערן פּאָפּולער, ווייל מען האָבן דערפאָלג — מוז מען זיך פאַרטשעפּען מיט יידן. אַזוי איז שוין דער יידישער גורל — זיי מאַכן וועלט-רעפּוטאַציעס, זיי זענען דער וועג צו אַ נאָמען. און יעדער ווייסט עס; רייסן אַלע שטריק, זענען אַלע וועגן פאַרשפּאַרט — עפנט מען דעם יידישן טויער און דער דערפאָלג קומט פון זיך.

וואָס וואָלט געווען, צ. ב., דער „האָפּפּרעדיקער" שטעקער — ווען נישט זיין אַנטיסעמיטיזם? אַ געוויינלעכער דייטשער גלח — ערגעץ אין אַ דייטשער קירך. אָבער שטעקער איז געוואָרן אַן אַנטיסעמיט — און אַריין אין דער געשיכטע. דער אַמאָליקער ווינער בירגערמייסטער לועגער האָט עס וווּנדערבאַר פאַרשטאַנען. ער איז אין זיינע יינגערע יאָרן געווען אַ ליבעראַל — אַ „יידנקנעכט", ווי די דייטשע אַנטיסעמיטן זאָגן, אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. אויף ליבעראַליזם זענען יידן גרעסערע מומחים — קליגערע פּאָליטיקער, געבילדעטערע, פעיקערע פּובליציסטן. ער האָט מיט זיי נישט געקאָנט קאָנקורירן. דער סאָציאַליזם איז אויך געווען פאַרנומען. דאָרט האָט וויקטאָר אַדלער געשפּילט די ערשטע

פידל — און אַנטקעגן וויקטאָר אַדלערס חריפות האָט זיך לועגער נישט געקאָנט פאַרמעסטן. אומעטום יידן אויפן וועג — איז גע־בליבן בלויז איין מיטל: אַנטקעגן יידן. און לועגער, וואָס האָט געהאַט יידישע פריינט, וואָס האָט בטבע גאָר ליב געהאַט דעם יידישן גייסט, — דער „געמיטלעכער" ווינער יידן־ליבעראַל, איז גע־וואָרן דער פּראָפּאַגאַנדיסט און פירער פון דעם עסטרייכישן אַנטי־סעמיטיזם. און ער האָט זיך נישט אָפּגענאַרט. דער דערפאָלג איז געקומען.

עס קאָן זיין, אַז דאָס איז אויך געווען איינער פון די מאָ־טיוון פון משעמבערלענס „שאַפן". אפשר אומבאַוווסטזיניק — אָבער מיט אינסטינקטיווער זיכערקייט האָט ער געפונען דעם וועג צו דעם דייטשן פאָלק, צו דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט. ער האָט אַוועק־געשטעלט דעם יידישן פּראָבלעם אין דעם צענטער פון דער וועלט־געשיכטע — און איז געוואָרן אַליין אַ צענטער.

ער האָט, כלומרשט, געפונען דעם יסוד פון דעם „ניינצעטן יאָרהונדערט". ער האָט געוואָלט אויפדעקן די געהיימע כּוחות פון דער צייט, דערקלערן, פאַרוואָס די געשיכטע איז געוואָרן — אַזוי ווי זי איז.

וואָס האָט אים אייגנטלעך אינטערעסירט אין דעם ניינצעטן יאָרהונדערט? פאַרוואָס האָט ער זיך גענומען גראָד צו אים? וואָ־רים דערקלערן הייסט דאָך פרעגן, און מען פרעגט נישט דאָרט, וווּ עס איז נישט קשה.

ער האָט אויפגעשטעלט די פראַגע: פונוואַנען קומט אין דער וועלט די דעמאָקראַטיע? פאַרוואָס איז אייראָפּע אַזוי אומרויק, פאַרוואָס רייסט זי זיך פון די קייטן, וואָס צווינגט איר צו וועלן זיין פריי?

עס איז טשעמבערלענען אַליין נישט געוואָרן קלאָר, אַז דאָס איז דאָס ענגלישע קול, וואָס רעדט אין אים, די ענגלישע גרונט־פראַגע. אַלע דענקער פון ענגלאַנד, פון לאָק ביז קאַרלייל און לאָרד מאָרלי, האָבן זיך געשטעלט דעם פּראָבלעם: וואָס איז פריי־הייט, וואָס איז דעמאָקראַטיע, און דאַרף מען זי? לאָק האָט „באַ־וויזן", אַז מען דאַרף זי, אַז זי איז דער עצם פון מענטשלעכן לעבן. קאַרלייל האָט זי געלייקנט, מאָרלי האָט געמאַכט אַ פשרה. אָבער אַלע זענען געווען פאַרטאָן אין דער פראַגע. ווייל דער ענג־

לענדער דענקט — אין באַציוּנגען. און ווייטער — דער ענגלענ־
דער גייט אַרויס פון אַ פאַקט — נישט פון אַ פאָדערונג, פון אַ
קאָנקרעטן צושטאַנד — נישט פון אַן אַבסטראַקציע. ענגלאַנד האָט
צוערשט געשאַפן די דעמאָקראַטיע, דערנאָך זיך אָפּגעשטעלט און
אָנגעהייבן צו קלערן איבער דער שאַפונג און געזוכט איר צו געבן
עפּעס אַ נאָמען.

פאַר דייטשלאַנד איז די פראַגע געשטאַנען גאָר אַנדערש.
דאָרט האָט מען געדאַרפט אַוועקשטעלן דעם פּראָבלעם אַזוי: פאַרוואָס
דאַרף נ י ש ט זיין קיין דעמאָקראַטיע? ווי אַזוי פאַרענטפערט מען
דעם געגעבענעם פאַקט — דעם פאַקט פון דער מאַכט־פּאָליטיק, פון
אימפּעריאַליזם, פון קלאַסנהערשאַפט, פון מאַכט פון מענטש איבער
מענטש? די ליבעראַלן האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן, די
סאָציאַליסטן האָבן בלויז איבערגעדרייט דעם דאַשעק און אַנקעגנגע־
שטעלט איין מאַכט־באַגריף, איין קלאַסנווילן אַנטקעגן דעם צווייטן.
און די קאָנסערוואַטיוון, ד. ה. די, וואָס האָבן ג ע מ אַ כ ט דייטשע
געשיכטע, זיי האָבן נאָך קיין ענטפער נישט געהאַט. די איינציקע
טעאָריע, וואָס אַ געשמדטער ייד — פרידריך שטאַל, האָט פאַר זיי
אויסגעאַרבעט, איז געווען שוין צו אַלט — זי האָט געשטאַמט פון
דעם אָנהייב פון דעם נײַנצעטן יאָרהונדערט און האָט זיך נישט מער
אַריינגעפּאַסט — טערמינאָלאָגיש — אין דער צייט.

און אָט איז געקומען טשעמבערלען און האָט זיי געגעבן די
דערקלערונג און די פאָרמולירונג: דער „סוד” פון דעם נײַנצעטן
יאָרהונדערט, ד. ה. פון דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג, וואָס האָט
אים דורכגעדרונגען, פון דעם פרייהייטס־שטורעם, וואָס האָט דורך
אים געציטערט, פון ווילן צום אַנדערש ווערן, וואָס האָט אים באַ־
הערשט — איז „דער יידישער מאָטיוו”.

אין דעם צענטער פון דער וועלטגעשיכטע האָט זיך ווידער־
אַמאָל אַוועקגעשטעלט דער ייד — און די שטיינער האָבן געפונען
אַ ציל פאַר זיך. מען האָט געפונען דעם „שוואַרצן פונקט”.

אָבער פאַרוואָס אַנטיסעמיטיזם? דער דייטשער אינטעלעקט
האָט פאַרלאַנגט אַן ענטפער דערויף. קיינער וויל נישט זיין גלאַט
אַזוי אַ רשע, — פיינט האָבן אָן שום מאָטיוון. דער וווּלגאַר־אַנ־
טיסעמיטיזם פון אַ שטעקער, אָדער אַ לועגער, פון די אַלטדייטשן
און בכלל פון די שוואַרץ־מאַהדיקע דעמאַגאָגן האָט נישט געפּאַסט

פאַר די דייטשע קולטור-מענטשן. זיי האָבן געזוכט אַ וויסנשאַפט־לעכע באַגרינדונג, אַ מאָראַלישע באַרעכטיקונג.

און טשעמבערלען האָט זי געגעבן. איר נאָמען איז געווען „ראַסע". און ראַסע מיינט — בלוט.

מיטאמאָל איז אַנטיסעמיטיזם געוואָרן וויסנשאַפט. נאָכמער, נאַטורוויסנשאַפט, ביאָלאָגיע. און דער באַוויז איז געווען אַ פּשוטער: היות, ווי מיר ווייסן — אַז אַ ראַסע איז בלויז דעמאָלט געזונט און לעבנספעיק, ווען זי איז ריין; און היות, ווי מיר ווייסן, אַז די העכסטע פאָרם פון קולטור איז געשאַפן געוואָרן אין אייראָפּע, און דווקא פון אַ באַשטימטער גרופּע — אָדער ראַסע — דהיינו, דער בלאָנדער ראַסע, דער אַרישער; און היות, ווי די יידן געהערן צו אַן אַנדער ראַסע, צו דער סעמיטישער, צו דער טונקעלער, — איז געדרונגען, אַז דער גאַנצער קאָנפליקט צווישן יידן און נישט-יידן איז נישט קיין אויסגעטראַכטער, נישט קיין צופעליקער און נישט קיין בלויז געוואָלטער, נאָר אַ נאַטירלעכער. עס איז דער קאַמף צווישן צוויי ראַסן, צווישן צוויי סאָרטן בלוט — דערצו נאָך צווישן אַ בע־סערער ראַסע און אַן ערגערער, און עס פאַרשטייט זיך, אַז די „בע־סערע" ראַסע איז די בלאָנדע, די אַרישע, די גערמאַנישע.

איר זוכט ראיות? וויפל איר ווילט אַליין. אַלעקסאַנדער דער גרויסער איז געווען אַן „אַריער" און אַ בלאָנדער. די גריכן זענען בכלל געווען נאָנט צו די גערמאַנען. און די, וואָס האָבן באמת וואָס אויפגעטאָן, זענען געווען די דאָריער — די גריכן פון ריינעם בלוט, נישט די קליינאַזיאַטישע, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַר־שוואַרצן זייער בלוט און פאַרסעמיטיזירן זייער ריינע ראַסע. איר ווילט דעם איטאַליענישן רענעסאַנס? לויטער אריער, בלאָנדע, דייטשן. לעאָנאַרדאָ, מיקעל אַנדזשעלאָ, אַלע קינסטלער און שאַפער — אַלע זענען זיי כמעט דייטשן, יעדנפאַלס אַריער.

און בכלל — אַלצדינג, וואָס האָט אַן אמתן ווערט, איז בלאָנד — און דערפאַר אַריש און דערפאַר דייטש, — וואָרים די בלאָנדסטע, ד. ה. די ריינסטע, פון אַלע אריער זענען דאָך די דייטשן!

נו, און קריסטנטום? ווי קומט עס, אַז יעזוס קריסטוס, דער „משיח" פון דער גאַנצער אַרישער וועלט — ווייניקסטנס פון דער גערמאַנישער — זאָל זיין אַ סעמיט, אַ ייד? הייבט זיך גאָרנישט

אָן, ענטפּערט טשעמבערלען. אָט דאָס איז טאַקע דער בעסטער באַ־ווייז: יעזוס איז נישט געווען קיין ייד — נאָר דער זון פון דעם רוימישן סאָלדאַט פּאַנדעראַ, ער איז געווען אן אריער. אַי, פּעטער און פּאַול? — מילא, די איז טשעמבערלען גרייט מקריב צו זיין.

קייזער ווילהעלם האָט זיך געפרייט. ער האָט געפונען אַ פאָרמולע פאַר זיין אימפּעריאַליזם: דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעם, דייטשלאַנד, די הערשערין פון דער וועלט — אַזוי הייסט די וויסנשאַפט, אַזוי באַפעלט די ביאָלאָגיע. דייטשלאַנד האָט נישט מער בלויז אַ היסטאָרישן אַפּעטיט — זי האָט אַ היסטאָרישע מיסיע!

די אַנטיסעמיטן האָבן זיך געפרייט: יידיש בלוט איז שלעכט, דערפאַר איז דאָס מותר. און די יידן זענען געווען אין צער.

בלויז די וויסנשאַפט האָט געשמייכלט. געלאַכט האָבן די ביאָ־לאָגן איבער דער „ראַסנטעאָריע", געלאַכט האָבן די היסטאָריקער איבער די „היסטאָרישע באַווייזן". אָבער ווער הערט זיי — די גע־לערנטע — ווען עס קומט צו פּאָליטישער ליידנשאַפט?

בלוט אַנטקעגן אמת — און בלוט איז שטאַרקער.

ביז אַ צייט, ביז דייטשלאַנד האָט פאַרלוירן אַזויפיל בלאָנד, אַריש בלוט פאַר איר „מיסיע", אַז זי האָט אָנגעהייבן צו פאַרשטיין, אַז „ריינע ראַסע" און בלאָנדע האָר זענען גאָרנישט אַזאַ גרויסע מעלה פאַר דער געשיכטע, און אַז די ביאָלאָגיע איז אויך נישט אויף זייער זייט.

און מיט דעם פאַל פון דער דייטשער אימפּעריע איז געפאַלן אויך דער אַנגלאָדייטש טשעמבערלען מיט זיין אויסטערלישער, אומ־וויסנשאַפטלעכער, אַנטיסעמיטישער געשיכטספילאָזאָפיע.

דער ייד איז אויך אַ ווײַלע אַראָפּ פון דער טריבונע. דער „רויטער פּונקט" האָט פאַרביטן דעם „שוואַרצן" — אָדער דעם בלאָנדן.

די גאַנצע ראַסנטעאָריע איז צעפאַלן געוואָרן פון זיך אליין. די בעסטע פאָרשונגען אויפן פעלד פון דער נאַטורוויסנשאַפט האָבן צעשטערט די אַלע בלומרשט וויסנשאַפטלעך־פּאָליטישע השערות און בויך־סברות. די פראַגע פון ירושה איז די פראַגע פון „בלוט" — איינע נאָך דער צווייטער זענען אויפגענומען געוואָרן פון די ביאָ־לאָגן און צעשניטן געוואָרן אָן רחמנות. און וואָס עס איז געבליבן

פון זיי, איז אַזוי ווייניק, אַז מען קען נאָך גאָרנישט בויען קיין נייע טעאָריע.

און ווייטער — די ראַסע אַליין. די אַנטראָפּאָלאָגיע לייקנט גאָר, אַז עס זענען דאָ ריינע ראַסן, אַז דייטשן זענען „אַריער", אָדער יידן „סעמיטן". די פאָרשונגען אין קליינאַזיע האָבן באַוויזן, אַז אין דער פאָרמאַציע פון דעם יידישן פאָלק האָבן גענומען די „אַריער" פונקט אַזאַ חלק, ווי די סעמיטן. עס איז אויסגעוואַקסן דער באַגריף „מיטללענדישע קולטור", וואָס איז גאָרנישט בלאָנד און נישט אַריש. עס איז באַוויזן געוואָרן, אַז די גריכישע קולטור איז באַשאַפן געוואָרן נאָך איידער די בלאָנדע באַרבאַרן האָבן זיך צוגעוואַנדערט צו איר.

מיט איין וואָרט — דאָסמאָל האָט די וויסנשאַפט געזיגט—ווייל די פּאָליטיק האָט זיך אונטערגעגעבן.

אָבער טשעמבערלענס פראַגע שטייט נאָך אַלץ. נאָך ווייטער פרעגט מען אין דייטשלאַנד און אומעטום: וואָס איז דער זין פון אָט דער געשיכטלעכער אומרויקייט? פאַרוואָס און צוליב וואָס דעמאָקראַטיע? — און מען זוכט ווידער אַ צענטער. און מערקווירדיק — ווי מען דאַרף האָבן אַ פינטעלע — כאַפּט זיך אַריין דער ייד — אין דעם בילד.

אָסוואַלד שפּענגלער האָט איבערגענומען די ירושה פון טשעמבערלען. דער פילאָזאָף פון „דעם אונטערגאַנג פון דעם מערב" איז צוגעגאַנגען צו דעם פּראָבלעם — פון אַן אַנדער זייט, אָבער מיט דער אייגענער כוונה: פאַרענטפערן און פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן. פאַרענטפערן דעם דייטשן מאַכטווילן און פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן דעם יידן.

און אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט אָפּערירן מער מיט דעם באַגריף „ראַסע" און „בלוט" — האָט ער אַריינגעפירט דעם אייביקן לעבער־פאַרשטאָפּער: „גייסט".

האָט עס ביי טשעמבערלענען געהייסן: גערמאַניש און סעמיטיש — הייסט עס שוין ביי שפּענגלערן: פאַוסטישע קולטור און מאַגישע. פאַוסט, דער שאַפנדיקער מענטש, וואָס וויל באַצווינגען די נאַטור, וואָס וויל הערשן איבער איר און באַציט זיך צו איר, ווי אַ פרייער מענטש, אָבער אַ מענטש, וואָס ווייסט זיינע גרענעצן, —

און די „מאַגישע" קולטור, אַ פאַרשקלאַפּטקייט פון דעם מענטשן, אַ קולטור געגרינדעט אויף מורא, אויף געפיל. עס איז די פּרי־מיטיווע פאָרם פון קולטור — און דערפאַר שעדלעך און שטערנ־דיק און מאַכט קראַנק די פאַוסטישע נאַטור, ווען זי גנבעט זיך אַריין אין איר.

און דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די „מאַגישע" קולטור איז די „אַראַבישע", ד. ה. די סעמיטישע, ד. ה. די יידישע? אויף אַן אַנדער וועג, דורך אַן אַנדער טויער — צו דעם אייגענעם ציל.

און דער „גייסט" שוועבט איבער די וואַסערן, און שוועבט אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט אַליין — וואַסער.

טשעמבערלענס בלוט איז געוואָרן שפּענגלערס וואַסער. מילא, אויך אַ פּראָגרעס, ווייל בלוט איז סוף כל סוף דיקער פון וואַסער.

אין אַ ליד פון אַן אַראַבישן פּאָעט (פון דמשק) אַבו־פּאַראַדזש האָב איך אמאל געלייענט אַ שיינע שורה: „עס לאַכט דאָס לעבן און דער גאָרטן באַנייט זיך".

אַלע גאָרטנס באַנייען זיך — און יעדעס מאָל דער אַלטער זאַפט און דאָס אייגענע שפּראָצן. און יעדעס מאָל קומט וואַסער, גייט וואַסער — רויט, ווייס — ווי עס מאַכט זיך. אָבער דאָס לעבן לאַכט!

# ווילסאָן.

### I.

אין דעם פּאַטעטישן טרויער- און פריינטשאַפטס-ליד, וואָס אַל-פרעד טעניסאָן האָט געשריבן צום אָנדענק פון זיין פריינט, איז פאַראַן א סטראָפע — די שלוס-סטראָפע: „איך האָב פאַרגעסן יעדן שטריך פון דעם מאַנס פּנים, אָבער איך ווייס, אז ער איז לעבעדיק ביי גאָט״.

דאָס איז די שטאַרקסטע סטראָפע פון דעם גאַנצן גרויסאַרטיקן ליד — די אמתסטע און די מענטשלעכסטע. האָט מען ליב אַ מענטשן, וואָס איז ווייט — פאַרגעסט מען צוביסלעכוויז זיין פּנים, די איינצלהייטן, די שטריכן — מען ווייסט נאָר איינס, מען געדענקט בלויז אין דעם, אז ער איז לעבעדיק, אַז ער איז אַ לעבעדיקע קראַפט, וואָס פאַרגייט נישט. דאָס איז דער איינציקער שבח, וואָס מיר קאָנען זאָגן פון אַ מענטשן, ווען מיר האַלטן ביים געזעגע-נען זיך.

מיר געזעגענען זיך איצט מיט איינעם, וואָס איז אַכט יאָר דורכגאַנגאַנד געווען אַ שטורעם-צענטער. דער מיטלפּונקט פון טרייער ליבע און פון ביטערן האַס, מיט איינעם, וואָס האָט אָנגעפילט די וועלט מיט זיין נאָמען — מיט וודראָו ווילסאָן.

איך האָב נישט לאַנג צוריק געזען אין אַ ציישונג אַן אינטע-רעסאַנטע צוזאַמענשטעלונג פון ווילסאָנס בילדער, פון 1912 ביז 1920. פון דער צייט פון זיין אויפגאַנג — פון זיין עליה — ביז צום מאָמענט פון זיין ירידה. אַכט יאָר. געוויינלעך בייט זיך דער מענטש, בפרט נאָך אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן, נישט זייער שטאַרק

אין אזא קורצער צייט. מען ווערט אַ ביסל גרויער, עטלעכע נייע קנייטשן, — ווייטער גאָרנישט.

אָבער ווער עס זעט דאס בילד פון ווילסאָן פון 1912 און זיין לעצט בילד, וואָלט בשום אופן נישט געקענט דערקענען, אַז דאָס איז דער אייגענער מענטש. מיט אכט יאָר צוריק — אַ שטאַרקער, אַ קעמפער, מיט אַ מערקווירדיקן שמייכל אַרום די דינע, פאַרשלאָסענע ליפּן. אין אַכט יאָר אַרום — אַ ווייסער זקן, כמעט דער שאָטן פון אַ מענטשן, אַ ווייסע מאַסקע.

קראַנקהייט, מענטשלעכס, צו מענטשלעכס, געוויס. אָבער אַ חוץ דער קראַנקהייט פון דעם גוף, אַ חוץ דעם, וואָס קאָן פּאַסירן יעדן מענטשן — איז אויף זיין פּנים, אויף דעם בלייכן, געעלטערטן, אויסגעמאַטערטן, איינגעגראָבן די קראַנקהייט פון אַ גאַנצער וועלט, די יסורים פון אַ גאַנצן דור. די ליידן פון אַ מענטשן, וואָס האָט געוואָלט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון זיין צייט. די יסורים פון אַ קינסטלער, וואָס האָט געוואָלט שאַפן — און שטייט פאַר דער צעשטערונג פון זיינע האָפענונגען, פּלענער, אידעען.

צוויי מענטשן זענען דאָ היינט אין אייראָפּע, וואָס האָבן געהאָט חלומות און זענען געפאַלן. מענטשן פון גרונטפאַרשידענער היסטאָרישער שטעלונג, פאַרשידן אין זייער סביבה, אין זייער אַרבעט, אין זייערע אידעען, אָבער מיט אַ געוויסער ענלעכקייט אין זייער כאַראַקטער, אין זייער גורל.

איינער איז וודראָו ווילסאָן, דער אַנדערער — עקסקייזער ווילהעלם פון דייטשלאַנד.

וואָס איז געווען ווילהעלמס טראַגעדיע? פאַרוואָס האָט ער, וואָס האָט תמיד גערעדט פון שלום, געפירט צו אַ מלחמה, און צו אַזאַ מלחמה? פאַרוואָס האָט ער, וואָס האָט געוואָלט בויען — צוגעפירט זיין לאַנד און די גאַנצע קולטורוועלט צו אַ חורבן?

ער האָט צופיל געוואָלט, ער האָט געוואָלט דאָס, וואָס איז נישט מעגלעך. מען פלעגט אַמאָל פאַרגלייכן ווילהעלמען מיט לואי דעם פערצעטן, דעם פראַנצויזישן מאָנאַרך, וועלכער האָט געזאָגט דאָס באַרימטע וואָרט: „דער שטאַט, דאָס בין איך". עס זענען געווען אויך אויסערלעכע ענלעכקייטן צווישןביידן. אָבער ווילהעלם האָט עס געמיינט ערנסטער, טראַגישער, ווי דער פראַנצויזישער מאָ-

נאָרך. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאָט־געזאַלבטן, אַ שליח פון דעם שיקזאַל צו ראַטעווען אייראָפּע, צו ברענגען אָרדענונג אין דער וועלט. ער האָט זיך נישט אומזיסט תמיד באַרימט דערמיט, וואָס ער שטאַמט פון דעם הוגענאָטישן העלד קאַליני. נישט אומזיסט איז זיין הויפּטהעלד געווען דזשאָן נאָקס, דער פאַנאַטישער פּוריטאַנער פון דער קראָמוועל־צייט. עס איז דער גייסט פון דעם פּוריטאַניזם, פון דעם פּראָטעסטאַנטיזם, וואָס האָט אין אים געלעבט, און דאָס מיינט — אַ געפיל פון פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטונג פאַר דער וועלט.

ער האָט אויף זיך אויפגעיאָכט די משא און געוואָלט טראָגן זי אַרויף, אין די הויכע עולמות, אין די, וואָס זענען געווען הויך לויט זיין השגה. און אַזוי איז שוין דאָס לעבן. מענטשן זענען צעפּרידן, ווען עס געפינט זיך איינער, וואָס נעמט אַראָפּ פון זיי דעם יאָך און די התחייבות. זיי פילן זיך גרינגער און קוקן צו מיט אַ שמייכל — ווהין וועט עס זיי דער „אויסגעוויילטער" פירן. און געראָט עס נישט — און עס קאָן גאָר קיינמאָל נישט געראָטן — און פאַלט דער משא־טראָגנדיקער אינמיטן וועג — ווערן די מענטשן אין כעס און טרעטן דעם געפאַלענעם. זיי מוזן איצט אַליין צו־נויפקלייבן די שטיקלעך משא, אויפלאָדן זיי אויף זייערע אייגענע פּלייצעס. ס'איז שווער און זיי זענען אומצופרידן.

איר געדענקט דעם פּערזענלעכן קאַמף, וואָס ווילסאָן האָט גע־פירט אַנטקעגן ווילהעלמען? נישט פראַנקרייך און נישט ענגלאַנד האָבן געטראַכט און געוואָלט, אַז דייטשלאַנד זאָל זיך באַפרייען פון די האָהענצאָלערנס, אַז ווילהעלם זאָל אוועק פון דעם געשיכטלעכן פּלאַץ. ס'האָט זיי נישט געאַרט. זיי האָבן געקעמפט פאַר אינ־טערעסן, און ס'איז זיי געווען גאַנץ גלייך, ווער ס'וועט נישט באַ־צאָלן זיי דעם חוב פון דייטשלאַנד, ווער ס'וועט נישט אונטערשרייבן דייטשלאַנדס מפּלה־דאָקומענט.

אָבער ווילסאָן האָט דערקלערט: מיט ווילהעלמען וויל ער נישט פאַרהאַנדלען. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט גע־נומען די היסטאָרישע פראַגע, די מאַכט־פראַגע מאָראַליש, און דערפאַר אויך פּערזענלעך. דאָרט, ווו אַנדערע האָבן געזען אַ קאַמף צווישן גאַציעס, צווישן אַבסטראַקטן, איז פאַר אים געווען קלאָר דאָס מענטשלעכע, דאָס אינדיווידועלע. ס'איז נישטאָ קיין היסטאָריע פאַר

זיך. מענטשן מאכן זי, מענטשן שאפן די וועלט, מענטשן רויניר ן זי. זיי זענען שולדיק פאר דעם, וואָס גייט פאָר, אויף זיי ליגט די התחייבות צו מאַכן זי גוט. זיי מוזן באַשטראָפט ווערן, ווען זי איז שלעכט. און דער פוריטאַנער פון וואַשינגטאָן האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל באַזייטיקן דעם פוריטאַנער פון בערלין.

און אומבאַוווסט האָט ער געוואָלט פאַרנעמען זיין פלאַץ אין דער וועלט.

אומבאַוווסט — ווייל זיין טעאָריע, די דעמאָקראַטיע, וואָס ער האָט געפּרעדיקט, האָט נישט געקאָנט ווערן קיין פונדאַמענט פאַר זיין פּראַקטישער פּאָליטיק. דעמאָקראַטיע מיינט — די גלייכקייט פון אַלע מענטשן, די הערשאַפט פון דעם רוב, דאָס צופאַסן זיך צו דער פאָדערונג פון דער שעה: דעמאָקראַטיע איז פאָרמלאָזיקייט. און דערפאַר איז לאָיד דזשאָרדזש דער דעמאָקראַט. ער האָט נישט קיין איינציקע אידעע, ער האָט נישט קיין פאָרם. ער איז בלויז דער דינער פון דעם פאָלק. פון דעם רוב, ער איז בלויז דער אויער, וואָס הערט זיך איין און זאָגט בלויז דאָס, וואָס די מיליאָנען זאָגן שטיל און פאַר זיך.

פון לאָיד דזשאָרדזשן האָט איינער פון זיינע באַוווּנדערער אַמאָל געזאָגט, אַז ער רעדט אין בלאַנקע פערזן, און האָט דאָס פּרובירט באַווייזן דורך זיינע רעדעס. בלאַנקער פערז — איז פאָרמלאָזיקייט אין פּאָעזיע. ס׳פעלט די געשלאָסענע אייזערנע פאָרם, וואָס דריקט אויס אַ געדאַנק. ס׳פעלט דער ווילן.

און די פּאָליטיק פון לאָיד דזשאָרדזש איז באמת בלאַנקע-פערזן-פּאָליטיק.

ווען ווילסאָן וואָלט געווען אַ דיכטער, וואָלט זיין פאָרם געווען דער אַלטער סאָנעט. שטרענג, שווער, צוגעשפּיצט. אייזערן אין דער פאָרם און געבונדן.

ער איז געוואָרן אַ פּאָליטיקער, און זיין פּאָליטיק האָט אויך דעם סאָנעט-ריטם. זיין פּאָליטיק איז נישט די פון אַ דענקער. ער איז דער אומפילאָזאָפישסטער קאָפּ, וואָס מען קאָן זיך פאָרשטעלן. עס פעלט אים נישט בלויז טעאָרעטישע אָריגינאַליטעט, טיפקייט פון אַריינדרינגען אין דעם עצם פון אַ פראַגע; עס פעלט אים אויך דער ווילן צו פרעגן. ווילסאָן האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין ספקות. ער איז תמיד געווען אַ פּראַקטיקער. נישט טריט ביי טריט, נישט אי-

בער בערג און טאָלן, נאָר — תּמיד אויף דעם העכסטן באַרג, אויף זיין העכסטן באַרג.

ווי דער קינסטלער, ווי דער דיכטער, וואָס זעט תּמיד דאָס פּאַרטיקע, נאָך איידער ער נעמט זיך צו דער אויספירונג, און דאָס איז דער גרונט פון זיין פיאַסקאָ אין דער וועלטפּאָליטיק. ער האָט געהאַט אַ פאַלש בילד פון דער וועלט. פאַלש — ווייל ער האָט געזען דאָס ריכטיקע. פאַלש — ווייל ער האָט געגלויבט אין דעם אמת. ער האָט זיך אויסגעמאָלן דעם אידעאַל פון אַ דעמאָקראַטיע, ווו יעדער מענטש וויל דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, ווו יעדער איז וויליק צו זיין אַ חבר צום צווייטן — ווען ער ווייסט נאָר ווי אַזוי. און ווילסאָן האָט געוואָלט ווייזן דעם מענטשן די ריכטונג.

וואָס קאָן זיין פּשוטער, ווי זיין פּראָגראַם? פרייהייט — יעדער מענטש איז פריי; גלייכקייט — אַלע זענען גלייך; גערעכטיקייט, יושר — דער צעמענט, וואָס בינדט צונויף די געזעלשאַפט, דאָס איז דער גאַנצער אינהאַלט פון ווילסאָנס פּאָליטיק. און ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז עס געפינען זיך מענטשן, וואָס זעען די וועלט פון אַן אנדער ווינקל, וואָס ווילן זי בויען אויף אַנדערע יסודות. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, און דאָס מיינט — נישט געקאָנט פאַרצייען.

ער האָט זיך נישט געקאָנט אויסמאָלן, ווי ער קאָן זיצן ביי איין טיש מיט קייזער ווילהעלם, אָדער זיינע שלוחים, און האָט אויך נישט געקאָנט באַגרייפן — די אַנדערע זייט — זיינע קעגנער פון לינקס. נישט בויגזאַם, ליריש-סאָנעטיש, ווי זיין פּאָליטיק איז, האָט זי נישט געקאָנט תּופס זיין, אַז דעבס האָט אויך אַ שטאַנדפּונקט, וואָס לאָזט זיך דענקען, און ער האָט נישט געוואָלט מוחל זיין דעבסן און נישט געוואָלט אים באַפרייען פון דער טורמע.

מען האָט זיך געוואונדערט. זיינע בעסטע פריינט, די פריערדיקע באַוואונדערער פון ווילסאָנען, האָבן זיך די לעצטע פּאָר יאָר אָפּגעקערט פון אים אנטוישט און מיט צער. זיי האָבן געמיינט, אַז ווילסאָן האָט זיך געביטן, אַז די מאַכט האָט אים פאַרדאָרבן, אַז ער איז אַן עקשן, אַן אויטאָקראַט, אַ מענטש פון נקמה א. אז. וו.

ס'איז ריכטיק. די לעצטע צוויי יאָר האָבן געביטן די פאָרשטעלונג פון ווילסאָנס כאַראַקטער און באַדייטונג אַלס מאָראַלישער פאַקטאָר. אָבער דאָס איז נישט די שולד פון ווילסאָנען, ס'איז די שולד

פון דעם לעבן. ס׳איז די שולד פון דער אידעע, וואָס ווילסאָן האָט רעפּרעזענטירט.

גערעכטיקייט איז אַ גרויזאַמע זאַך. עמעצער מוז תּמיד ליידן פון איר. דאָס איז איר נאַטור. גערעכטיקייט לאָזט נישט צו קיין קאָמפּראָמיסן. רעכטס, אָדער לינקס, גוט, אָדער שלעכט — וואָס קאָן דאָ זיין פאַר אַ קאָמפּראָמיס? צוויי טריט אין דער זייט, און ס׳איז שוין נישט רעכט, און ס׳איז שוין נישט גערעכט. גערעכטיקייט איז דאָס, וואָס דאַרף זיין, און דאָ קאָנט איר זיך נישט דינגען. נעמט איר זי אָן — איז גוט, און אויב נישט, בויג איך אָן דעם באַרג איבער אייך — און „פּה תּהיה קבורתכם, דאָ וועט איר אונטערגיין.

אין די אַמאָליקע צייטן וואָלט אַזאַ מענטש, ווי ווילסאָן, גענו־מען זיין שטעקן, זיין מאַנטל און זיין ביבל און אַוועק ערגעץ אין אַ נייעם אָרט — צו גרינדן אַ נייע, אַ פּוריטאַנישע געזעלשאַפט, די געזעלשאַפט פון „Yea Verily", אָבער דאס האָבן שוין זיינע זיי־דעס געטאָן. ער האָט זיך געפונען אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז שוין פאָרמירט, וואָס לאָזט זיך שוין מער נישט קנעטן און בילדן, לויט דער פאָדערונג פון דער ריינער אידעע. און ווילסאָן האָט אָנגעהייבן צו פירן זיין קאַמף טאַקע דאָ, טאַקע אין אַמעריקע, פאַר דער אידעע פון נאַקס, פאַר די אידעאַלן פון דעם פּוריטאַניזם, פאַר דעם דיכטערישן אידעאַל פון דעם אוממעגלעכן.

ער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיך די משא פון אמעריקע, און דערנאָך פון דער גאַנצער וועלט. מען האָט זי אים געלאָזט טראָגן, ביז זי האָט אים נישט צעבראָכן. און איצט, ווען ער קאָן זי מער נישט טראָגן, איראָניזירן זיי, פרייען זיי זיך מיט שאָדנפרייד.

זיי, די מענטשן, אָן שום אידעאַלן, אָדער די מענטשן, וואָס האָבן אַנדערע אידעאַלן. אָן אומפאַרשטאַנענער גייט ער אַראָפּ פון דער בינע. ער האָט נישט געקאָנט פאַרצייען, און מען פאַרצייט אים אויך נישט.

מען פאַרצייט אים נישט, ווייל ער האָט נישט דערפילט, וואָס ער האָט פאַרשפּראָכן; מען פאַרצייט אים נישט, ווייל ער האָט צופיל געוואָלט איבער דעם קאָפּ פון דער וועלט. נישט די דענקער, נישט די פּאָליטיקער זענען גערעכט צו אים, פּונקט ווי ער איז נישט געווען גערעכט צו זיי. און ס׳קאָן זיין, אַז אויך דער היסטאָריקער וועט אים אָפּשאַצן נישט אַזוי הויך, ווי עס האָט אים געשאַצט זייַן

אייגענער דור — מיט אַכט יאָר צוריק. דער היסטאָריקער קוקט אויף רעזולטאַטן, נישט אויף מאָטיוון. און די רעזולטאַטן פון ווילסאָנס פּאָליטיק זענען ווייניקער, ווי דער גרעסטער פּעסימיסט האָט געקאָנט דערוואַרטן.

די איינציקע, פאַר וועמען ווילסאָן וועט בלייבן דאָס, וואָס ער איז, זענען די קינסטלער, די דיכטער. פאַר זיי אַליין וועט ער ווערן אַ נייער צענטער פון אַ לעגענדע, די לעגענדע פון דער גרויסער מענטשלעכער אינדיווידואַליטעט, וואָס האָט זי אַנטקעגנגעשטעלט אַנטקעגן אַ וועלט, וואָס האָט געוואָלט אומפאַרמען, אומבילדן די צייט, אַרויפלייגן אויף איר דעם חותם פון — אייביקייט.

און פאַר זיי אַליין וועט ווילסאָנס פּנים בלייבן אַ סימבאָל, דער פּנים פון אַ מענטשן, וואָס שטייט איינער אַליין אויף דעם הויכן טורעם, בענקט צום טאָל — און געפינט נישט דעם וועג. דאָס טראַגישע פּנים פון דעם מענטשן, וואָס האָט צופיל געוואָלט, און דערפאַר צו ווייניק אויסגעפירט, און האָט עס געוווּסט.

III

מענטשן, וואָס גיבן פּרעמיעס, האָבן זעלטן אַ חוש פאַר פּאַרדינסטן. געוויינלעך באַקומט דעם פּריז דער, אויף וועמען מען האָט זיך אַמווייניקסטן געריכט, דער, וואָס האָט עס אַמווייניקסטן פאַרדינט.

אַזוי איז דאָס געווען ביז אַהער דער פאַל מיט דעם נאָבעל־פּריז. מען פלעגט זיך וווּנדערן איבער די שטאָקהאָלמער הערן, וואָס האָבן צו באַשטימען איבער דער נאָבעל־פּרעמיע; מען פלעגט באַוווּנדערן זייער קונסט אויסצוזוכן דווקא די נישט־פּאַסנדיקסטע קאַנדידאַטן.

בפרט נאָך אויף דעם געביט פון ליטעראַטור און פּאָליטיק. אָט האָבן, למשל, צוויי מאָל באַקומען דעם נאָבעל־פּריז פאַר שלום — אַמעריקאַנער, וואָס האָבן געהאַט אַ רעכט אויף אַלצדינג — אַ חוץ אויף דעם שלום־פּריז: רוזוועלט און רוט. רוזוועלט, וואָס איז געווען אַן אמתער אימפּעריאַליסט, וואָס האָט געהאַט דעם פעסטן גלויבן אין דער געפּאַנצערטער פויסט. און סענאַטאָר רוט — וואָס איז אַזוי דורך און דורך קאָנסערוואַטיוו, אַזאַ הייסער און איבערגעצייגטער פאַרטיידיקער פון דעם היינטיקן — אָדער נעכטיקן — סאָציאַלן סיסטעם, דער

מאַכט פון עקאָנאָמישן מיליטאַריזם, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן!

ס'איז געווען קלאָר. אין שטאָקהאָלם, ווי אומעטום, אין דעם נאָבעל=פּריז=קאָמיטעט, ווי אין אַלע אַנדערע קאָמיטעטן, האָט מען געהאַט דרך-ארץ — פאַר דערפאָלג, אפשר פאַר — קראַפט.

מען האָט אין דער פּאָליטיק געקוקט תּמיד אויף די, וואָס האָבן דערגרייכט; און אין דער ליטעראַטור אויף די, וואָס קעמפן נישט, וואָס זענען נישט קאַלט און נישט הייס, אויף די, — גוטע און ווילע און די — אָנערקענטע...

אָבער די געשיכטע פון די לעצטע יאָרן האָט, ווייזט אויס, אויפגעוועקט אויך ביי די קאָמיטעט=מיטגלידער פון שטאָקהאָלם, די שופטים פון דעם נאָבעל=פּריז, דעם זין פאַר איראָניע, אָפּגעשוואַכט זייער רעספּעקט פאַר דערפאָלג און פאַר „באַלעבאַטישקייט”.

זיי האָבן דאָסמאָל געמאַכט אַ מערקווירדיקע וואַל: קנוט האַמסון האָט באַקומען די פּרעמיע פאַר ליטעראַטור און פּרעזידענט ווילסאָן — פאַר שלום.

איך ווייס נישט, צי דער נאָבעל-קאָמיטעט האָט בשעת מעשה געטראַכט פונם מערקווירדיקן צוזאַמענהאַנג צווישן די ביידע פּרעמירטע. איך ווייס נישט, צי זיי האָבן עס געטאָן בכיוון, אָדער אפשר איז דאָס געשען אומבאַוווסט, מיט דעם ריכטיקן אינסטינקט פאַר צוזאַמענהאנגען.

ווילסאָן און האמסון! דער אמעריקאַנישער פּרעזידענט, דער פּראָפעסאָר, דער געשלאָגענער וועלט-פּאָליטיקער, דער וועלט-לערער אָן תּלמידים; און קנוט האמסון, דער איינזאמסטער צווישן אַלע דיכטער, דער פרעמדער אין דער איצטיקער קולטור-וועלט.

איך ווייס, עס זעט אויס ווי צונויפפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט; אָבער די ווענט זענען גאָרנישט אַזוי ווייט איינע פון דער צווייטער. נאָכמער, ס'איז די איינציקע וואַנט — מיט צוויי פּאַסאַדן, איינע אַ ליטעראַרישע, די צווייטע אַ פּאָליטישע. דער אייגענער טעמפּעראַמענט, די אייגענע וועלטאָנשויונג — נאָר אַנדערש געפאַרבט, אין פאַרשידענע פאָרמען אריינגעגאָסן.

וואָס איז קנוט האַמסונס לייט-מאָטיוו? וואָס איז זיין טיפּישסטע געשטאַלט, די, וואָס דריקט אויס דעם עצם, דאָס טיפסטע אין זיין שאַפן? דאָס איז נאַגעל. נאַגעל אין אַלע זיינע געשטאַלטן. ער

קערט זיך אום מיט פארשידענע נעמען און אין פארשידענע לעבנס־באַציונגען אין אַלץ, וואָס האַמסון האָט געשריבן. און נאַגעל איז — אַ פרעמדער צווישן מענטשן. נאַגעל איז אַן איינזאַמער מיט ליבע צו מענטשן. נאַגעל איז אַ ט ר אַ כ ט ע ר, אַ פּאַסיווער מענטש. דער מענטש אָן קאָמפּראָמיסן.

ער וויל אַ סך און עס געראָט אים קיינמאָל נישט. ער האָט חלומות און קאָן זיי נישט דורכפירן. איז ער אַליין, מיט זיך, איז ער שטאַרק; קומט ער צווישן אַנדערע — פארשליסט ער זיך אין זיין נשמה־קעמערל און פארריגלט די טיר.

קנוט האַמסון האָט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר טאַט. פון די צוויי גרעסטע סקאַנדינאַווישע דיכטער — איבסען און ביערנסען — האָט ער אויסגעקליבן דעם צווייטן. ער האָט פיינט געהאַט איבסענען, ער האָט פיינט געהאַט טאָלסטאָיען, פיינט געהאַט אַלע, וואָס שטעלן זיך ה ע כ ע ר פון דעם לעבן. צו וואָס זאָגן מוסר, גריבלען זיך אין פּראָבלעמען, זענען אָדער ווילן זיין נביאים. ביערנסען איז געווען אַ מענטש מיט בלוט, טעמפּעראַמענט, א פּאַלקסמענטש, אַ קעמפער מיט ברייטע פּלייצעס, אַ מענטש, וואס האָט געקאָנט לאַכן און שרייען, און דער עיקר — טאָן.

דאָס איז קנוט האַמסונס אידעאַל: טאַט. און זיין גאַנצע טראַגעדיע, די טראַגעדיע פון זיינע העלדן איז, וואָס זייער אידעאַל איז צו ווייט און צו גרויס. און ווייטער — דאָס, וואָס זיי זענען צו קלוג, וואָט זיי זענען צופיל. איבסען האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ „מאָראַלישן וועקסל" און פאַרגעלייגט אים זיין צייט: נאַ, באַצאָל, אָדער דערקלער זיך באַנקראָט. איבסען איז געווען אַ מאָראַלישער שיילאָק, פּונקט ווי טאָלסטאָי.

אָבער האַמסון איז מוחל זיין וועקסל. ער פאָדערט נישט, ער זאָגט נישט, אַז ער איז גוט און די אַנדערע שלעכט, אַז ער איז גערעכט און די אַנדערע אומגערעכט. ער טיילט נישט איין די וועלט אין צדיקים און רשעים.

ער איז א וואַנדערער צווישן — איינגעזעסענע. ער פילט זיך פרעמד, ווייל ער ווייסט, אַז די וועלט, וואָס מאָלט זיך אים אויס, וואָס ער באַגערט, לעבט בלויז אין אים אַליין, און ער האָט נישט גענוג קראַפט — צו רעאַליזירן ז יי ן וועלט־חלום.

אַזאַ האַמסון־נאַגעל־פיגור איז אין דער פּאָליטישער געשיכטע וודראָו ווילסאָן. בשעת איך האָב געלייענט די ביכער פון קיינס, פון דילאָן, איבער די פאַרהאַנדלונגען אין ווערסאַל, האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט אַ מערקווירדיק טראַגיש בילד. אַרום דעם טיש, אין דעם שיינעם זאַל פון דעם פּאַלאַץ אין ווערסאַל, זיצן צוויי אייגענע און איינער אַ פרעמדער. עס זיצן צוויי תּושבים און איינער אַ וואַנדערער. קלעמאַנסאָ, דער האַרטער, דער קלוגער, דער אַקטיווער, דער זשורנאַליסט, דער מענטש מיט די גרויע הענטשקעס; דער אַדוואָקאַט און דעמאַגאָג לאָיד דזשאָרדזש, אַ מענטש אָן שום אידעאַלן און אָן פּראָגראַמען, דער מענטש פון דעם מאָמענט, פון האַנט־צום־מויל, דער גרינג-צעפרידנשטעלנדיקער.

און לעבן זיי — איינער, וואָס האָט אַ חלום, וואָס האָט ליבע מענטשן, וואָס לעבט אין אַ וועלט פון אידעען, אַ וואַנדערער אין גייסט: ווילסאָן.

ווילסאָן איז נישט קיין גרויסער דענקער, נישט קיין גרויסער שריפטשטעלער. זיכער איז קלעמאַנסאָ אַ בעסערער לימעראַט פון אים. און אין אייראָפּע צווישן די שטאַטסמענער און פּאָליטיקער זענען דאָ געלערנטערע פון אים, טיפערע דענקער, פונקט אַזוי ווי נאַגעל איז נישט געווען דער קליגסטער און געבילדעטסטער מענטש אין זיין סביבה.

אָבער דידאָזיקע מענטשן זענען געווען זעלבסטצופרידענע. פאַר זיי איז פּאָליטיק — אַ געשעפט. פאַר זיי איז די מלחמה געווען אַ פּאָליטישער חשבון — נישט קיין נשמה־חורבן, נישט קיין קרבן.

קלעמאַנסאָ האָט געוואָלט: עלזאַס־לאָטרינגען און די צעשטע־רונג פון דייטשלאַנד. לאָיד דזשאָרדזש: פלאָט, מאַנדאַטן, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע מאַכט. אָרלאַנדאָ: טריעסט און דאַלמאַציע.

ווילסאָן האָט גאָרנישט געוואָלט — אַ חוץ דעם אמת. גאָר-נישט — אַ חוץ דעם שלום. גאָרנישט פאַר זיך, גאָרנישט פאַר אַמע-ריקע — בלויז גערעכטיקייט.

זיי — קלעמאַנסאָ און די מיט אים — האָבן אויך געשריגן: גערעכטיקייט; די דייטשן האָבן געפאָדערט גערעכטיקייט, אָבער זייער גערעכטיקייט איז געווען, ווי די באַרימטע האָטענטאָטישע מאָראַל: גערעכט הייסט דאָס, וואָס איז גוט פאַר מיר; אומגערעכט — וואָס

איז גוט פאַרן צווייטן. ווילסאָן האָט געוואָלט: אַבסאָלוטע גערעכטיקייט.

געוויס, זיין גערעכטיקייט איז אַ האַמלעט-גערעכטיקייט. לאָז די וועלט אונטערגיין, אַבי רעכט זאָל געשען. אָן צדק, אָן יושר איז די וועלט נישט ווערט צו עקזיסטירן. און די אַלטע רוימישע יוריסטן האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס העכסטע רעכט איז דער העכסטער שאָדן.

ווילסאָן, דער פרעמדער, דער פאָליטישער נאַגעל, דער חלום-יאָגער מיט אומגעהייערער מאַכט, איז געזעסן צווישן דעם „רעדאַקטאָרלינגעס" פון איראָפּע, צווישן די זיכערע און פראָזאַישע, און האָט געפילט, אַז ער געהערט נישט צו זיי, אַז דער חלום, וואָס ער האָט געהאַט, איז פאַרשוווּנדן.

פראַנקרייך! וואָסער אַמעריקאַנער אידעאַליזירט נישט אַלצדינג, וואָס איז פראַנצויזיש. פראַנקרייך איז דאָס לאַנד פון לאַפאַיעט, די גרויסע רעפּובליק פון אידעען, פון פרייהייטס=קאַמף. אַזוי האָט זיך ווילסאָן אויך אויסגעמאָלט פראַנקרייך. ענגלאַנד! ווילסאָן האָט זי געזען מיט די אויגן פון אַ געלערנטן, פאַר וועלכן די ענגלישע קולטור איז וויכטיקער, ווי דאָסווירקלעכע ענגלישע לעבן. ער האָט געזען דאָס פאַרגייסטיקטע ענגלאַנד פון דזשאָן סטוּאַרט מיל, פון לאָרד מאָרלי, אָבער נישט דאָס אמתע — פון האָרעשאָ באַטאמלי. צוריק און פאָרויס — נאָר נישט דעם „דאָ".

און ער האָט זיך געפילט, ווי דער איינזאַמער מענטש. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר דעם מענטשן, וואָס האָט אים ליב געהאַט, דעם אבסטראַקטן מענטשן, — צי איז ער אַ דייטש אָדער אַ פראַנצויז, אַ טערק אָדער אַ סערב. ער איז געווען ווייט און פרעמד אין אַ וועלט, וואָס איז זיך אַזוי נאָענט. ער האָט געהאַט רעספּעקט דאָרט, ווו אַנדערע האָבן ציניש געשמייכלט. וואָס זענען, למשל, פאַר ווילסאָנען געווען די באַלקאַנען? אַ באַגריף. פאַר קלעמאַנסאָן אָדער פאַר אָרלאַנדאָן זענען דאָס געווען שכנים, נאָענטערע, צי ווייטערע, שכנים, וואָס מען קען צו גוט.

אין דעם לעבן פון קנוט האַמסון איז פאַראַן אַן אינטערעסאַנטער פּעריאָד, ווען ער פלעגט פירן די „פערד=טראַמווייען" אין טשיקאַבאָ. ער איז געווען אַ גאַנץ גוטער קאָנדוקטאָר, האָט געהאַט אַ הויכן און קלאָרן קול. אָבער ער האָט אויך געהאַט אַ גרויסן פעלער: ער

האָט זיך נישט געקענט אָריענטירן. ער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, וואָסער גאַס איז פריער, וואָסערע קומט שפּעטער, און פּלעגט אַראָפּלאָזן זיינע פּאַסאַזשירן גאַנץ פּלוצלונג אויף אַ פרעמדער גאַס. ער האָט געקאָנט פירן, רופן, ער האָט בלויז נישט געוווּסט ווו זיך אָפּצושטעלן.

אַט דער קנוט האַמסוּנישער צוג איז דער גרונדמאָטיוו פון זיי־נע דיכטערישע געשטאַלטן. עס איז אויך דער לייטמאָטיוו פון ווילסאָנס היסטאָרישער ראָלע אין דער וועלט. ער קאָן זיך אויך נישט אָריענטירן. ער פירט, ער האָט אַ ווונדערבאַרן, קלאָרן קול — אָבער זיינע פּאַסאַזשירן קומען נישט אַהינצו, ווו זיי האָבן באַדאַרפט.

נאַגעל אַנטלויפט פון דער שטאָט אין וואַלד אַריין, פון דעם לעבן, וואָס ער האָט אַזוי ליב, אין דער איינזאַמקייט, דאָרט, ווו ער קאָן ליב האָבן און אַלטן די וועלט — אומגעשטערט.

ווילסאָנס פּאַטוס, זיין מזל איז געווען אויף אַ קורצער צייט אַרויסצוטרעטן פון דער ספערע פון וועלן און באַגערן, פון טראַכטן, שטייענדיק פון דער זייט. ס'איז געווען אַן היסטאָרישער עקספּערימענט. ער איז נישט געלונגען. די פּראַקטישע וועלט איז נישט פאַר וואַנדע־רער, נישט פאַר אידעאַליסטן און נישט פאַר פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ק י י ט ן. ס'איז דער אייביקער קאַמף צווישן דער פּערזענלעכקייט און דער סביבה. די סביבה זיגט תּמיד.

אָבער די פּערזענלעכקייט בלייבט — אַלס אידעאַלע געשטאַלט. און דאָס איז דער סך־הכּל.

III

„איך בין פּאַרטיק" — ווילסאָנס לעצטע ווערטער. די ווערטער אויף דעם טויטנבעט.

פּאַרטיק צו וואָס? אויב עס איז אמת, אַז די וועלטגעשיכטע איז אַ וועלטגעריכט — אַ גרויסער בית־דין, וואָס משפּט און משפּט געזעכט — דעם גוטן פאַר זיין גוטס און דעם שלעכטן פאַר דעם, וואָס ער האָט געטאָן — איז ווילסאָן פּאַרטיק פאַר דעם וועלט־געריכט.

און דאָס וועלטגעריכט וואַרט אויף אים, ווי אויף ווייניק מענטשן פון אונדזערע צייט־חברים, — וואַרט אויף אים מיט אַ גרויסן אָנקלאַג.

מיט אַ שווערן פּראָצעס. ווי אויף אַלע גרויסע צוזאָגער, האָפענונגס־דערוועקער, אידעאַלן־אויפרודערער, ווי אויף אַלע, וואָס האָבן זיך געפּרווט אויפהייבן דעם מענטש, אָט דעם שווערן, אינערטן, ערד־צו־געבונדענעם קלאָץ — דערהייבן אים הויך, איבער זיך אַליין.

און ווען עס וועט קומען צו אַ בית־דין של מעלה, צו דעם אויבערשטן געריכט פון דער געשיכטע, וועט אים דער קטיגור פרעגן: וואָס האָסטו געטאָן? און צוליב וואָס? דערוועקט אידעען, אַריינגעוואָרפן זאָמען אין אַ שטיינערדיקער ערד, אַריינגעשלידערט אַ פלאַש ביימל אין אַ שריפה — און די שריפה האָט זי נאָכמער צעבושעוועט. האָבן זיי עס באַדאַרפט? האָט מען באַדאַרפט לעשן די שריפה? וואָלט עס נישט געווען בעסער, ווען מען וואָלט זיי געלאָזט זיך איינער דעם אַנדערן פאַרברענען, פאַרטיליקן, אויסראָטן — ביז עס וועט קיינער נישט בלייבן אויף דער ערד — ווי אין דור־הפלגה, און אויף די האַלאָוועשקעס — אויסבויען אַ נייע און פרישע וועלט?

גרויזאַם? אָבער די געשיכטע איז גרויזאַם, זי ווייסט נישט פון סענטימענטן און פּיינע, איידעלע געפילן.

באַרבאַריש? אָבער יעדער אַקט פון דעם לעבן איז באַרבאַריש — שאַפן, ווי פאַרניכטן, צעשטערן, ווי בויען! דער קאַמף איז דער פאָטער פון אַלע — דער ביטערער, דער אומברחמנותדיקער זיגער. און ווי דער אַלטער אָלימפּישער „פאָטער” טויט ער זיין פאָטער — און ווערט געטויט פון זיינע קינדער. אַזוי איז דער געזעץ, אַזוי איז דער ווילן פון דער וועלט.

און קומט מען מאַכן „שלום” צווישן זיי — איז מיט אַן אייזערנער האַנט, מיט אַ רוט און אַ בייטש, א שלום פון הערשאַפט און כוח, א שלום, ווו אַלע זאָלן זיין באַזיגטע, א חוץ איינעם — דעם זיגער. צעזאַר האָט עס פאַרשטאַנען — און האָט געגרינדעט די רוימישע אימפעריע. נאַפּאָלעאָן האַט דערפילט דעם וועלטווילן — און געשאַפן אַן אייראָפּע פון דעם ניינצעטן יאָרהונדערט. ווילסאָן האָט עס געהאַט אין זיין האַנט צו ווערן דער צעזאַר פון א נייער וועלט, נישט־בלויז אַן אייראָפּעישער, באַגרינדן א הערשאַפט איבער קאָנטינענטן און אַרויפצווינגען אויף זיי זיין ווילן, דעם ווילן פון דער נייער צייט. געהאַט אין דער האַנט די מאַכט און אַרויסגעלאָזט זי, געהאַט א שאַנס און פאַרשפּילט — און געפאַלן.

און דער ווערדיקט — „שולדיק אין מרידה אַקעגן דעם געזעץ פון דער וועלט". אזוי איז דער קטיגור, אַזוי אַלע קטיגורים אויף ווילסאָנען, וואָס האָבן אזוי שארף, אַזוי ווילד'אים קריטיקירט פאַר דעם, וואָס ער האָט געטאָן און פאַר דעם, וואָס ער האָט פארזוימט, פאַר דעם, וואָס ער האָט געקאָנט און דערפאר, וואָס ער איז געווען צו שוואַך.

זענען דען נישט אַלע קריטיקן פון ווילסאָנס היסטאָרישער אַר־בעט געגרינדעט דערויף? פון לינקס און פון רעכטס — די אייגענע טענה: ווילסאָן האָט אָפּגעשטעלט מיט זיין אייגענער מאַכט דאָס ראָד פון דער געשיכטע. ער האָט געשטעלט אן אייזערנע וואַנט קעגן די ווילדע כוחות, וואָס האָבן זיך צעשפּילט — און זיי זענען צוריק־געשלאָגן געוואָרן — און זייער צוריקלאַפּ האָט זיי געמאַכט נאָך ווילדער.

זיי זאָגען פון לינקס: ווילסאָן האָט פאַרשטאַרקט דעם נאַציאָ־נאַליזם, ווייל ער האָט אים נישט געלאָזט זיך אויסשטורעמען ביז צום סוף. ווילסאָן האָט צוריקגעדרענגט די סאָציאַלע כוחות, וואָס רייסן זיך פון זייער שטייג. עס האָט געקאָנט קומען צו אַ שלום פון מידקייט און אויסגעשעפּט זיין, אַ נאַטירלעכער שלום — ווילסאָן האָט אַריינגעשפּריצט דעם היפּאָדערמישן אויפרייצונגסמיטל — אידע־אַליזם — און האָט דעם פּראָצעס פון אויסשעפּונג פאַרהאַלטן.

זיי טענהן פון רעכטס: געשיכטע איז מאַכט, רעכט איז מאַכט. אַזוי איז דאָס געווען, אַזוי וועט עס, דאַרף עס, מוז עס זיין. ווילסאָן האָט עס געלייקנט. און דערפאַר האָט ער פאַרסמט די מענטשן, צע־שטערט די גרונטלאַגן, אַריינגעטראָגן אַ כאַאָס דאָרט, ווו עס איז געווען אַ נאַטוראָרדענונג. און זיי לאַכן: שלום, פעלקערבונד, אלע מענטשן ברידער!? דאָס איז גוט פאַר ביכער, דאָס איז שיין פאַר דרשות — אָבער דאָס זענען ווערטער, נישט רעאַליטעטן, און דאָס לעבן איז רעאַליסטיש. קאָן מען אקערן מיט ווערטער? קאָן מען פלאַנצן מיט אידעאַלן? אייזן מוז מען האָבן און ברוטאַלן כוח — און ווער עס איז שטאַרקער, דער געווינט.

און ווילסאָן שטייט אַלס אַ מורד פאַר דעם וועלטגעריכט. איינער פון די ווייניקע, אפשר דער ערשטער אין אַזאַ ראָלע.

עס זענען געווען אַנדערע מורדים פאַר אים — און גרעסערע לערער פון מרידה אַקעגן דעם נאַטורגעזעץ, מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דעם מוט צו זאָגן: „און דאָס לעבן זאָגט — פאָלג נישט מיר,

נאָר דיר, דיר", מענטשן, וואָס האָבן געזאָלט ברעכן דעם אייזערנעם גזר־דין.

אָבער זיי זענען געווען בלויז דערנער, בלויז פּרעדיקער. זיי האָבן בלויז אנדערע געהייסן — אַליין האָבן זיי נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט עס צו טאָן. ווילסאָן איז כּמעט דער ערשטער, וואָס האָט באַקומען די מעגלעכקייט. רוסאָס אידעען, קאַנטס אידעען, די אידעאַלן פון די נביאים, די עטיק פון דעם אור־קריסטנטום — אָט דאָס אַלץ אין אַ פּראַקטישער פּאָליטיק, אין אַ לאַנד, וואָס איז נאָך אַזוי יונג, אַז עס בייטיקט זיך נאָך נישט אין אידעען, אין אַ וועלט, וואָס איז אַזוי אַלט, אַז זי האָט שוין אָן זיי פאַרגעסן.

ער איז געשטאַנען אויסער דער צייט, און דאָס איז געווען זיין גרעסטער פעלער און זיין העכסטער היסטאָרישער, מענטשלעכער פאַרדינסט. פּאָליטיק נישט אַלס צוועק, נאָר אַלס וועג; מאַכט אַן אינסטרומענט, אָבער אַן אינסטרומענט, וואָס מען שאַרפט אָן און מען באַארבעט פאַר אַ גאַנץ נייעם געברויך. נישט דערצו איז געשאַפן געוואָרן דער אינסטרומענט פון מאַכט און פון רעגירונג, כּדי צו מאַכן די וועלט בעסער און שענער. מאַכט איז מאַכט. אַ קייט, אַ צוזאמענשטעלונג, אַ מחיצה, אַ דאַמבע. מאַכט קאָן צוריקהאַלטן און פאַרווערן, אָבער נישט אויפשטורעמען און באַלערן.

ווילסאָן האט אנדערש געטראכט. ער האָט געלעבט — ער, דער מאָדערנער מענטש — אין אַ וועלט פון אבסטראקטע פאָרשטע־לונגען, אין דער פאָרשטעלונג פון דעם מענטשן אַקעגן דער וועלט. יעדער האָט זיין פליכט — און זיינע איז געווען די גרעסטע, די שווערסטע: שאפן אַ נייע פרייהייט אין דער וועלט. ניי — מיט אַלטע מיטלען. שאפן — מיט אידעען און מיט דעם פּאַטאָס פון דער איבערצייגונג און דעם גלויבן אין די אייביקע ווערטן.

דאָס איז געווען אַ וועלטהיסטאָרישער פּאַראַדאָקס. דאָס איז געווען אַ „שינוי ערכין", אַן אויפשטאַנד אַקעגן אַלטע, איבערגעגנו־מענע, איינגעוואָרצלטע באַגריפן, און אַ מרידה ווערט געווייגלעך באַזיגט.

ווילסאָן איז געוואָרן באַזיגט. ער האָט גאָרנישט אויסגעפירט. נישט דער שלום איז געוואָרן דאָס, וואָס ער האָט געהאָפט, נישט דער פעלקערבונד פאַרפילט דעם פּלאַן, וואָס ער האָט פאַר אים באַ־שטימט. און פון דער „נייער פרייהייט", וואָס ווילסאָן האָט אין זיין

חלום געזען און געוואָלט פאַרווירקלעכן, איז געוואָרן א „נייע קנעכט־שאַפט", ערגער ווי די אַלטע, ווייל צינישער, ווייל באַוווסטזיניקער, ווייל ענגהאַרציקער.

אָבער ווי די וועלט האָט ליב די, וואָס האָבן ליב — אַזוי האָט אויך די וועלט ליב די, וואָס זענען מורד אַקעגן איר. און זי פאַרצייט זיי, פריער אָדער שפּעטער. ווייל פריער אָדער שפּעטער גייט די מרידה אויף און ברענגט פרוכט, ווייל פריער אָדער שפּעטער זיגן די, וואָס זענען געפאַלן.

און ווילסאָן דער מורד — האָט געזיגט. שוין דורך דעם אַליין, וואָס ער האָט געוואָלט, וואָס ער האָט געפּרוווט, וואָס ער איז אַזוי פּאַטעטיש, אַזוי טראַגיש געפאַלן.

ווילסאָן איז געוואָרן אַ לעגענדע — בשעת ער האָט אויפגע־הייבן די פאָן פון דעם מענטשהייטס-גלויבן. די פאָן איז ארויסגעפאַלן, די לעגענדע איז פאַרטונקלט. אָבער דער טויט האָט פריי געמאַכט די האַנט. א טויטע האַנט טראָגט א פאָן גרינגער, שטאַרקער, ווי א לעבעדיקע.

און די לעגענדע ווילסאָן הייבט אָן אויפסניי צו שיינען ערשט איצט.

# דזשעניגס ברייען.

.I

„דער מענטש, וואָס רעדט שיינע ווערטער — איז אַ שלעכטער כאַראַקטער". אַ מענטשנקענער האָט עס געזאָגט, אַ טיפער פאָרשטייער: בלעז פּאַסקאַל. עס איז זיכער איבערטריבן און איינזייטיק. מען קאָן האָבן אַ שלעכטן, זייער אַ שלעכטן כאַראַקטער, און נישט קאָנען אפילו עפענען אַ מויל. און מען קאָן זיין אַ וווּנדערבאַרער רעדנער און זיין אַ גוטער, פיינער און ליבער מענטש.

אָבער איך גלויב גאָרנישט, אַז פּאַסקאַל האָט געמיינט טאַקע דעם „כאַראַקטער", ווי מען פאַרשטייט אים געוויינלעך, ד. ה. די מידות, די באַציונג צו מענטשן, די מאָראַל. עס איז דאָ אַ חוצדעם — איך וואָלט כמעט געזאָגט, — סאָציאַלן כאַראַקטער פון אַ מענטשן — נאָך אַן אַנדערער, אַ טיפערער, אַן אינערער. אין די אַלטע פילאָזאָפישע ביכער פלעגט מען רעדן פון אַן „אינטעליגיבלען" כאַראַקטער, ד. ה. אַ כאַראַקטער, וואָס שטייט הינטער — אָדער איבערדעם צו אונדז צוגעקערטן כאַראַקטער פון דעם מענטשן. דאָס איז דער תוך פון דעם מענטשלעכן גייסטיקן לעבן, זיין ר י כ ט ו נ ג.

וואָרים עס איז נאָך נישט גענוג צו זאָגן: „אָט דאָס און דאָס וויל איך. עס איז אויך נייטיק צו וויסן: פאַרוואָס. עס איז ווייניק צו זאָגן: איך בין אַ דעמאָקראַט, אַ ליבעראַל, אַ קאָנסערוואַטאָר, אַ נאַציאָנאַליסט, אָדער אַ סאָציאַליסט. זאָגן נישט בלויז אַנדערע, נאָר זיך אַליין. זאָגן איז גרינג; פאַרשטיין פאַרוואָס, טיף

איבערלעבן דעם גרונט פון דעם אזוי, אָדער אַנדערש־זיין — דאָס איז אייגנטלעך די הויפּטזאַך. און פון דעם הענגט אויך אָפּ די טיפע אָפּשאַצונג פון אַ מענטשן; פון דעם הענגט אָפּ זיין ווירקונג.

און צו דעמדאָזיקן „כאַראַקטער״ פּאַסט באמת דאָס וואָרט פון פּאַסקאַל. שיין גערעדט, ווונדערבאַרע ווערטער, באַגייסטערונג, פּאַ־טאָס — אָבער וואָס שטעקט הינטער דעם אלעם? איז דאָס גאָלד, אָדער בלויז אָפּגעגילט מעש?

איך היט זיך תמיד פאַר דעם רעדנער. וואָס שענער ער רעדט, אַלץ גרעסער מיין חשד. וואָרים איך פרעג זיך: פאַרוואָס רעדט ער אַזוי שיין, אַזוי גלאַט? טראַכט ער אויך אַזוי? איז זיין דענקען אויך אַזוי קיילעכיק, אַזוי אָן עקן און שפּיצן, אָן ווינקלען און אָן פאַרטשעפּעניש, ווי זיין וואָרט? און אויב עס איז — וואָס פאַר אַ ווערט האָט זיין וואָרט?

אין די צפון־שפּראַכן, ד. ה. אין די גערמאַנישע, אין די סלאַ־ווישע שפּראַכן, איז גאָר נישטאָ קיין ריכטיק וואָרט פאַר דעם רעד־נער. דער דייטש זאָגט — רעדנער, דער ענגלענדער זאָגט — ספּי־קער. אָבער דאָס מיינט גאָרנישט. יעדער, וואָס רעדט, איז אַ „ספּי־קער״. זיי האָבן אין די צפון־לענדער נישט דעם וואָרט, ווייל זיי האָבן נישט דעם באַגריף און נישט די פאָרם; זיי ווייסן גאָרנישט, וואָס איז דאָס, אייגנטלעך, אַ רעדנער.

די איינציקע, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט די קונסט אין דער וועלט אַריין, זענען די דרום־פעלקער. זיי האָבן באַשאַפן דעם וואָרט „אָראַטאָר״. „אָראַרע״ איז דאָס לאַטיינישע וואָרט פאַר רעדן — רעדן עפנטלעך, אָבער אויך פאַר דאַוונען. און ווען מען דאַוונט, רעדט מען נישט, ווי געוויינלעך. אַנדערש ווערן די ווערטער אויסגעשפּראָכן, מיט אַן אַנדער וואַרעמקייט, מיט אַן אַנדער טאָן. זיי ווערן אויסגע־שפּראָכן, ווי די רוימער פלעגן זאָגן: „אָרע ראָטונדאָ״ — „מיט אַ קיי־לעכדיקן מויל״. קיילעכדיק קייקלען זיך די ווערטער, ווי בשמים־קייקעלעך, און צעגייען זיך אין מויל, און די ווערטער באַקומען אַ מין אייגנטימלעכן אַראָמאַט, פאַרכישופנדיק, פאַרשיכורנדיק, נישט נאָר פאַר דעם, וואָס הערט, נאָר אויך פאַר דעם, וואָס רעדט.

דער „אָראַטאָר״ מיט דעם קיילעכדיקן מויל רעדט מער נישט.

ווי יעדער אַנדערער, רעדט אַזוי ווייט, ווי ער האָט עפּעס וואָס צו זאָגן, זאָגט דאָס, וואָס ער האָט אויסגעדאַכט.

עס ר ע ד ט פון אים אַרויס. און ער אַליין איז נישט מער קיין האַר איבער זיינע אייגענע ווערטער.

עס איז נישט מער קיין פון מעגטש=צו=מענטש=טראַכטן, ווי רעדן זאָל דאָך זיין, נאָר א מין דאַוונען בציבור, אַן אָראַטאָריע, ווו דער פאַרזאָגער גיט דעם טאָן און דער עולם זאָגט נאָך. און ווי די אָראַטאָריע איז אויסגעוואַקסן פון דעם צוזאַמענגיסן די ביידע עלע-מענטן: דאָס זאָגן פון דעם „שליח ציבור" און די „טורבע רעספּאָנזע", דעם ענטפער פון דעם המון, אַזוי איז די קונסט פון דעם אָראַטאָר, די קונסט פון פאַרשמעלצן זיך מיט דעם עולם, געבן דעם טאַקט פאַר דעם „אמן" פון דעם המון. און ווי אַן אָראַטאָריע קאָן נישט זיין קיין פערזענלעכע, טיף=דורכגעפילטע, אייגענע מעלאָדיע; קאָן נישט זיין קיין מוזיק פון ניואַנסן און פון פיינקייטן, נאָר אָרגל-טענער, גלעקער=קלאַנגען, פּאַטעטישע, טיפע, הויכע, אַזוי איז דער אָראַטאָר גאָרנישט פעיק צו טראַכטן אין ניואַנסן, צו באַטראַכטן אַ פראַגע פון אַלע זייטן, צו אַרגומענטירן. ער מוז זיין איינזייטיק, ער מוז זיין אויבערפלעכלעך, מוז זיין גלאַט און גלענצנדיק און פאַרבלענדנדיק. ער רעדט נישט צום שכל, נישט צום יחיד, נאָר צום „המון"; ער וויל נישט קיין וויכוח, נאָר בלויז „אמן"; ער וויל נישט אויסגעפינען דעם אמת — ער וויל נאָר ווירקן. מ'מוז זיך היטן פאַר אַ רעדנער. ער פאַרפירט — און פריער פון אַלעמען זיך אַליין.

## II

איך גלויב, אז דאָס איז דער איינציקער צוגאַנג, דער איינציק-געררעכטער צו דער פערזענלעכקייט פון וויליאַם דזשענינגס ברייען. דער איינציק-גערעכטער, ווייל אַנדערש וואָלט מען געמוזט זיין צו שאַרף, צו אומבארחמנותדיק, צו גרויזאַם צו אים אַלס אַ פּאָליטישע פיגור. ברייענס טעטיקייט פאַר די דרייסיק יאָר פון זיין פּאָליטישן

לעבן, באַטראַכט אים מיט א קריטיש, קלאָר אויג — וואָס בלייבט? שוים. און אפשר נאָך ערגער: שוים-שלעגעריי, וואָס איז דאָ און אנדער וואָרט פאַר פּראָזע, פאַר אויפגעבלאָזנקייט, פאַר א טעאַטראַל לישן אָנשטעל.

לייענט איבער די רעדעס, וואָס ברייען האָט געהאַלטן — און ער האָט אַזויפיל גערעדט — די באַרימטע רעדע אין 1896, וואָס האָט אים געגעבן מיט איינמאָל א נאַציאָנאַלן רום און געמאַכט אים. דעם זעקס און דרייסיק-יאָריקן, פאַר דעם פירער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — וואָס האָט ער דאָרט געזאָגט? ער האָט גערעדט איבער א זייער קאָמפּליצירטער עקאָנאָמישער פראַגע: גאָלד אָדער זילבער; זאָל בלויז גאָלד זיין דער באַזיס פאַר געלט, אָדער זילבער אויך. דאָס איז געווען דעמאָלט א ברענענדיקע עקאָנאָמישע פראַגע. עס איז פאַר אונדז היינט שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס אזא פראַגע האָט געקאָנט שפּילן אזא וויכטיקע ראָל אין דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן. אָבער מען דאַרף נישט פאַרגעסן, די געוואַלטיקע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג, וואָס די וועלט, און הויפּטזעכלעך אַמעריקע, האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע דרייסיק-פערציק יאָר. דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן איז דעמאָלט געווען פּשוטער, און דאָס מיינט, אז די ווערטן זענען געווען קאָנקרעטער. מען איז געווען דעמאָלט אין עקאָנאָמישע פראַגן נאַיוו-רעאַליסטיש. דאָס לאַנד איז געווען געשפּאָלטן אין דער זילבער-פראַגע. דער אינדוסטריעל-ווערנדיקער מזרח איז געווען פאַר דעם גאָלד-באַזיס, דער אַגריקולטורעלער מערב — און, פאַרשטייט זיך, אויך דער דרום — ד. ה. די פאַרמערס, איז געווען פאַר דעם פרייען זילבער, פאַר דעם בימעטאַליזם.

די „וועסט" האָט אפשר אַליין נישט פאַרשטאַנען אירע אייגענע מאָטיוון. דער פאַרמער האָט געמיינט, אַז זיינע צרות, דאָס פאַלן פון די פרייזן אויף תבואה, קומט פון דעם גאָלד. און אַזוי ווי די טבע פון יעדן פויער איז צו זוכן די נאָענטסטע אורזאַך — איז ער געוואָרן א זילבער-פאַנאַטיקער.

אָבער די דעמאָקראַטן פון דער איסט האָבן נישט געהאַט די פאַרמער-פּסיכאָלאָגיע. זיי זענען געגאַנגען מיט דער שטאָט; זיי

האָבן אויך נישט פאַרשטאַנען, דאָך געפילט דעם גייסט פון דער צייט. אָבער זיי זענען געווען אין דער מינאָריטעט.

קומט אַרויף אויף דער טריבונע דער יונגער ברייען און האַלט אַ רעדע. וואָס זאָגט ער? האָט ער באַוויזן מיט עקאָנאָמישע מאָטיוון, מיט פאַקטן, מיט ציפערן, אַז דער בימעטאַליזם איז גוט און נייטיק? ניין! ער האָט אריבערגעטראָגן דעם גאַנצן ענין פון איין סקאַלא אויף אַן אנדערער — פון דער עקאָנאָמיש-פּאָליטישער אויף דער סאָציאַל-מאָראַלישער. „קרייציקט נישט די מענטשהייט אויף אַ קרייץ פון גאָלד!" אַזוי האָט ער געשלאָסן זיין באַרימטע רעדע. און די קאָנווענשאָן איז אויפגעשטורעמט געוואָרן. און ס'האָט זיך דערהערט אַ טריומף-געשריי איבער גאַנץ אמעריקע: „Habemus papam!" מיר האָבן אַ פּויפּסט! די דעמאָקראַטן האָבן געפונען זייער פירער.

די דעמאָקראַטן? נישט די דעמאָקראַטן פון קליוולאַנדס טיפּ, נישט די דעמאָקראַטן פון ווילסאָנס קאַטעגאָריע, נישט די דעמאָקראַטן, וואָס האָבן געוואָלט אַ קאָנסטרוקטיווע, אַ פּראָגרעסיווע פּאָליטיק. זיי האָבן תיכף דערהערט אין ברייענס ערשטער רעדע דעם פאַלשן טאָן. זיי האָבן געוווּסט: עס איז אַ דרשה פאַר די פאַרמערס, עס איז אַ רעדע פאַר דעם המון, עס איז אַן אָראַטאָריע, אָבער נישט קיין רעדע פון אַ פּאָליטישן פירער. דער עולם אָבער האָט געשריען „אמן"! — און די קליגערע האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן.

ברייען האָט „געפירט" זיין פּאַרטיי. האָט ער פאַרשטאַנען אירע פּראָבלעמען? האָט ער זיך אָפּגעגעבן דין וחשבון, וואָס ער וויל, וואָס ער וועט טאָן, ווען ער וועט באַקומען די מאַכט? זיין ערשטע רעדע איז געווען דער בעכטער ענטפער. ער האָט אָנגעהייבן מיט דער מליצה און איז געבליבן איר געפאַנגענער. ער איז גאָרנישט געווען, נישט קיין ליבעראַלער, נישט קיין פּראָגרעסיווער; אָבער ער האָט זיך אַריינגערעדט אין דער פּראָגרעסיווער פּראַזעאָלאָגיע אַזוי ווייט, אַז וואָל סטריט האָט זיך באמת דערשראָקן. די פינאַנץ-מענטשן האָבן געמיינט, אַז דאָ איז באמת אויפגעשטאַנען אַ נייער וויקליף, אַ נייער סאַוואָנאַראָלאַ, אַ נייער, אַן אַמעריקאַנער טאָמאַס מינצער, וואָס פירט דאָס פאָלק צו אַ נייער וועלטאָרדענונג. און זיי האָבן גאָר-

נישט געוווּסט, אַז ברייען מיינט גאָרנישט, וואָס ער זאָגט — מיינט עס נישט אַזוי.

דאָס פאָלק האָט אויך געגלויבט דער מליצה. אָבער מערקווירדיק, עס האָט אויך דערפילט, אַז עס איז נישט מער, ווו מליצה, וואָס איז זייער שיין, זייער קלינגענדיק, זייער שטימונגספול, ווי אַן אָראַטאָריע, אָבער ווייטער גאָרנישט. און ברייען האָט נישט באַקומען די מאַכט. דאָס פאָלק האָט זי אים נישט געגעבן.

וואָלט ברייען געווען באמת אַ פּאָליטיקער, א שטאַטסמאַן, אַ סאָציאַלער דענקער, וואָלט פון זיין זילבער־צונגיקער אַגיטאַציע פאַר זילבער ארויסגעוואקסן אַ גרויסע, פּראָגרעסיווע פּארטיי. אבער ברייען האָט נישט געהאַט די פעיקייט צו דענקען פאַר זיך, ער האָט געקאָנט בלויז אויפנעמען פאַרטיקע לאָזונגען און פאַרמליצהווען זיי. ער האָט געקאָנט בלויז דאַווענען פון דעם סידור.

און פון זיין גאַנצן פּראָגרעסיוויזם איז באַלד גאָרנישט געבליבן. ער האָט תמיד געקעמפט פאַר זאכן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין ממשות, און קעגן זאַכן, וואָס זענען גאָרנישט געווען קיין סכּנה. ער האָט גאָרנישט געקעמפט, ער האָט בלויז גערעדט, און אין רעדן פאַרגעסן דעם צוועק און דעם זין פון דעם ענין אַליין.

ווייל פאַר אים איז געווען דער עיקר נישט די זאַך, נאָר דאָס וואָרט. דער מדרש און נישט דער תוך, דער משל און נישט דער נמשל.

אַזוי איז דאָס געווען אין דער פּאָליטיק, אַזוי אין דעם קאַמף פאַר אַ וועלטאָנשויונג. אויך וועגן זיי וואָלט א דענקענדיקער מענטש, אפילו אַן אָרטאָדאָקס, אפילו אַ קעגנער פון דער עוואָלוציע און דער גאַנצער מאָדערנער קולטור, אַנדערש גערעדט און אַנדערש אַגיטירט. שטילער וואָלט געווען העכער. מילדער וואָלט געווען עפעקטפולער. אבער ברייען האָט נישט געקאָנט דענקען, האָט נישט געהאַט די געדולט צו פאַרטראַכטן זיך איבער אַ פּראָבלעם און דורכצוטראכטן אים. ער האָט לכתחילה געהאַט דעם פּסוק און די מליצה, די פראַזע און דעם זעעסט; צוערשט דעם שלוס און דערנאָך ערשט דעם אָנהייב, צוערשט די רעטאָריק און דערנאָך דעם געדאַנק.

און וואָס איז פאַר אַ ווונדער, וואָס ער איז אַזוי דראַמאַט[illegible]

דורכגעפאַלן? דער אָראַטאָר האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם לאָגיקער, דער וואָרטמענטש — אויף דעם מענטש פון געדאַנק, און דער קאַמף איז געווען צו אומגלייך, צו שווער. עס איז דאָך געווען נישט צום ערשטן מאָל. פאַר דאראוס לאָגיק האָט די לאָגיק פון ווילסאָנען צעשלאָגן אויף שטיקלעך די אָראַטאָריע פון ברייענען. עס איז בלויז געווען נישט אַזוי עפנטלעך, נישט אַזוי טעאַטראַליש.

אָבער אין דעטאָן, ווי אין וואַשינגטאָן, קעגן דאַרווינען, ווי קעגן דעם מאָדערנעם פּאָליטישן דענקען — איז ברייען געווען הילפלאָז. ווייל אַן אָראַטאָריע קאָן מען שפּילן פאַר אַ המון, נישט פאַר אַן איינצלנעם, און אַן אָרגל איז גוט בלויז אין אַ קאַטעדראַלע, נישט אין אַ קליינעם קאַבינעט. און ברייען האָט געקאָנט שפּילן בלויז אויף אַן אָרגל.

III

מיט אַ יאָר צען צוריק האָב איך זיך געטראָפן מיט ברייענען אין ניו־יאָרק. אַ האַלבע שעה, אָדער אפשר ווייניקער, האָט געדויערט אונדזער אונטערערדונג. און עס איז מיר — שוין דעמאָלט — גאָרנישט געבליבן אין קאָפּ פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט. איך האָב געהערט אַ פיינע שטימע, אָבער פון דערנאָענט האָט זי נישט געווירקט. איך האָב געהערט שטיקלעך דרשות — און פון מענטש צו מענטש זענען זיי געווען לעכערלעך. און איך האָב געזען אַן אָנישטעל, וואָס האָט נישט געווירקט.

איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז מיין אורטייל איז צו סוביעקטיוו, אַז איך האָב נאָך נישט געכאַפּט דעם טאָן פון אַמעריקע, אַז איך טרעט צו־צו אים מיט פרעמדע מאַסשטאַבן; אָבער די צען יאָר האָבן באַוויזן, אַז דאָס איז געווען נישט בלויז אַ סוביעקטיווער איינדרוק פון אַ זייטיקן. גאַנץ אַמעריקע האָט אָנגענומען אַזאַ שטעלונג צו ברייענען. זי איז מיד געוואָרן פון דער רעטאָריק און פון דעם פּאַטאָס, זי איז מיד געוואָרן צו זאָגן אמן צו אַן אויפגעשרויפטער אָראַטאָריע. און ווען ברייען האָט באַדאַרפט צו האָבן אמן־זאָגער,

האָט ער געמוזט פאָרן אין די בערג פון טענעסי. עס איז געווען זיין ירידה. ער האט עס געפילט. נאָך אַ ביסל — וואלט ער געווארן די לעכערלעכסטע פיגור פון אמעריקע. דער טויט האט אים געראַ־טעוועט דערפון.

דער גרעסטער גליק פאַר א רעדנער איז — אַ דראַמאַטישער פינאַל. און ברייען האָט געהאַט צום לעצטן מאָל אַזאַ גליק.

# ראָבערט מעריאָן לאַפּאָלעט.

א קליינער מאַן מיט א רייכן קאָפּ האָר, גרוי, אָבער נאָך נישט ווייס, גרוי מיט דעם רויטלעכן אָפּגלאַנץ פון פארגאנגענער, פלאַמענ=דיקער, רויט=שטראַלנדיקער יוגנט — אזוי האָב איך אים נישט איינמאָל געזען אין דעם סענאט אין וואשינגטאָן. צווישן די טיפּיש־אַמעריקאַנישע פיגורן — אמאָל אַזוי געוויינלעך, אזוי צוועלף-אויף=אַ=טוּצעדיק, אמאָל אויך פּאַטריציש=עלעגאנט, מיט דער אַלטמאָדישער עלעגאנץ פון די עקס=פּלאַנטאַטאָרס אין לואיזיאַנא, אָדער טענעסי, אַ כמעט אומאַמעריקאַנישע, כמעט אייראָפּעישע פיגור.

עס איז שווער זיך אויסצומאָלן סענאַטאָר באָרא, אָדער סענאַטאָר הייראַם דזשאַנסאָן, אָדער סענאַטאָר סמוט פון יוטא אין אַן אַנדער סביבה, ווי אין דער אמעריקאַנישער. אָבער ראָבערט מעריאָן לאַפּאָלעט וואָלט אָן שום מי זיך אריינגעפּאַסט אין דעם פּאַלע=בורבאָן, אין דעם רייכסראַט פון ווין, אָדער אפילו אין דעם איטאַליענישן מאָנטע=טשיטאָריאָ. און אפשר נאָך בעסער, ווי אין דעם קעפּיטאָל פון וואַשינגטאָן.

זיי האָבן אים צוגעלייגט דעם נאָמען „פאַיטינג באַב", דער קעמפנדיקער באַב, און אויף אים, אַזוי צו זאָגן, ארויפגעלייגט דעם שטאַמפּ פון אַמעריקע. אָבער באַב איז געבליבן תמיד ראָבערט מעריאָן לאַפּאָלעט, דער מאַן מיט דעם אורפראַנצויזישן נאָמען און מיט דעם פראַנצויזישן בלוט און טעמפּעראַמענט.

און ווער ווייסט, צי די וועלט האָט נישט פארלוירן זייער פיל פון דעם, וואָס פון דעם מאָסיע ראָבער מאַריאָן לאפּאָלעט — מיט

אָדער אָן אַ „דע" — איז געוואָרן פּשוט באַב, דער איינזאַמער קעמפּדיקער באַב פון וויסקאָנסין? אין פראַנקרייך וואָלט ער זיכער געוואָרן אַ פירער, אַ גרינדער פון אַ פּאַרטיי, אַ שאַפער פון געשיכטע, פּרעמיער פון אַ קאַבינעט, פּרעזידענט פון דער רעפּובליק — אַ דראַמאַטישע קאַריערע מיט אַלע אירע אַראָפּ און אַרויף. און די פראַנצויזן וואָלטן אים זיכער צוגעלייגט דעם נאָמען „ראָבער לע דיאַבל", ראָבערט דער טייוול, ווי זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן זייער אייגענעם לאַפּאָלעט, דעם אַלטן קלעמאַנסאָ, דעם נאָמען „דער טיגער"; וואָלטן אים פיינט געהאַט און ליב געהאַט, דערפאַר, וואָס ער האָט זיי געגעבן וואָס פיינט צו האָבן; וואָלטן אים באַזונגען און באַשריבן און געפלאָכטן אַרום אים — ביים לעבן — און נאָכמער נאָך דעם טויט — דעם קראַנץ פון אַ לעגענדע.

אָבער לאַפּאָלעט איז געבוירן געוואָרן נישט אין ראָשעל, אָדער נאַנט, פונ׳אַנען זיינע אורעלטערן, די פראַנצויזישע הוגענאָטן, זענען געקומען, נאָר אין וויסקאָנסין, אין אַ שטאַט פון שוועדישע און נאָרוועגישע און דייטשע פאַרמערס, אין אַ ריין-גערמאַנישער סביבה, אַריבערגעפלאַנצט אין דער אַנגלאָזאַקסישער אַמעריקע, און דערפאַר טאָפּלט האַרט, טאָגטעגלעך, אָרעם אין פאַנטאַזיע, פּראָזאַיש.

און לאַפּאָלעט האָט געמוזט צופּאַסן זיין טעמפּעראַמענט צו זיין סביבה. ער איז געווען דער געבוירענער פּאָליטיקער, ריכטיקער — דער שטאַטסמאַן, ד. ה. דער מאַן פון אידעען פאַר דער געזעלשאַפט; אַ טאַלאַנט, וואָס איז אַזוי זעלטן אין די גערמאַנישע לענדער און כמעט נישט בנמצא אין אַמעריקע.

מיט דער אויסנאַם פון די ערשטע, די, וואָס האָבן נאָך אַליין געמוזט שאַפן אַ פאָלק פאַר אַ לאַנד און אַ פאָרם פאַר אַ פאָלק, האָט אַמעריקע נישט געוואָלט, נישט געקאָנט האָבן קיין שטאַטסמענער; נישט געוואָלט — ווייל דאָס גאַנצע טראַכטן איז פילן פון דעם אַמעריקאַנער איז געווען — און איז — אומפּאָליטיש, אומסאָציאַל. זיי זענען יורשים. די עלטערן האָבן אַלצדינג אויפגעטאָן, געלייזט אַלע פּראָבלעמען, פאַרענטפערט אַלע קשיות — ווייטער איז נישטאָ וווּ צו גיין. די לוחות זענען געגעבן, איצט — „יעדער אין זיינע געצעלטן"; די פליכט פון דעם יחיד איז בלויז צו זיך אַליין.

עס איז מעגלעך, אז אײנע פון די מערקווירדיקסטע פאָרמען פון דעם אַנגלאָזאַקסישן וואָרטגלויבן, אָדער דער ליבע צו דער פיקציע. מען האָט אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז אַלצדינג, וואָס איז, איז גוט, און קאָן גאָרנישט בעסער ווערן און דאַרף עס נישט ווערן. צו וואָס זוכן, ווען מען האָט שוין אַלצדינג געפונען? צו וואָס נײַע וועגן, ווען עס גײט זיך אַזוי גוט, אַזוי גרינג אויף די אַלטע? און יעדער, וואָס האָט געפרעגט, געזוכט און געצווייפלט, איז לכתחילה געשטעמפּלט געוואָרן פאַר אַ מורד, פאַר אַ רעוואָלוציאָנער, פאַר אַ „ראַדיקאַל". און אַ ראַדיקאַל הייסט דאָך אײנער, וואָס גייט צו די וואָרצלען. די וואָרצלען אָבער זײַנען הייליק.

דער אייניקל פון די הוגענאָטן האָט אָבער נישט געהאַט קיין אַנגלאָזאַקסישע מורא פאַר וואָרצל-זוכן. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם וואָרט „ראַדיקאַל". ווי די פראַנצויזישע פּראָטעסטאַנטן אין דער צייט פון די גלויבנס-מלחמות האָבן מיט שטאָלץ אויפגענומען דעם צונעמעניש, וואָס זייערע קעגנער האָבן זיי געגעבן — „געז", בעטלער — געגומען דעם שימפּאָרט און געמאַכט פון אים אַ היסטאָרישן פּאַרטיינאָמען, אַזוי האָט ראָבערט מעריאָן אויפגענומען דאָס וואָרט פּראָגרעסיוו און ראַדיקאַל און געמאַכט פון אים אַ לאָזונג פאַר זיך, אַ קאַמפּרוף און סימבאָל.

אמת, בלויז „פּראָגרעסיוו". פאַר דעם וואָרט ראַדיקאַל האָט אפילו לאַפאָלעט מורא געהאַט. אָבער בלויז פאַר דעם וואָרט, נישט פאַר דעם תּוך. ווייל זיין פּראָגרעסיוויזם איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער, ווי דער רוזוועלטישער. און לאַפאָלעט איז געווען גערעכט, ווען ער האָט ביטער פאַריבל געהאַט אויף רוזוועלטן, וואָס ער האָט בײַ אים צוגענומען די פּראָגרעסיווע פאָן און איז געוואָרן איר טרעגער אין 1912. ווייל רוזוועלטס פּראָגרעסיוויזם איז געווען בלויז אַ שפּיל מיט ווערטער, אַ טראָפּן ליבעראַליזם אין אַ ים פון אימפּעריאַליזם. רוזוועלט איז געווען מייניקער פּראָגרעסיוו, ווי זיין פּראָגראַם. לאַפאָלעט — מער. פאַר רוזוועלטן איז דער פּראָגרעסיוויזם געווען נישט מער, ווי אַ פּאָליטישער באַלון, פאַר לאַפאָלעטן — אַ לעבנסאָנשויונג, אַ טיפגייענדיקע איבערצייגונג.

עס זײַנען פאַראַן אין דער פּאָליטישער ליטעראַטור פון אַמעריקע צוויי פיגורן, וואָס שפּיגלען אָפּ די ביידע „פּראָגרעסיווע" פירער פון

אַמעריקע, דער אַמעריקע, וואָס באַלאַנגט שוין צו דער געשיכטע: איין פיגור איז די אָסטין ווײַן אין ווינסטאָן טשוירטשילס באַרימטן ראָמאַן, „די קאַריערע פון מר. קרו״; די צווייטע איז די געשטאַלט פון דעם רעפאָרמער פרעסלי אין פרענק גאָריסעס ראָמאַן „דהי אָקטאָפּאָס״. מר. אָסטין ווײַן איז דער פאַרטרעטער פון „יונג-אַמעריקע״ און דער פּאָליטיק, פון דער אַמעריקע, וואָס האָט רעוואָלטירט אַנטקעגן דעם פּאָליטישן באָס, אַנטקעגן דעם מאַרק האַנאַ רעזשים, אַנטקעגן דער ציניִשער הערשאַפט פון די „אינטערעסן״. אָסטין ווײַן טענהט מיט דעם פּאָליטישן באָס און אייזנבאַן-מאַגנאַט, מר. פלינט, און באַווייזט אים, אַז די טאַקטיק פון די אייזנבאַן-געזעלשאַפטן צו דיקטירן די פּאָליטיק פון דעם לאַנד איז אַ פאַלשע און קאָן נישט פירן צו קיין גוטע רעזולטאַטן. מר. פלינט שמייכלט. „איך האָב מורא, אַז אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט קאָנען אייערע אוטאָפּיסטישע מעטאָדן נישט נוצן. מיר לעבן אין אַ קאָמערציעלער צײַט און מוזן באַשיצן די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט״. דערויף ענטפערט אים אָסטין ווײַן, דער רעפאָרמער: „יאָ, מיר האָבן זיך געביטן מ אַ ט ע ר י ע ל; אָבער איר מאַכט אַ פעלער, ווען איר באַטאָנט צו שטאַרק די מאַטעריעלע זײַט. זענען דען נישטאָ אויך מ אַ ר אַ ל י ש ע אינטערעסן, מר. פלינט?״

אזוי דער רוזוועלט-פּראָגרעסיווער. און מר. פלינט קאָן ווייטער שמייכלען. ער ווייסט, אַז ווען אָסטין ווײַן וועט קומען צו מאַכט, וועלן די אייזנבאַן-מאַגנאַטן קיין שאָדן נישט האָבן. זיי האָבן געהאַט א מעגלעכקייט זיך צו איבערצייגן, ווען רוזוועלט איז געווען פּרעזידענט.

אַנדערש פרעסלי אין נאָריסעס ראָמאַן. ער רעדט איבער דער אייגענער טעמע, איבער די „אינטערעסן״. אָבער ווי רעדט ער! „זיי באַזיצן אונדז, זענען אונדזערע באַלעבאַטים, די האַרן איבער אונדזערע האַרן, איבער אונדזער געזעצגעבונג. מיר קאָנען פון זיי נישט אַנטלויפן, עס איז פון זיי נישטאָ קיין אַנטרינען. מען זאָגט אונדז, אַז מיר קאָנען זיי באַזיגן מיט דעם שטימצעטל. מען זאָגט אונדז, אַז מיר קאָנען זוכן הילף אין דעם געריכט. זיי באַזיצן דעם געריכט... זיי באַשווינדלען אַ נאַציע פון הונדערט מיליאָן און רופן עס פינאַנסן.

זיי קאָרומפּירן די געזעצגעבנדיקע קערפּערשאַפטן און רופן עס אַן פּאָליטיק... א. אז. וו. — און דאָס איז אַמעריקע!"

צו שטאַרקע, צו געדיכטע, צו איבערטריבענע פאַרבן — אָבער מען קאָן דערקענען דעם קול: עס איז לאַפּאָלעט. ער רעדט אויך פון „מאָראַל", אבער אנדערש ווי רוזוועלט און אויך אנדערש ווי ווילסאָן. פאַר זיי איז מאָראַל געווען אַן אידעע, אדער אַן אידעאַל. פאַר אים איז דאס א פּאָליטישע, א סאציאַלע פאָדערונג. „מיר האָבן זיך פאַרפליכטעט צוצושטערן די פּריוואַט-מאָנאָפּאָלן, נישט צו רעגולירן זיי. ווייל פּריוואַט-מאָנאָפּאָל איז נישט נאָר אַ געזעצלעכער פאַרברעכן, עס איז אַ מאָראַלישער פאַרברעכן". אזוי האָט לאַפּאָלעט געזאָגט אין איינער פון זיינע לעצטע רעדעס אין דעם פּרעזידענט-קאַמפּיין פון 1924. און האָט עס געמיינט.

פאַר אים איז דער טראָסט געווען נישט בלויז א פאַרברעכן אַנטקעגן דעם שערמאַן-אַקט, נאָר אַ זינד אַנטקעגן די יסודות פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. און ווען ער האָט גערעדט פון מאָראַל, האָט ער געמיינט נישט די מאָראַל פון דעם יחיד, נאָר די מאָראַל, ד. ה. דעם לעצטן זין און העכסטן יושר פון דער געשיכטע.

און דאָס האָט אים אונטערגעשיידט פון אַלע אַנדערע רעפאָרמערס און אידעאַליסטן. זיין דענקען איז נישט געגאַנגען אויף דער אַנגלאָ-זאַקסישער ליניע. נישט דעם יחיד, נאָר די געזעלשאַפט, איז געווען זיין פּראָבלעם. און דערפאַר איז ער קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן, ווי רוזוועלט, אָדער אפילו ווילסאָן, פון די קלענערע שוין אָפּגערעדט, — אין די מאָראַלישע באַנאַליטעטן, אין דעם „קענט" פון אַ זונטיקס-פּרעדיקער. און דערפאַר האָט ער אויך נישט מורא געהאַט פאַר אַ קאַמף, אַ ביטערן, אַ האַרטן, אַ פאַרעקשנטן.

און דערפאַר האָט מען אים אַזוי פיינט געהאַט אין אַלע קרייזן פון אַמעריקע, צווישן רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן, צווישן קאָנסערוואַטיווע און פּראָגרעסיווע. ער האָט געקעמפט מיט אייגענע וואָפן, און זיין כּלי-זין איז געווען: אַבסטרוקציע, „פיליבוסטער". אויך דאָס איז נישט אַנגלאָזאַקסיש. דער „עכטער" אַמעריקאַנער האָט דעם העכסטן רעספּעקט פאַר דער צאָל. די מאַיאָריטעט וויל — מוז עס זיין אַזוי, איז עס גערעכט אַזוי. מען דיסקוטירט אַ ביסל, פאַר דער פאָרם וועגן, אָבער נישט צו שטאַרק. און פאַרלירט מען דעם קאַמף,

נעמט מען עס זיך נישט צום האַרצן. פּאָליטיק איז סוף כּל סוף אַ ספּאָרט, אַ שפּיל.

פאַר לאַפּאָלעטן איז פּאָליטיק געווען נישט קיין ספּאָרט, נאָר אַ לעבנסאויפגאַבע. ער האָט געוואָלט נישט שפּילן פּאָליטיק, נאָר שאַפן נייע פאָרמען פון לעבן, מאַכן געשיכטע, און האָט געקעמפט, ווי אַ לייב, אפילו אַנטקעגן די רעגעלן פון דעם „קלוב”. וואָס הייסט סע־באַט — און תּמיד פאַרלוירן.

תּמיד פאַרלוירן. ווײַל סוף כּל סוף, פון דער גאַנץ לאַנגער, שטורמישער קאַריערע פון לאַפּאָלעטן איז כּמעט גאָרנישט געבליבן. ער האָט נישט געשאַפן קיין אייגענע פּאַרטיי. ער האָט נישט אי־בערגעלאָזט קיין פּאָליטישע ירושה. און דאָ איז געווען די גרע־נעץ, וואָס אמעריקע האָט אים געשטעלט ביז אַהער און נישט ווײַ־טער. אמעריקע האָט זיך צו אים באַצויגן, ווי ענגלאַנד צו ביקאָנס־פילד: מער אַ שוישפּיל, ווי אַן ערנסט. בלויז ביקאָנספילד איז געווען קינסטלערישער, ווי לאַפּאָלעט, געהאַט מער פאַנטאַזיע פון אים. ער האָט איבערגעכיטרעוועט די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי. לאַפּאָלעט האָט נישט געקאָנט אָפּנאַרן און פאַרנאַרן די „טאָריס” פון אַמעריקע. זײַן מעטאָדע איז געווען צו דירעקט, צו פראַנצויזיש, צו פול מיט אימפּעט.

און ווען ער האָט עס שוין פאַרשטאַנען, אַז אין דער פּאָליטיק מוז מען אויך ריזיקירן מיט אַן אייגענער שאַפונג, און אַז ראַדיקאַל מיינט — גיין צו די וואָרצלען, ווען ער האָט, אין 1924, געוואָלט גרינדן אַ נייע, אַן אייגענע, פּאַרטיי, איז עס שוין געווען צו שפּעט. מיט ניין און זעכציק יאָר קאָן מען שוין מער נישט שאַפן קיין נייע פאָרמען. ער האָט לכתּחילה געוווסט, אַז ער וועט דאָסמאָל אויך פאַרלירן, אָבער ער האָט עס געמוזט. ער האָט געמוזט אונטער־ציען די לעצטע שורה. זײַן אַלטער, פראַנצויזישער פאָרמגייסט האָט אים געצוווּנגען צו געבן עפּעס אַ געשטאַלט זײַן אייגענעם פּאָליטישן לעבן. אָבער די האַנט איז שוין געווען אַלט און שוואַך — און די פאָרם איז אַרויסגעקומען אומגעלומפּערט.

און ווער ווייסט, צי עס וועט זיך לאָזן ווײַטער ציען די איי־גענע ליניע? ווײַל לאַפּאָלעט איז דאָך געווען נישט קיין שעפער

פון אידעען, נאָר אַ טעמפּעראַמענט; א פּערזענלעכקייט און נישט קיין פירער. און טעמפּעראמענטן גיבן זיך נישט איבער אין אַ צוואה. אָבער אַ פּערזענלעכקייט בלייבט אין דעם זכרון. און דאָס איז זייער ראָלע אין דער געשיכטע, די ראָלע פון לאַפּאָלעט, איינע פון די לעצטע פּערזענלעכקייטן פון דער שוין אַלטער, שוין כמעט אָפּגע־שטאָרבענער „העראָישער" אמעריקע.

# סענאַטאָר ערווין פ. לעד.

אין וואַשינגטאָן, אין סענאַט, אין דער אָפיציעלער אָנגעצויגע־נער אטמאָספערע איז שווער זיך צו באַקענען נענטער, אינטימער מיט דעם געדאַנקענגאַנג פון א פּאָליטיקער. זיי זענען שטענדיק באַשעפטיקט — אָדער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי זענען עס. זיצט איר מיט א סענאַטאָר, אָדער א קאָנגרעסמאַן אין זיין „אָפיס", אין דער קעפּיטאָל־געביידע, קלינגט יעדע מינוט דער טעלעפאָן אָדער דער „גאָנג", וואָס רופט די געזעצגעבער צו אַן אָפּשטימונג. דער סעקרעטאַר קלאַפּט אויף דער מאַשין. באַזוכער נאָך באַזוכער קומען צום געזעצגעבער: איינער נאָך אַ טובה, אַן אַנדערער מיט אַן עצה, א דריטער — גלאַט א ווייל'ער, וואָס איז צופעליק אין וואַשינגטאָן און האַלט עס פאַר זיין חוב צו דריקן די האַנט זיין „פאַרטרעטער".

און בכלל — אפילו אָן דעם אַלעמען, די סביבה אַליין לייגט אַרויף איר חותם. די פּאָליטישע מאַשין איז אין פולן גאַנג — און דער מענטש ווערט פאַרכאַפּט פון די רעדער. ער האָט קיין צייט נישט צו טראַכטן, זיך צו פאַרטראַכטן. ער ווערט א טייל פון דער מאַשין. ער ווערט אליין שאַבלאָן. מען קען דערפאַר אזוי ווייניק די סענאַטאָרן און בכלל די פּאָליטישע פאַרטרעטער פון אמעריקע. מען זעט זיי בלויז אין דעם שפּיגל פון די פּאָליטישע רעפּאָרטערס — און דאָס איז כמעט תמיד אַ קרומער שפּיגל.

ווי אָפט האָב איך — ביי מיינע באַזוכן אין וואַשינגטאָן — געוואָלט זיך נענטער באַקענען מיט די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער אמעריקאנער פּאָליטיק. און עס איז מיר כמעט קיינמאָל נישט געראָטן. זיי זענען געווען פאַרשלאָסן. א וואַנט, א פּאַרטיי, אַ גרופּע, — די אינדיווידואַליטעט איז געווען פאַרשטעלט און פאַר־

דעקט. און גרויס אדער קליין, אָריגינעל אָדער באַנאַל, פּראָגרעסיוו אָדער רעאַקציאָנער — אַלע זעען זיי אויס גלייך, רעדן מער אָדער ווייניקער דאָס אייגענע — און שטענדיק דאָס אייגענע.

עס מוז שוין פּאַסירן עפּעס אויסערגעוויינלעכס, כּדי מען זאָל דערגיין דעם תּוך פון אַ פּאָליטיקער, ווי, למשל, אין דעם פאַל — בראַנדעגי.

האָט געלעבט אַ סענאַטאָר, איינער פון פילע. אַ זייל פון רעאַקציע — מער האָט מען פון אים נישט געוווּסט. און ערשט ווען, ער האָט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד — האָט מען זיך דערוווּסט, וואָס פאַר אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט דאָס איז געווען. אַן עסטעטיקער, אַ פאַרחלומטע, אַ רייכע, אָריגינעלע נאַטור. ער האָט נאָר נישט געהאַט קיין שאַנס זי אַרויסצוברענגען.

איך האָב זיך דערפאַר ממש דערפרייט, ווען איך האָב — מיט צוויי יאָר צוריק — באַקומען גאַנץ אומגעריכט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען נענטער — אין אַן אייגנאַרטיקער אַטמאָספערע — מיט אַ סענאַטאָר, וואָס האָט מיך תּמיד זייער שטאַרק אינטערעסירט, מיט דעם סענאַטאָר פון נאָרט דאַקאָטאַ, עדווין. פ. לעד.

עס איז געווען אינמיטן ים — אויף דער שיף „פּרעזידענט האַרדינג" — אויפן וועג קיין אייראָפּע. אין דער פּאַסאַזשירן־ליסטע האָב איך באַמערקט צוויי זייער באַקאַנטע נעמען פון אַמעריקאַנער סענאַטאָרן. עס איז געווען די „קאָמיסיע", וואָס איז אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד, כּדי דאָרט צו שטודירן די לאַגע און באַריכטן וועגן אים צום סטייט דעפּאַרטאַמענט.

איינער פון די סענאַטאָרן — אַ דעמאָקראַט, אַ ווילסאָן־דעמאָקראַט אַ שלאַנקער, שיינער מאַן, תּמיד „סענאַטאָריש", אויף אַ מינוט נישט פאַרגעסנדיק זיין ווירדע און זיין שטעלונג. אַן אַדוואָקאַט, אַ רייכער שאָף־באַזיצער, מיט אַ נייגונג צו חקירה, צו מיסטיק און דער עיקר, צו ווערטער. דער צווייטער — אַ קלייניקער, גראָ,ינקער, עלטערער מאַן, אין אַן אַלטן, גרויען, אָדער בלוילעך־גרויען, ביליקן אָנצוג. עס איז געווען זייער גרינג זיך צו באַקענען מיט דעם דעמאָקראַטישן סענאַטאָר. ער האָט זיך געלאַנגווייליקט, ער האָט געזוכט געזעלשאַפט, ער האָט געוואָלט רעדן און זיך לאָזן הערן. און מיר האָבן באַלד געפונען אַ גאַנצע רייע פון געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן. רעליגיע — די פילאָזאָפיע פון העגעל —

די פּאָעזיע פון פּירדוזי, דעם פּערסישן דיכטער, — וואָס האָבן מיר נישט איבערגערעדט אין די אכט טעג אויפן ים.

אָבער דער צווייטער סענאטאָר — דער גראָבינקער מאַן אין דעם בלוי־גרויען אָנצוג — דער סענאטאָר פון נאָרט דאַקאָטאַ, לעד — איז געווען שווער צוגענגלעך. העפלעך, אָבער פאַרשלאָסן. אַ שמייכל, אַ קורצער ענטפער — און ווייטער געגאַנגען אויפן דעק פון דער שיף, אָדער געזעסן אַזוי בודאַ־מעסיק, רויק, און געקוקט מיטזיינע קליינע אויגן אויף די כוואַליעס פון ים. און ווייל ער איז געווען אַזוי פאַרשלאָסן, אומצוגענגלעך — האָט ער נאָכמער געדרייצט מיין נייגיר. איך האָב פאַר מיר געזען איינעם פון די פירער פון דעם אַמערקאַנישן ראַדי־קאַליזם, דער צייל פון די פּראָגרעסיוון. ראַדיקאַלן האָבן בטבע ליב צו רעדן, ווי אַלע, וואָס זענען אין דער אָפּאָזיציע, וואָס האָבן נישט דערגרייכט. עס איז אין דער נאַטור פון ראַדיקאַליזם צו פירן פּראָ־פּאַגאַנדע תמיד, ווו עס זאָל נישט זיין. און דאָ — אַ ראַדיקאַל, וואָס שווייגט, וואָס זאָגט נישט יאָ, נישט ניין, וואָס מיידט אויס יעדן פּאָליטישן געשפּרעך, ווייכט אויס יעדע טעמע, וואָס האָט צו טאָן מיט דעם „לעבן".

איך האָב שוין כמעט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם ווונטש זיך נענ־טער צו באַקענען מיט אים. נישט — איז נישט. און ווייל ער נישט רעדן — איז מיר אויך ניחא. ווארים סוף כל סוף, וואָס קאָן ער מיר זאָגן, וואָס איך קאָן נישט וויסן פון אַנדערע, פון ביכער, פון צייטונגען, פון דעם „קאָנגרעשאָנאַל רעקאָרד" ?

איך האָב אויפגעהערט רעדן מיט אים פון פּאָליטיק. אונדזערע געשפּרעכן האָבן זיך באַשרענקט אויפן וועטער. און גאַנץ אומגע־ריכט האָב איך געפונען אַ צוגאַנג צו אים. עס איז געווען אַ באַל אויף דער שיף. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צעהוליעט. מען האָט גע־טאַנצט, עס איז געווען פריילעך. מיר האָט זיך נישט געגלוסט אריינ־צוגיין אין דעם באַל־זאַל. דער ליאַרם און די פריילעכקייט פון די פּאַסאַשזירן זענען געווען אַ מין מערקווירדיקער קאָנטראַסט צו דער גרויסאַרטיקער רויקייט פון דעם ים.

און איך בין געזעסן איינער אַליין אויפן דעק. געזעסן און גע־קוקט אויף דעם שוואַרצן ים — און פאַרטראַכט זיך איבער עולמות. ווייט־ווייט פון אַלעמען, וואָס האָט א שייכות צום טאָג, צום היינט און אפילו צום מאָרגן. איך בין געשוומען רויק מיט די שוואַרצע,

ווייס־באַברעמטע כוואַליעס. לעבן מיר האָט אַ סקריפּ געטאָן אַ שטול — עמעצער האָט זיך צוגעזעצט. און איך האָב דערקענט דעם אַלטיטשקן סענאַטאָר פון נאָרט דאַקאָטאַ.

דער ים, די שטילקייט, די גרויסקייט פון דעם בילד האָבן אונדז צוזאַמענגעפירט. און מיר האָבן זיך צוזאַמענגערעדט וועגן ים, איבער דער נאַטור, אירע סודות, און דעם מענטשלעכן שטרעבן צו דערגרייכן דעם אָפּגרונט. דער סענאַטאָר האָט זיך צערעדט. דער וויסנשאַפטלעכער אָדער האָט זיך דערוועקט אין אים — און מיר זענען באַלד געווען פאַרטיפט אין אַ שמועס וועגן דער טעאָריע פון „יאָנען", וועגן דער קוואַנטן־טעאָריע פון פּלאַנק, וועגן איינשטיינס רעלאַטיוויטעט א. אז. וו.

דער סענאַטאָר איז פאַרגעסן געוואָרן — דער פּראָפעסאָר פון כעמיע, דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. ווייל סענאַטאָר לעד איז געווען בלויז אַ קורצע צייט אַן אַקטיווער פּאָליטיקער. פון די זעקס און זעכציק יאָר פון זיין לעבן איז ער געווען בלויז די לעצטע זעקס יאָר אַ סענאַטאָר. געוואָרן גלייך סענאַטאָר, אָן די געוויינלעכע פּאָליטישע דורכגאַנגס־עטאַפּן. ביז צו זיין זעכציקסטן יאָר איז ער געווען בלויז אַ פּראָפעסאָר, אַ געלערנטער מיט אַ סאָציאַלן דראַנג. די כעמיע האָט אים געפירט צו דער אונטערזוכונג פון שפּייז. איין פּראָבלעם האָט געפירט צום אַנדערן. די פּאַרטיקע שפּייז — צו דער רויער, צו דעם קוואַל, צו דער ערד. און פּראָפעסאָר לעד איז געוואָרן אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון זיין געגנט, אין די פּראָבלעמען פון אַקערבוי. דער כעמיקער איז געגאַנגען צו די עלעמענטן, און די עלעמענטן פון נאָרט דאַקאָטאַ זענען — די פאַרמערס.

דער וויסנשאַפטלעכער געשפּרעך האָט אונדז געבראַכט נענטער. דער סענאַטאָר האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם וואַשינגטאָנער אָפיציעלן מאַנטל פון שווייגן און מיסטרוי צו „אינטערוויוערס". און אין די לעצטע טעג פון אונדזער געמיינשאַפטלעכער רייזע זענען מיר געזעסן די גאַנצע צייט אויפן דעק און — גערעדט, גערעדט איבער אַמעריקע.

„פאַרוואָס האָט איר פריער נישט געהאַלט רעדז פון פּאָליטיק ?"
— האָב איך געפרעגט דעם סענאַטאָר.

„ווייל איך רעד קיינמאָל נישט איבער פּאָליטיק, ווייל איך גלויב נישט אין פּאָליטיק".

„איר, אַ מיטגליד פון דער פּאָליטישסטער קערפּערשאַפט, וואָס איז פאַראַן, גלויבט נישט אין פּאָליטיק?"

„דאָס איז דער פעלער פון דעם סענאַט, וואָס ער איז פּאָלי־טיש. מען רעדט דאָרט צופיל, מען טראַכט צו ווייניק. מען דיסקו־טירט דאָרט אַלצדינג — אַ חוץ די רעאַליטעט".

און דער פּראָפעסאָר־סענאַטאָר האָט מיר אנגעהייבן אויף זיין אופן — מעטאָדיש, כמעט פּעדאנטיש, צו דערקלערן זיין שטעלונג צו דער פּאָליטיק פון דעם לאַנד, די שטעלונג פון אַ נאַטורפאָרשער, וואָס האָט צו טאָן מיט פאַקטן און נישט מיט ווערטער. פּאָליטיק איז פאַר אים געווען — עקאָנאָמיע, נישט מער, נישט ווייניקער. ווי אַזוי די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פון דעם לאַנד איז, אַזוי איז איר פּאָליטישער אינהאַלט. מאַרקסיזם? ניין — נישט מאַרקסיזם. מאַרקס איז אויך נישט געווען קיין נאַטורפאָרשער. ער האָט אויך געבויט סיסטעמען, געשאַפן אַלגעמיינע פאָרמולן, „געזעצן". אָבער די נאַ־טורוויסנשאפט — און הויפּטזעכלעך די כעמיע, האָט אַן אנדער מע־טאָדע: דעם עקספּערימענט. געוויס, מען מוז האָבן אַ מעטאָדע, אַ ציל, מען דאַרף וויסן, וואָס מען זוכט, צוליב וואָס מען עקספּערי־מענטירט, אָבער ווייסט מען עס, מוז מען זיך ווייטער אונטערגעבן דער נאַטור, איר נאָכפאָלגן שריט נאָך שריט.

אַזוי אויך אין דער פּאָליטיק. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אַלע פּאָליטישע פּראָגראַמען? עס זענען דאָך בלויז ווערטער. דער עיקר איז: די באַציונג צווישן דעם פּראָדוצירנדיקן און דעם פאַרברויכנ־דיקן עלעמענט. די הויפּטזאַך איז — די רעגולירונג פון דידאָזיקע באַציונגען. אין אַמעריקע איז די לאַנדפראגע נישט אַזוי אַוועקגע־שטעלט ווי אין אייראָפּע. עס איז נישט דער לאַנדמאַנגל, אויך נישט די טעכניק. דער פאַרמער האָט גענוג ערד — באַארבעט זי אויך זייער גוט. די פראַגע איז דאָ — וואָס צו טאָן מיט די רע־זולטאַטן פון דער אַרבעט, ווי אַזוי צו מאַכן דעם פאַרמער אומאָפּ־העגניק פון דעם קאַפּיטאַל, פון דעם שפּעקולאַנט אין אַלע זיינע פאָרמען, און פריער פון אַלץ — פון די באַן־מאַגנאַטן.

עס איז דער פּראָגראַם פון דער „נאָן־פּאַרטיזאַן ליג", דער פּראָגראַם פון דער נאָרט־וועסט. אין אייראָפּע וואָלט עס געהייסן

— אגראַר־סאָציאַליזם, אין רוסלאַנד — „טרודאָוויק”, אָדער רעכטער עס־ער, אומגעפער. אין אייראָפּע וואָלט מען צוגעשפּיליעט דערצו אַ נאָמען און אַ טעאָריע. אָבער סענאַטאָר לעד איז געווען אַ מענטש פון ניכטערע פאַקטן. דער נאָמען האָט אים נישט געאַרט. רעפּוב־ליקאַנער ? לאָז זיין רעפּובליקאַנער. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט — און אַלע האָבן עס געוווּסט — אַז ער האָט אזא שייכות צו דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, ווי צו דעם דאַלאַי־לאַמאַ פון טיבעט. אָבער עס האָט אים נישט געאַרט. וואָס איז אין אַ נאָמען ? דער נאַטורפאָרשער האָט געזוכט פּראַקטישע רעזולטאַטן, נישט קיין פּאָלי־טישע פּראַזן.

ער האָט געהאַט אַ פּראָגראַם, געוויס „קאָאָפּעראַציע” — אַ קייט פון קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זאָל צונויפבינדן דעם פאַרמער מיט דער שטאָט — די ערד מיט דעם מענטשן. קאָאָפּעראַטיוון אין דער אינ־דוסטריע, וואָס זאָל באַפרייען דעם מענטשן פון דעם גרויסקאַפּיטאַל. אַ פּראָגראַם, וואָס איז געווען באמת זייער־זייער ראַדיקאַל. אָבער — שריט ביי שריט, רינג נאָך רינג. אַמעריקע איז דערוויל נאָך אין דער לאַבאָראַטאָריע, מען מוז נאָך עקספּערימענטירן, און — עקספּערימענט פאַרלאַנגט פריער פון אַלצדינג פאָרזיכט.

און דאָס איז געווען אויך דער צוועק פון זיין רוסישער רייזע. ער האָט געוואָלט זען ווי אזוי אַרבעט עס אין דער גרעסטער לאַבאָ־ראַטאָריע פאַר סאָציאַלע עקספּערימענטן. „איך האָב נישט קיין שום מיינונג וועגן רוסלאַנד”, האָט מיר דער סענאַטאָר געזאָגט. „יעדעס לאַנד האָט זיינע מעטאָדן, לויט זיין מאַטעריאַל. איך האָב בלויז אַ געפיל, אַז זיי וויסן דאָרט, ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט זייער מאַ־טעריאַל”.

איך האָב נישט געזען מער דעם סענאַטאָר נאָכדעם, ווי ער איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד. אָבער, ווי איך האָב געלייענט, איז ער צוריקגעקומען — ווי ער איז אַוועקגעפאָרן — אָן ענטוזיאַזם און אָן כעס. אַ לאַבאָראַטאָריע — אָבער מען דאַרף זיך נישט איילן אָנצו־נעמען אירע רעזולטאַטן. מען מוז וואַרטן. דער פּראָצעס איז נישט פאַרענדיקט.

* * *

סענאַטאָר לעד איז געשטאָרבן א פּאָר טעג נאָך דעם טויט פון לאַפאָלעט און די פּאָליטישע טרעפער פון אמעריקע ברעכן זיך שוין די קעפּ וועגן דער ווירקונג אויף דעם סענאַט. עס זענען געפאלן צוויי הויפּטזיילן, דער יכין און דער בועז פון דעם סענאַט־ראדיקאַ־ליזם, פון דער פּראָגרעסיווער פּארטיי. און עס קאָן זיין, אַז אין א געוויסער מאָס זענען זיי געראָכטן. ביי אַזא שוואַכער אָפּאָזיציע, ווי זי איז איצט אין וואַשינגטאָן, ווערן שטימען געציילט און געוויגן. פון צוויי שטימען קאָן אָפּהענגען דער פּאָליטישער גורל פון דער רעפּובליקאַנער אַדמיניסטראַציע.

אָבער בלויז אויף אַ ווייל. די פּאָליטישע מאַטעמאטיק איז די אומזיכערסטע וויסנשאַפט. זי נארט אָפּ, זי גיט פאלשע רעזולטאַטן. נישט פּאָליטיק, נישט דער ווילן און דער טאַלאַנט פון דעם פירער אָדער אַן אַנדערן באַשטימט דאָס לעבן פון אַ לאַנד — נאָר די פּאָ־ליטישע, די סאָציאַלע כעמיע. און שטאַרבט אַ כעמיקער — די לאַבאָראַטאָריע בלייבט. דער פּראָצעס גייט אָן — אזוי, אָדער אַזוי. און די פּראָבלעמען, וואָס לאַפּאָלעט און לעד האָבן אַוועקגעשטעלט — אָדער ריכטיקער, וואָס וואָבן אויסגעאַרבעט לאַפּאָלעטן און לעדן — זענען נאָך נישט געלייזט. זיי זענען איצט נאָך אפשר שארפער, ווי פריער. די פּאָליטיקער ווילן עס בלויז נישט זען.

# הערבערט אַסקוויט.

מען רעדט אין ענגלאַנד פון „וויקטאָריאַנער״. עס איז אַ טערמין, עס איז אַ באַגריף, עס איז אַ גאַנצע קולטור-עפּאָכע פאַרקערפּערט אין איין וואָרט.

וויקטאָריאַ, די אַלטע קעניגין, די פריינטין פון לאָרד ביקאָנספילד און די מאַרטירערין פון גלאַדסטאָנס שווערן ערנסט, האָט ווייניק צו טאָן מיט דעם „וויקטאָריאַניזם״. זי האָט צו אים גאָרנישט צוגעגעבן, זי האָט אים זיכער נישט געשאַפן.

מען זאָגט „וויקטאָריענס״, ווי מען זאָגט אין דייטשלאַנד „בידער-מאַיעריי״—די צייט פון דעם אנשטענדיקן, גוט-בירגערלעכן, מער אָדער ווייניקער גוטמוטיקן מענטשן פון די פופציקער יאָרן אין דעם ניינצעטן יאָרהונדערט.

אַ הויכער אומבאַקוועמער קאָלנער, אַ שווערער קראַוואַט, אַ צילינדער אויפן קאָפּ — און אַ באַקנבאָרד. דערצו — אַ ביסל אידעאַליזם, אַ סך סענטימענטאַליזם, בלויע נאַכט, לבנה-שיין, באַזיפצטע דאַמען — און אָרדענונג. אָרדענונג אין הויז, ווי אין לאַנד. אָרדענונג אין געשעפט.

נישט אַלע, וואָס האָבן געלעבט אין דער „בידערמאַיער-צייט״, זענען געווען בידערמאַיער. מען קאָן זיין אַ שטורמישער, אַן אומצופרידענער, אַן איבערקערער און ווערטן-בייטער אפילו מיט אַ באַקנבאָרד און הויכן צילענדער, פּונקט ווי מען קאָן זיין אַ קאָנסערוואַטיווער, זייער און זייער אַרטעריאָסקלעראָטישער מענטש אין אַ רויט העמדל.

און נישט אַלע „וויקטאָריאַנער״ זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זייער צייט. ביקאָנספילד איז נישט געווען קיין וויקטאָריאַנער.

ער וואָלט געווען, מעגלעך מיט הונדערטער יאָרן פריער, אַ קאַנצלער, ווי לאָרד בעקאָן, דער קלוגער, געלערנטער, פּילזייטיקער און אַזוי עלאַסטישער. ער וואָלט זיך געווען אַריינגעפּאַסט אין דעם הויף פון האַרון-אַל-ראַשיד אָדער אַן אַנדער אַראַבישן קאַליף — און ער וואָלט אויך געווען אויף זיין אָרט — אין דעם ראַט פון די פאָלקסקאָמיסאַרן. פון אומעטום און פון קיין שום לאַנד נישט — פון אַלע צייטן און צו קיינער נישט צוגעשמידט.

גלאַדסטאָן — אַפילו אַט דער טיפּישסטער פון אַלע ענגלענדער — אין אויך נישט געווען אינגאַנצן „וויקטאָריאַניש". גלאַדסטאָן איז אייגנ-טלעך געווען מער גלח, ווי שטאַטסמאַן. זיינע מאָטיוון זענען געווען מער רעליגיעז-עטישע, ווי ריין פּאָליטישע. און זיין ליבעראַליזם איז אויך געווען אַ זייער צווייפלהאַפטער. ער איז געקומען צום ליבעראַליזם — פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי. און דאָס, וואָס דער מענטש איז אין זיין יוגנט — איז ער אויס אינערן צוואַנג. שפּעטער קאָן מען ווערן וואָס מען וויל — אין דער יוגנט ווערט מען וואָס מען מוז.

און „וויקטאָריאַניזם" הייסט אייגנטלעך — אין זיין ברייטסטער סאָציאַל-קולטורעלער פאָרם: ליבעראַליזם.

ליבעראַליזם אין אַלץ — אין וויסנשאַפט, ווי אין ליטעראַטור, אין ווירטשאַפט, ווי אין פּאָליטיק.

עס איז געווען די צייט, ווען די אַלטע, האַלב-טעאָלאָגישע, פּאַטיש-פאַרפאַרבטע ענגלישע קולטור האָט זיך געביטן. דאָס, וואָס אויף דעם קאָנטינענט, ד. ה. אין פראַנקרייך, איז שוין געווען פון לאַנג אַן אָפּגעשלאָסענער פּראָצעס — די פולשטענדיקע פאַרוועלטלעכונג פון דער קולטור, דאָס צעשניידן פון די פעדעם, וואָס האָבן צונויפגעבונדן דעם אַלטן און דעם נייעם גלויבן — אין ענגלאַנד האָט עס זיך ערשט אָנ-געהייבן. דאַרווין, האָקסלי, ספּענסער, די נאַטורוויסנשאַפטלער האָבן אַרויפגעלייגט זייער חותם אויף דער צייט, און באַלד האָט זיך אויף אַלע געביטן אָנגעהייבן ווייזן די השפּעה. דער געדאַנק פון „אַנטוויקלונג" און — אין דער אָפּטימיסטישער אויסטייטשונג — פון „פּאָרטשריט" און צופּאַסונג, פון איבערגאַנג צו אַלץ העכערע פאָרמען, אָט די דאַר-ווינסטישע אידעע איז געוואָרן דער יסוד פאַר אַ נייער פּאָליטישער אָריענטאַציע, פאַר דעם — ליבעראַליזם.

געוויס — דער באַגריף איז שוין געווען פריער, אָדער ריכטיקער, דאָס וואָרט. דזשאָן לאָק האָט אים פילאָזאָפיש באַגרינדעט, די דענקער

פון דעם אַכצעטן יאָרהונדערט האָבן פּאַר אים געקעמפּט. אָבער עס האָט זיי אַלע געפעלט דער פעסטער גרונט. זיי האָבן אַלע געקאָנט און געמוזט פאַרענטפערן די „פרייהייט" מיט לאָגישע, מיט עטישע מאָטיוון. אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט ווייזן, אַז די פרייע אַנ־טוויקלונג פון דער געזעלשאַפט איז פונקט אַזוי נאַטירלעך, ווי דער איבערגאַנג פון ווינטער צו זומער, אָדער פון יוגנט צו עלטער.

דער דאַרוויניזם האָט אריינגעטראָגן דעם נאַטורוויסנשאַפטלעכן געדאַנק אין דער פּאָליטיק — און דער ליבעראַליזם האָט באַקומען זיין פאַרענטפערונג און פאַרגרונטונג.

דער אַלטער „וויג" — דער שטימונגס־ליבעראַל, דער ליבעראַל פון צולהכעיסדיקייט, איז אַראָפּ פון דער בינע. זיין אָרט האָט פאַר־נומען דער מאָדערנער, פּרינציפּיעלער, אַזוי צו זאָגן, זעלבסטפאַרשטענד־לעכער ליבעראַל.

אויך אַ קולטור־טיפּ, וואָס הייבט אָן צו ביסלעכווייז אויסצו־שטאַרבן. אַפילו אין ענגלאַנד, דעם קלאַסישן לאַנד פון ליבעראַליזם. זיי ווערן אַלץ ווייניקער, אַלץ זעלטענער. און שטאַרבט איינער פון זיי, פון די „וויקטאָריאַנער", פון די „ליבעראַלן" — בלייבט נאָך אים אַ ליידיק אָרט.

בפרט ווען עס גייט אַוועק איינער, וואָס איז געווען נישט בלויז אַ ליבעראַל, איינער פון די פילע, נאָר דער פירער, דער פאַר־קערפּערער, דער סימבאָל פון דער אייגנאַרטיקער דערשיינונג, וואָס האָט געהייסן ליבעראַליזם.

בפרט ווען עס גייט אַוועק אַזאַ היסטאָרישע פיגור, ווי הערבערט אַסקוויט, אָדער ווי ער האָט אין די לעצטע פּאָר יאָר פון זיין לעבן געהייסן: לאָרד אַסקוויט און אָקספאָרד.

מאַרגאָ אַסקוויט—ליידי אַסקוויט—האָט אין אירע מערקווירדיקע, קאָקעטיש־נאַרישע מעמואַרן פאַראייביקט אַן אַלטע קאַריקאַטור, איך ווייס נישט, צי דאָס איז איר אייגענע צייכענונג אָדער גענומען פון אַ וויצבלאַט: דזשאָזעף טשעמבערלען און זיין שאָטן — אַסקוויט. טשעמבערלען אויף אַ פערד, רייסט זיך ערגעץ, וואַנדערט, האַלט אין גיין אָדער לויפן—און נאָך אים אַ שאָטן: אַסקוויטס שאַרפער, קלאַסי־שער פּראָפיל, מער רוימיש, ווי ענגליש, קלאָר און ריין און סקולפּטו־ראַל. אַ בילד, וואָס דערציילט אין ווייניקע שטריכן די געשיכטע פון ניי־ענגלאַנד, די געשיכטע פון אַסקוויט.

דזשאָזעף טשעמבערלען, דער מאַן פון דעם ענגלישן מיטל־קלאַס, פון דער רעאַלער, פּראַקטישער, ענגלישער געשעפטסוועלט, האָט אַריינגעבראַכט אין דער ענגלישער פּאָליטיק אַ נייעם טאָן. דער ענגלישער האַנדל האָט דערפילט, אַז זיין צייט איז געקומען, די צייט פון שניט. די אַלטע אַריסטאָקראַטישע אָרדענונג איז צוזאַמענגעבראָכן. דער מיטלקלאַס האָט באַקומען די מאַכט.

און דער מיטלקלאַס אין ענגלאַנד האָט געוואָלט: אימפּעריאַליזם. נישט דעם ראָמאַנטישן אימפּעריאַליזם פון ביקאָנספילד, נאָר דעם פּראַקטישן, טאַריף־און צאָל־באַפעסטיקטן פון דעם סוחר.

דער מיטלקלאַס האָט געהאַט אַ פאָדערונג און אַ פּראָגראַם — אָבער נאָך נישט קיין אידעען־סיסטעם. ער האָט נישט געקאָנט באַגרינדן זיין אימפּעריאַליזם און נישט געקאָנט אים ברענגען צו אַן אויסגלייך מיט דער איינגעוואָרצלטער טראַדיציע פון „אידעאַליזם״ אין דער פּאָליטיק, אָט דעם אידעאַליזם, וואָס גלאַדסטאָן און לאָרד מאָרלי האָבן געמיינט צו פאַרטרעטן.

דער מיטלקלאַס האָט זיך געשפּאָלטן: פּאָליטיק באַזונדער, אידעאָלאָגיע פאַר זיך. אַ גוף און אַ שאָטן.

דער גוף איז געווען טשעמבערלען, דער שאָטן — אַסקוויט.

אַן אינטעליגענט, נישט קיין אינטעלעקטועלער, אַ קולטור־מענטש, אָבער אָן טיפע פאָדערונגען צו דער קולטור. אַ שאַרפער קאָפּ, אַ קלאָרער דענקער, אָבער אָן ברייטע האָריזאָנטן. אַן אַדוואָקאַט מיט אַ וווּנדערבאַרער לאָגיק, און דער עיקר—אַ גרונט־ערלעכער מענטש, איז אַסקוויט געווען ווי באַשאַפן צו ווערן, אַזוי צו זאָגן, דער געוויסן פון דעם ענגלישן מיטלקלאַס.

און אַ געוויסן איז נישט טיף. זיין פונקציע איז — געטריי זיין. געטריי צו זיך אַליין, צו דעם, אין וואָס ער גלויבט.

דער ענגלישער מיטלקלאַס האָט געגלויבט אין פרייהייט, אין אָרדענונג, אין פּאַרלאַמענטאַריזם, אין די טראַדיציעס פון דעם „האָוז אָוו קאָמאָנס״, אין אַדאַם סמיטס פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אין פריי־האַנדל, אין לאַנגזאַמער פאַרבעסערונג פון אַלע סאָציאַלע צושטאַנדן א. אַז. וו.

און דאָס איז „ליבעראַליזם״, נישט דעמאָקראַטיע. דאָס איז אַ גרונט־פאַרשיידענער באַגריף. דעמאָקראַטיע איז ברייטער, איז רייכער אין פאַרבן, אין מעגלעכקייטן. ליבעראַליזם איז איינע פון די פּאַר־

מען פון דעמאָקראַטיע, אפשר איינע פון די צוגרייטונגספאָרמען. און ער האָט זיך צוגעפּאַסט, אַזוי ווייט ווי די געשיכטלעכע דערפאַרונג האָט געוויזן, בלויז צו דעם ענגלישן באָדן, און דאָס אויך אויף אַ געווייסער צייט.

צווישן מאַלפּע און מענטש — דעם „פּיטעקאַנטראָפּוס" און דעם „האָמאָ" — איז אין דער אַנטוויקלונגס-געשיכטע פאַראַן דער „מיסינג לינק" — אַן איבערגאַנגס-באַשעפעניש. נישט מער מאַלפּע. נאָר נישט מענטש. קיינער האָט אים נישט געזען, אָבער—ער האָט געמוזט זיין. און — אויב ער איז בכלל געווען — האָט ער זיך לאַנג נישט געקאָנט האַלטן.

אַזוי אין דער נאַטורגעשיכטע, ווי אין דער מענטשן-געשיכטע. איבערגאַנגספאָרמען זענען נישט „מאריך ימים".

און אַזאַ „מיסינג לינק" איז געווען דער ליבעראַליזם. פון איין אַלטער, פאַרפּעסטיקטער, פאַרוואָרצלטער אָרדענונג צו אַ צווייטער, וואָס דאַרף ערשט קומען, וואָס האַלט זיך אין פורעמען.

עס קאָן זיין, דער מענטשלעכער „מיסינג לינק" איז אויך געווען אַ זייער אינטערעסאַנטע באַשעפעניש. די פּאָליטישע איז זיכער דאָס פיינסטע און ראַפינירטסטע, וואָס די קולטור האָט ביז אַהער אַרויסגעבראַכט. זי האָט נישט דערגרייכט — און דאָס איז איר טראַ-גיק. זי האָט זייער פיל געוואָלט — און דאָס איז איר שיינקייט.

געוואָלט, — מען דאַרף זיך אַריינקוקן אין דער געשיכטע פון ענגלאַנד, ווען אַסקוויט האָט זי געפירט, אין די יאָרן, ווען ער איז געווען פירער פון דער ליבעראַלער פאַרטיי, און אינאיינעם מיט סער קעמפּבעל-בענערמאַן, דעם גוטמוטיקן, קאַוואַלירמעסיקן „סי בי", ווי מען האָט אים גערופן אין ענגלאַנד — און דערנאָך (פון 1908 אַלס פּרעמיער פון ענגלאַנד, — מען דאַרף זיך אַריינלעבן אין דער געשיכטע פון די יאָרן, וואָס ווייזן זיך אונדז אויס אַזוי ווייט, — ווייל צווישן אונדז און זיי ליגט די מלחמה. עס איז כדאי, ווייל מען קאָן דאָרט זען דאָס, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן: דעם ריינעם ליבעראַליזם ביי דער אַרבעט.

אַסקוויט און זיינע חברים, דער עיקר לאָיד דזשאָרדזש — פירן דורך טריט נאָך טריט די „פאַרבירגערלעכונג" פון ענגלאַנד. זייער איינציקע, זייער גרעסטע אַרבעט איז: די רעפאָרם פון דעם „האַוז אָוו לאָרדס". אַ דראַמאַטישע געשיכטע. אַן איבערברוך אין דער

ענגלישער פּסיכאָלאָגיע. דער „לאָרד" ווערט מיטאָמאָל אַ פינפטער ראָד צום וואָגן. ער פאַרלירט זיין פּאָליטישן פּרעסטיזש, פּונקט ווי ער האָט שוין פאַרלוירן זיין עקאָנאָמישע הערשאַפט.

אַסקוויט האָט פאַרענדיקט דעם געשיכטלעכן פּראָצעס. ער האָט אָנגעהייבן אַ נייעם: די סאָציאַלע באַפרייונג פון די אַרבעטערמאַסן. די אַרבעטער־געזעצגעבונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אונטער זיין פּרעמיערשאַפט — איז דער אָנהייב פון אַ נייער אַנטוויקלונג. דער בריטישער אַרבעטער טרעט אַריין אין דער געשיכטע. דער בריטישער מיטלקלאַס קומט אים — אַזוי ווייט ווי ער קאָן — אַנטקעגן.

ער קאָן בלויז נישט צו ווייט גיין. דערצו איז ער אַ ביסל צו שווער.

און מערקווירדיק: אַסקוויט הייבט אָן זיין פּאָליטישע קאַריערע אַלס דער שאָטן, וואָס גייט נאָך טשעמבערלענען, דער קעמפער אַקעגן אימפּעריאַליזם און „דזשינגאָאיזם" און מלחמה, — און גראָד אים איז עס באַשערט אָנצוהייבן אָדער סאַנקציאָנירן, די גרעסטע מלחמה וואָס אייראָפּע האָט געזען, די וועלט־מלחמה.

אַ פעלער פון פּאָליטישער פּאָראויסזיכט? מעגלעך. זיכער. אַסקוויט איז געווען צופיל אַדוואָקאַט, צופיל לאָגיקער, כדי צו האָבן אַ וועלט־פּאָליטישן חוש. „וואַרט, איר וועט זען", — דאָס איז געווען זיין לאָזונג, זיין פילוסוף־וואָרט. וואַרט — ביז עס וועט קלאָר ווערן, ווייל דער ליבעראַל איז אַן אָפּטימיסט און גלויבט, אַז דאָס „גוטע" מוז זיגן, גלויבט אין דעם מענטשן. און אַסקוויט האָט באמת נישט געגלויבט, אַז די מלחמה וועט זיין מעגלעך.

ער האָט זיך אָפּגענאַרט. די מלחמה איז געקומען. און מיט איר איז אַראָפּ פון דער וועלטבינע דער ליבעראַליזם. אַ ווייסע בלום — דער ערשטער ווינט האָט זי אַראָפּגעריסן — און צעפליקט.

און דער ליבעראַליזם ענדיקט זיך אין אַ נייעם אימפּעריאַליזם. און לאָיד דזשאָרדזשס דעמאָקראַטיע—אין אַ דעמאָקראַטיע, וואָס איז בלויז אַן אומגעדולדיקער קלאַפּ אין די טויערן פון דער געשיכטע.

און דער שענסטער, פיינסטער פאַרטרעטער און פירער פון דעם בריטישן בירגערטום ענדיקט זיין לעבן אַלס — אַ לאָרד.

אמת, אַ לאָרד פון אָקספאָרד, דעם סימבאָל פון מענטשן־ווערטן און ברייטער, קלאַסישער קולטור.

און נישט אומזיסט האָט זיך דער דריי און זיבעציק יעריקער שטאַטסמאַן אויסגעקליבן דעם לעצטן „פסעוודאָנים”, דעם נאָמען, וואָס שטייט איצט אויף זיין מצבה.

אַסקוויט איז אָקספאָרד — וואָס האָט געמאַכט געשיכטע. דער קלאַסישער גייסט, די קלאַסישע קולטור, אַטען און רוים, און מער רוים, ווי גריכנלאַנד, אַריינגעטראָגן אין דער פּאָליטיק פון ענגלאַנד, פון איידאָפּע סוף ניינצעטן יאָרהונדערט. און רוים מיינט: ציצעראָן. מיינט—די שיינע, מעלאָדישע פּראָזע, די ברייטע פּרינציפּן, אָבער אויך דער יסודישער ווידערשפּרוך צווישן וואָרט און טאַט, צווישן געדאַנק און אויספירונג.

און ווי ציצעראָן — אַ רעדנער, אַ שטאַטסמאַן, אָבער נישט — אין דעם לעצטן אַנאַליז — אַ גרויסע פּערזענלעכקייט, אַן אינדיווידו-אַליטעט, וואָס קאָן שטיין אויך מחוץ — זיין צייט.

אָקספאָרד — דער אָנהייב, אָקספאָרד—די פאַרענדיקונג. די וויג און די גרענעץ פון דעם לעצטן, און אפשר גרעסטן, בריטישן ליבעראַל.